# טריפּטיך

צווייטעס זאמעלבוך



פערלאג „אמעריקא",
1913



# I

קום, קום, גזועגען זיך ס'יז העכסטע צייט.
שוין שטעהט די שיף ביים ברעג.
אדיע, מיין קינד. ווי שוועהר עס זאָל ניט זיין —
איך מוז, איך מוז אוועק.

דריי טעג האָב איך געהאָפט צו זיין מיט דיר
אליין, איין אויגען־בליק.
נו האָבען דיינע חבר'טעס גערויבט
ביי מיר, דאָס גאנצע גליק.

ביים באָדען־זיך, ביים שפּיעלען־באָל, ביים טאנץ,
אין אבענד ביים שפּאציער,
ביז אין דער נאכט אריין — מען טהוט זיך ניט
א ריהר, אָהן מיר און דיר.

ווי לאָזט מען דאָס א ליעבעס־פּאָאר ניט אָפּ
אַן אויגענבליק צומאָל ?
עס פּלאצט דאָך ביי א מענשען שיעור דאָס הארץ —
א הארץ איז ניט פון שטאָהל !

דו לאַכסט? נו יאָ, איך ווייס עס דאָך שוין לאַנג
אז דו ביזט פאַלש צו מיר.
דו בייזע מיידעל, דו. איך האָב דיך פיינט,
איך רעד ניט מעהר צו דיר!....

II

נו ביזטו ברוגז גאָר, דו נאַרעלע.
קום, קום. איך האָב דיך ליעב.
צי קען איך אַנדערש דען, דו גוטע, דו?..
פערגיב מיר איצט, פערגיב.

לעג, לעג דיין קעפּעל אויף מיין הארץ, אזוי...
די אויגעלאַך מאַך־צו,
און זיי מיר איצט אַ קינד... איך וויעג דיך איין...
איך זינג דיר איי־ליו־ליו...

יאָ, איי־ליו־ליו מיין קינד. דער טאַטע איז
אוועקגעפאָהרען ווייט.
וועט ברענגען דיר אַ גאָלדען ציגעלע,
אַ מענטעלע פון זייד — — — —

נו שלאָגסטו מיך — און פיהלסט עס ניט, ווי טיעף
עס איז אצינד מיין פּיין...
איך זינג און טראַכט: אַט באַלד, און דו קומסט אויף
צוריק אין שטאָדט אריין

און ווידער וואוינסטו דאָרט דאָס גאַנצע יאָהר
און שוויינסט און קלאָגסט זיך ניט.
כאָטש דאָרטען זינגט מען דיר אַן אנדער ליעד,
יאָ, גאָר אַן אַנדער ליעד...

## III

דאָס טרייב־ראָד אין די וואַלען רוישט. די שיף געהט אָפּ.
איך קוק די מענשען אָן וואָס שטעהען נאָהנט ביים ברעג,
און פרעמד נעמט אויף מיין הארץ דעם לעצטען גרוס פון זיי.
און רגע־ווייז פיהרט ווייטער אונז די שיף אוועק,

און קלענער ווערט דער ברעג און גרויער מעהר און מעהר
און רוישיג ציהט זיך נאָך דער שיף א ווייסער שוים.
ווי שוים צופליעסט אין מיר דאָס גליק פון ליעבע איצט,
ווי שוים צופליעסט אין מיר מיין הארצענס שעהנסטער טרוים.

איך קוק די געגענד אָן וואָס רינגעלט מיך ארום,
עס שפּרייט זיך אויס פאַר מיר א ווייטע פרייע וועלט.
אין מערב־זייט די זון, אין מזרח־זייט א ברעג.
א מיילען־לאַנגער ברעג מיט בארג און וואַלד און פעלד.

און אָפּגעזונדערט שטעהט א ווילא דאָ און דאָרט
און אַלע פענסטער קוקען פריי צום ים ארויס.
און דאָ אין מיטען ים בעוועגט זיך אונזער שיף
און איבער אַלץ שפּרייט פריעדליך זיך דער אבענד אויס,

און אַלץ איז איינגעהילט אין טרוימערישער רוה.
די רוה וועקט אויף אין מיר א טיעף־פערוועהטאָגט ליעד —
מיין לעבענס יוגענד־צייט... איך זעה א גאַס אצינד,
דאָס לעבען דאָרט איז גרוי, איז וואָלקען־גרוי און מיעד.

אויף שטויביג אַלט־וואַרג שיינט אריין די זון אין שטוב.
צום פענסטער קוקט אריין א דאַרער קאַרשען־בוים.
מיין פאָטער געהט ארום א שווייגענדער אין שטוב,
מיין מוטער און מיין שוועסטער׳ל געדענק איך קוים.

און יונגערהייט האָב איך פערלאָזט מיין פאָטער׳ס הויז.
אַליין, אין פרעמדער וועלט ארויסגעגאַנגען ווייט.

און אויף מיין וועג פערלאָרען האָב איך פיעל, זעהר פיעל — — — —
און ווען איך האָב דערגרייכט דער יוגענד'ס שעהנסטע צייט

האָט מיך אַ שיף געבראַכט אין לאַנד אריין, אַהער.
און פיעל איך ראַנגעל זיך, פעראייזאַמט מוז איך זיין.
מיין קאָפּ ווערט לאַנגזאַם גרוי, און עלטער ווערט מיין הארץ.
די שטאָדט שלינגט ברעקלאַך־ווייז מיין יונגעס לעבען איין.

אין שענקלאַך אָרעמע פערלעב איך מיינע נעכט.
אַ שווערע גרויקייט געהט דורך אַלע מיינע טעג.
און פרעמד איז מיר די שטאָדט ווי דאָ די געגענד איצט
און פרעמד ווי אַלע דאָ וואָס זיצען אויפ'ן דעק.

אַ לוסטיג־יונגע מענשען־וועלט אין מיטען ים —
און ווייט ארום אַ געגענד פריי, און שעהן, און רייך —
און גאָר־נישט רעדט צו מיר... מיין לעבענס־גאַנג
איז צו אַן אָרמען וואָגלענדען ציגיינער גלייך...

עס וואָגעלט אַ ציגיינער אין דער וועלט ארום,
קיין רוה געפינט ער ניט. און יאָהר נאָך יאָהר פערשווינדט,
און קיינמאָל איז ניט גאַנץ די טראַנטע אויף זיין לייב
און תמיד קלינגט זיין ליעד ארוים אין נאַכט און ווינד — — — —

## IV

איך זיץ, דעם קאָפּ אויףביידע הענד, ביים שיף־פּאַרענטש, אַליין
איך קוק ארוים צום ים. איך זעה דעם טאָג, די זון פערגעהן.
איך קוק זיך איין און ס'דאַכט זיך מיר: אַ טרוים איז אַלץ. אַ טרוים.
די וואָלען פינקלען רויט. און דאָרטען ווייט אין מערב־זוים
די וואָלקענדלעך — אַ צויבער־שפּיעל פון פאַרבען אַלערליי,
וואָס וועקט אַ טיעפע בענקשאַפט אויף און טהוט דעם הארצען וועה...
איך קעהר זיך אום צום דעק און אַנדערש זעהט די וועלט מיר אויס:
עס זיצען מענשען דאָ ווי קינדער אויף אַ מוטער'ס שויס,
אויף לייווענט־בענקלעך האָט מען דאָ און דאָרט צו טיש געגרייט

און רונד־אַרום זיצט מאַן און ווייב און קינד מיט שטילער פרייד.
אַ קעלנער טראָגט אַרום אַ טאַץ מיט פלאַשען וויין און ביער
פון אָרט צו אָרט. און דאָ אין מיטען דעק אַנטקעגען מיר
אַ רעדעל לוסטיג יונגוואַרג זיצט. דאָס לעבען בליהט און גליהט
אויף זיי׳רע פּנים׳ער. און אַלע זינגען זיי אַ ליעד,
בעגלייט זיי איינער אויף אַ קלינגעדיגען אינסטרומענט.
זיצט רוהיג נעבען זיי אַן אַלטיטשקער פערלעגט די הענד.
ער הערט זיך איין, בעלעבט עס איהם, און אינגער זעהט ער אויס.
און פון זיין ליולקע שלענגעלט זיך אַ גרויער רויך אַרויס,
און מישט זיך מיט דער רויטקייט אויס פון לעצטען אָבענד־שיין.
דער אַלטער הויבט די אויגען אויף און קוקט אין הימ׳ל אַריין.
ער פרעהט זיך שטילערהייט. אַצינד, אין לעבענס לעצטען וועג
לעבט ער נאָך איינמאָל דורך, דאָס גליק פון זיינע יוגענד־טעג.
איך קוק דעם אַלטען אָן. איך הויב ווי ער די אויגען אויף,
איך זעה דעם רויך וואָס שפּאַרט זיך פון דער שיף־מאַשין אַרויף.
איך הער דעם טרייב־ראַד׳ס שוועהרען שטענדיג־גלייכען גאַנג
און דורך מיין האַרצען געהט אַ שוועהר־פערנעבעלטער געדאַנק.
אַ שפּיעל פון טרוים און ווינד איז איצט, מיין אייגען לעבען מיר,
אַ שפּיעל... אַ שיין פון בלענדעניש... און טראַכט איך איצט פון דיר —
אוי, גאָט, מיין גאָט — אָט ערשט האָב איך דיין בלאָנדען קאָפּ בעקראַנצט
מיט בלומען וויים און רויט, און דו — געשטיפט, געלאַכט, געטאַנצט,
און איך האָב זיך געפרעהט. איצט ווײנט ווײנט אין מיר פערגאַנגען גליק.
פערגאַנגען גליק פון ליעבע, ווײנט און בענקט צום טרוים צוריק.
און ווידער געהט אַ טאָג אַוועק. וואוהין? די וועלט איז שטום,
און בלינד דער מענש. דער טאָג וואָס קומט אין טויזענד יאָהר אַרום
וועט אויך פערגעהן ווי דאָ אַצינד, אין זעלבען פאַרבען־שפּיעל.
און ערגעץ־וואו אַ מענשען־האַרץ וועט ליידען... ליידען שטיל — — —

## V

די ליעבע זינגט איהר לעבענס־ליעד אויף אונזער שיף אַצינדער,
און אויגען לייכטען אויף מיט טיעפער לעבענס־פרייד.

די ליעבע זינגט, און אירלאַנד'ס יונגע זיהן און טעכטער טאַנצען
און טיעפער רעדט צו מיר אַצינד מיין איינזאַמקייט.

צי דען געפעלט מיר ניט דאָס טאַנצען אונטער פרייען הימעל,
אין מיטען אויף אַ ים אין ליכט פון אבענד־שיין?
אין מיטען אויף א ים ביי פיעדעל־שפּיעל און צימבעל־קלאַנגען —
וואו קען דאס קליינע מענשען־הארץ נאָך פרייער זיין?

און הער איך רוישען ניט אַצינד דאָס בלוט אין מיינע אָדערען?
און רוישט דאָס לעבען ניט אין זייער טאַנץ־געשריי?
פארוואָס'זשע זיץ איך איינזאַם דאָ, ווי גלייך א תהום א טיעפער
וואָלט אויף דערזעלבער שיף מיך אָפּגעשיידט פון זיי?

פערבראַכט האָב איך אזוי אליין די גאַנצע יוגענד מיינע.
געשלעפּט האָב איך מיין לעבען דורך דער ווייטער וועלט —
געשלעפּט — אנ'אַלטען בעטלער גלייך, וואָס וואַנגעלט מיעד און איינזאם
פארביי א ווייטען ברייטען בליהענדיגען פעלד...

אלס קינד בין איך פעראיינזאַמט שוין אין שטוב ארומגעגאַנגען
די שטוב ביי אונז איז אויך א שפּייז־געוועלב געווען.
בעטראַכט האָב איך — ווי דאָ די טענצער איצט — די קונים, דאָרטען.
איך האָב זיי אבער קיינמאָל ליעב געהאַט צו זעהן.

א פרעמדקייט האָט ארויסגערעדט צו מיר פון זיי'רע אויגען,
און הענד געהאַט האָט יעדער, שוואַרצע ווי די ערד.
כ'האָב אויך ניט ליעב געהאַט צו זעהן ווי זיי'רע טויטע פיהרט מען
צום צווינטער, מיט געזאַנג, אויף וועגענער און פערד...

אין שקאָלע פלעג איך שטענדיג זעהן דעם לעהרער'ס בייזע אויגען
די קינדער אין די ערשטע בענק האָט ער געגלעט.
געשאָנקען האָב איך זיי מיין שפּיעל־געצייג דאָס שעהנסטע
און זיי — זיי האָבען שטענדיג בייז צו מיר גערעדט.

דערלאַנגט האָט איינער מיר זיין גאָלדען צלמ'ל צו קושען,
דער צווייטער האָט א צלם אויסגעמאָלט אויף מיר;

און האָט מיין יונגעס קינדער־האַרץ דאָס ניט געוואָלט פערטראָגען —
האָט מיך אוועקגעשטעלט דער לעהרער צו דער טיר.

און אַלע אָבענד ווען די קלויסטער־גלאָקען פלעגען קלינגען,
געציטערט האָב איך דאַן אַליין אין שטוב צו זיין.
אַ יאָיזעל האָב איך דאַן געזעהן, וואָס קלאַפּט מיט שווארצע פליגעל
און פאַנגט די קינדער אַלע אין אַ זאַק אַריין.

זינט דאַן בין איך שוין שטעדט און לענדער דורכגעוואַנדערט פיעלע.
היינט וויים איך אַז די גלאָקען רופען תפלה טהון.
היינט וויים איך אַז דער טויטער מענש וואָס הענגט אויף אַלע צלמים
איז מיינס אַ ברודער־האַרץ, איז אונזערער אַ זוהן.

געבראַכט האָט ער זיין בלוט צום קרבן פאַר זיין גרויסער ליעבע,
פערלאַנגט האָט עס אַזוי זיין עדלע האַרצענס־גלוהט.
פאַרוואָס־זשע קען מיין האַרץ ניט לערנען זיך די לייט צו ליעבען —
די אַלע פרומע לייט, וואָס גלויבען אין זיין בלוט ?...

איך האָב קיינמאָל ניט ליעב געהאַט די ערדל־לייט פון פּוילען,
אַן איינזאַמער בין איך אויף דייטשלאַנד'ס ערד געווען.
אין אַלע זיי'רע פּראָצעסיאָנס־געזאַנגען פלעג איך שטענדיג
דאָס אַלטע יאָיזעל פון מיין קינדער־צייט דערזעהן....

איצט בין איך ווייט פון זיי. און יאָהרען זיינען שוין פערגאַנגען
מיין היים איז איצט ניו יאָרק, די פרייע פעלקער שטאָדט.
די שטאָדט, וואו יעדער גלאָקען־קלאַנג פערקלינגט אַ נישט־געהערטער,
און אויך קיין בלוט פליעסט דאָ אין נאָמען פון אַ גאָט.

און דאָך — ווי אין דער ערד די וואַרצעל פון אַ בוים אַנ'אַלטען
ליגט טיעף אין מיר דער וועהטאָג פון מיין קינדער־צייט.
ווי דעמאָלט איז אויך היינט מיין וואוינונגס־גאַס אַ וואָלקען־גרויע.
עס רינגלען מיך אַרום דיזעלבע אָרמע לייט...

און זיץ איך דאָ אַזוי אַצינד פעראיינזאַמט אויפ'ן שיף־דעק,
און הערט מיין האַרץ דעם רויש, דאָס ווילדע טאַנץ־געשריי —

ווערט שוועהר מיין לעבען מיר, ווי גלייך עס וואָלט אויף זיך געטראָגען אנ׳אַלטען, טויזענד־יעהריג־אַלטען, טיעפען וועה...

מיר דאַכט, אז איך אליין — איך הענג אַצינדער אויף א צלם...
עס ליגט ארום מיין קאָפּ א קראַנץ... א דערנער־קראַנץ...
פון מיינע הענד און פיס טריעפט בלוט... און רונד־ארום דעם צלם,
פערפיהרען מיינע פיינינגער א ווילדען טאַנץ...

און שטיל בין איך. איך בעט ניט גאָט אז ער זאָל זיי פערגעבען — — —
עס האָט מיין הארץ פאר זיי קיין פונק פון ליעבע ניט — — —
דאָס אַלטע „למה? אויך, איז לאַנג, שוין לאַנג, אין מיר געשטאָרבען —
מיין הארץ איז לאַנג שוין, לאַנג, פון גאָט און גלויבען מיעד — — —

# VI

דריי טעג צוריק האָט מיך דיזעלבע שיף צו דיר ארויסגעפיהרט
א קלאָהרער יונגער טאָג האָט איבער אונז זיך דעמאָלט אויסגעשפּרייט.
די ערשטע שטראַהלען האָבען קוים די אויבערפלאַך פון ים בעריהרט.

קיין וואָלקענדיל איז ניט צו זעהן געוועזן אין הימעל וויט און ברייט.
און ווייסע פייגעל האָבען אומגעשוועבט אין העלען מאָרגען־שיין
און קינדיש, ווי א קינד אין יום־טוב קלייד האָט זיך מיין הארץ געפרעהט.

פערביי איז אַלץ אצינד. שוין פאַלט דער דריטער טאָג אין נאַכט אריין.
און שטערען צינדען זיך אין הימעל איינציגווייז. און פינסטער ווערט.
פערגעהן וועט נאָך א שעה און דאַן וועל איך אין רויש פון לעבען זיין,

אין יענעם ווילדען רויש וואָס האָט אין מיר מיין יוגענד פריה צושטערט.
און ווידער וועל איך צווישען פיעלע מענשען איינזאַם זיין אָהן דיר.
און פיהלען וועל איך אונטער מיינע טריט א הארטע פרעמדע ערד

און זעהן וועל איך פאַר מיר א רוה־לאָז פאָלק וואָס האָט צוגלייך מיט מיר זיך איינגעליעבט אין ענגסטען ווינקעל־אָרט פון אונזער נייער פרעמד — ווי גלייך א הונד וואָס גוט מוז זיין פאר איהם די שוועל פון יעדער טיר.

און רוה־לאָז וועל איך אויך די אבות מיינע זעהן אין טויטען־העמד,
ווייל טיעף אין מיר האָט איינגעוואָרצעלט זיך דער שרעק פאַר שווערדען־
קלאַנג,
ווייל טיעף אין מיר ליגט זייער שטאָלצער גייסט פערלאָזען און פערשעמט.

און ווידער וועט מיין לעבען געהן ווי גלייך אַן אַלטען זייגער'ס גאַנג,
און האָבען וועט מיין טאָג אַ שטוב מיט פיער פערשטויבטע ענגע ווענט,
און ווי אַ פליג אין שפּין־געוועבען וועל איך שטונדען־שטונדען־לאַנג

זיך פּלאָנטערין אין אייגענעם פערלאַנג — און פרעגען אָהן אַן ענד —
און האָפען פיעל — און יעדע האָפנונג וועט צוגעהן ווי רויך און שוים...
און זעהן וועל איך דעם טויט און פיהלען אויף מיין לעבען זיינע הענד

און זוכען וועט מיין האַרץ אַ טרייסט־געדאַנק... און בענקען נאָך אַ טרוים...
און וואַקסען ביז צום וואַהנזין וועט מיין וועה און שטאַרבען אין מיין ליעד.
און רוה־לאָז בייטען וועט די זון מיט שטערען זיך אין וועלטען־רוים

און נאַכט אויף נאַכט וועל איך אויף מיין געלעגער ליגען קראַנק און מיעד...
און טראַכטען לאַנג פון זון־און־שטערען־בייט. און טראַכטען לאַנג און שטום
פון מענשען־זיהן וואָס יאָגען זיך נאָך גליק, ווי נאָך אַ זונה'ס טריט,

און גריזשען יעדע לעבענס־לויסט אין זייער אייגען האַרץ אַרום —
ווי מייז פערהונגערטע אַ שטיק פערשימעלטען, פערדאַרטען ברויט — —

## VII

און רוהיג ווערט דאָס לעבען אויפ'ן דעק. אַ שטילקייט שפּרייט זיך אויס
און אַלע הילען זיך אין מאַנטלען איין און קוקען ווייט אין ים אַרויס,
און ליכטיג בלאַנקט און פינקעלט דאָ און דאָרט אַ ליכט, אַ פייער־שיין.
די שיף געהט שטיל און פיעלע ווערען מיעד און דרעמלען לאַנגזאַם איין.
די נאַכט איז טיעף פיעל טיעפער פון דער נאַכט איז איצט די נאַכט אין מיר.
איך זוך אַ טרייסט־געדאַנק און טרוימענד קעהרט מיין האַרץ זיך אום צו דיר
און שווערער זעה איך דיינע ליידען איצט, און בלאַסער זעהסטו אויס.
איך טרוים פון דיר — וואַקסט לאַנגזאַם פון דער דונקעלהייט אַ בילד אַרויס

א גאַס, א שטיבעלע, א מוטער שטעהט ביים פענסטער דאָרט. ס'איז נאַכט.
די מוטער קוקט צום פענסטער ווייט ארויס, זי קוקט פערזאָרגט, און
טראַכט.
און שווייגענדיג זיך טראָגט איהר טיפע קלאָג אין נאַכט און ווינד ארויס.
איהר קינד, אין ווייטער ווייטער פרעמד, אליין. און וואו? אין וועמעס הויז?
וועט היט זי אָפּ? און ווער וועט זיין דער מענש וואָס וועט איהר חתן זיין?
איהר קינד איז שוואַך און שטיל. און לויטער איז עס ווי דער מאָרגען־שיין.
און, גאָט בעהיט, פּילייכט קומט ווער, וואָס זאָגט א גאָלדען גליק איהר צו
און נאָך דער חופּה שוין פערלאָזט, פערלאָזט ער זי... אויף הפקר וואו —
איך זעה דיין מוטער איצט. געהט שטיל מיין הארץ א ווייטען וועג צוריק
אמאָל — דו ביזט א קינד געווען. דיין מוטער איז געזעסען ביי דיין וויעג
געזונגען דיר א ליעד און אויסגעטרוימט דאָס שעהנסטע גליק פאר דיר.
היינט ביזטו ווייט פון איהר. ביזט פיעלע, פיעלע מיילען ווייט פון איהר,
ביזט דאָ ווי איך... ווי איך און אנדערע וואָס האָבען גלייך ווי דו
געהאַט א היים אמאָל. העט־וואו, אויף יענער זייט פון ים, העט־וואו —
אויף רוסלאנד ערד. אין פּוילען־לאַנד. געהאַט האָב' מיר א ווינקעל אָרט
אין זיי'רע שטעדט. און אלע האָבען מיר געלעבט אינאיינעם דאָרט
און גוט איז אונז געווען, כאָטש שוין האָט אונז די צינזען־לאַסט געדריקט.
און כאָטש עס האָט דער קעניג בייזע לייט צו היטען אונז געשיקט
האָט קיינער ניט געקלאָגט... מיר האָבען אמת ליעב געהאַט די ערד
וואָס גאָט האָט אונז, די היימלאָזע, אין וויסטען וואנדער־וועג בעשערט.
און קיינמאָל האָט גאָט'ס נאָמען ניט אויף יענע טירען אויסגעפעהלט
אויף וועמעס שוועל עס האָט א קינד פון אונז זיין פוס ארויפגעשטעלט.
קיין אָרעמאַן האָט ניט ביים רייכען'ס טיש געפעהלט טאָג־איין, טאָג־אויס.
און גאָט־געבענשטער פריעדען האָט געהערשט אין גאַס, אין יעדען הויז.
און קינדער האָבען זיך געשפּיעלט מיט זיי'רע פאָטערס לאַנגע בערד,
און איבער אלטע ספרים זינגענדיג, און שמענדיג טיעף פערקלעהרט,
געזעסען זיינען טאָג ווי נאַכט פיעל עדעלע און יונגע לייט.
און מיידלעך האָבען תפלון־זעקלעך אויסגענעהט פון גאָלד און זייד.
און אלע מיידלעך האָבען אויגעלעך געהאַט ווי שטערען ריין.
און אלע זיינען שעהמעוודיג געווען, און גוט און ליעב און שעהן
און אלע האָבען זיי די מאַמעס זיי'ערע הארציג ליעב געהאַט,

און ווי אין פריהלינג בליהט די בלום אין פעלד און אויפ'ן בוים דאָס בלאַט,
אַזוי האָט רוהיג, פריעדליך אויפגעבליהט אַ דור און נאָך אַ דור,
און ווי אַ גאָלד'נע קייט געצויגען האָבען זיך פיעל הונדערט יאָהר
און פיעלע, פיעלע הונדערט וואָלטען נאָך געקענט אַזוי פערגעהן,
נאָר אַנדערש האָט עס יענע צייט געוואָלט, און אַנדערש איז געשעהן.
אַן אונרוה האָט זיך אויפגעהויבען וואו און ווי אַ בייזער ווינד
האָט זי אַרומגעכאַפּט דאָס לעבען גאַנץ, פון זקן ביז צום קינד,
אין יעדען לאַנד און אויף דער גאַנצער וועלט. ביז איינמאָל אין אַ נאַכט
האָט זיך די זעלבע אונרוה אויך צו אונז אין גאַס אַריינגעבראַכט,
אַ קריעג, אַ בייזער קריעג האָט אָנגעהויבען צווישען יונג און אַלט.
און פרעמד איז איינער צו דעם אַנדערען געוואָרען, פרעמד און קאַלט,
ווי גלייך פון אוי'ר צו אוי'ר וואָלט געהן די בשורה פון אַ בייז געריכט...
די זיהן אין יעדען הויז — זיי האָבען פּלוצלינג פון אַ נייעם ליכט
געזונגען און גערעדט, ווי פיבער־קראַנקע ריידען פונ'ם שלאָף.
די טעכטער אויך... דער פאָטער האָט געזעהן אין דעם אַ בייזע שטראָף.
אַ בייזע שטראָף פון גאָט, האָט יעדער זקן שטום פון צער געטראַכט,
און אַלט און גרוי געוואָרען זיינען יונגע מאַמעס איבער נאַכט.
און אין דער זעלבער צייט האָט אָנגערוקט אויף אונזער גאַס
אַ שווערער וואָלקען־וואַל, דער האַס צו אונז, דער דורות־אַלטער האַס.
צו הערען האָט זיך באַלד געבראַכט פון ערגעץ־וואו, אַז דאָ און דאָרט
האָט זיך אַ רויבער־הורדע ווילד אַריינגעוואָרפען אין אַן אָרט.
און ווייל מיר האָבען ניט קיין סערפּ געהאַט, קיין האַמער און קיין שווערט
האָט אונז אַ וויסטער שרעק אַוועקגעיאָגט פון אונזער היימאַטס־ערד.
און ווי אין הערבסט צעטראָגט דער ווינד דאָס בלעטער־שטויב אין ווייטען פעלד,
אַזוי האָט אונז דער שרעק צוזעהט, צושפּרייט אין אַלע ווינקלען וועלט...
און ווי אַ שוואַרצע קייט, האָט זיך אַ שרעגע שיפען גרוים און שוועהר
געצויגען יאָהרען־לאַנג אַריבער דעם אוקינוס דאָ אַהער...
און אייביג רוישט און ברויזט דער ים און שיפען געהן און געהן,
און קינדער לאָזען איבער דאָרט אויף יענער זייט פון ים, אַליין
אַן אַלטען פאָטער ווער.... און ווער אַן אַלטע גוטע מוטער וואו.
וואָס וואָגעלט ווייגענדיג אַרום ביי טאָג ביי נאַכט, אָהן שלאָף אָהן רוה

און טראַכט פון מיר, פון דיר, און פון אונז אַלע דאָ, מיט טיעפער פּיין...
און געהט אין טרוים צוריק צו אונזער קינדער־וויעג... און וויעגט אונז איין.
און זינגט פאַר אונז דאָס אַלטע וויעגען־ליעד און בענקט צו אונז אהער
און האָפט אונז איינמאָל נאָך צו זעהן — און זיין קען דאָס פּילייכט
נימ מעהר —

קיינמאָל... קיינמאָל נימ מעהר...

## XIII

ס'איז נאַכט. אנטקעגען אונזער שיף שטייגט אויף אַ נעבעל רויט און שווער.
נאָך איהם אַ דונקלע וואנט מיט פייערען וואָס ווערען מעהר און מעהר
און טורעמס וואקסען אויס און הויבען זיך אַרויס פון מיטען ים,
ווי ריעזען־זיילען הויך, און העל־צוגליהט. אַ דונקעל־רויטער פלאַם
פערדעקט דעם הימעל ווייט ארום. די לופט ווערט היים, ווערט ענג־געדיכט.
און טורעמס ווערען מעהר און מעהר. אַ שפּיעל, אַ צויבער־שפּיעל פון ליכט.
אַ פייער־קראַפט וואָס שפּרייט זיך אויס און וואַקסט צום הימעל הויך ארויף
און שליידערט אָפּ די נאַכט אויף מיילען־ווייט, און הויבט זיך העכער
אויף — — — — —

אַ ריעזען־ווערק פון מענשען־גייסט געבוים. אַ שטאָדט פון שטאָהל און
גלותה — — —

ווי פיעבער געהט די אונרוה פון דער צייט אצינדער דורך מיין בלוט...

## IX

אַ מענש זיצט נעבען מיר אַליין. און ביסטרע ווי אַ קראנקער הונד
שטעלט ער די אויגען אָן אויף יענעם רויט־צוגליהטען צויבער־שפּיעל,
וואָס רוקט זיך נעהנטער אַלץ און וואַקסט און הויבט זיך אויף אָהן מאָס,
אָהן ציעל,

די שטאָדט... די ריעזען־שטאָדט... און טיעף אין איהם שרייט אויף אַ
בייזע וואונד.

עס רויבט די שטאָדט ביי איהם זיין לעבענס־צייט פאַר טרוקען ברויט
אוועק.
זי שליעסט איהם איין מיט טויזענד אַנדערע אין גלותה פון אייזען־ווענט.

מאַשינען רווישען דאָרט און רעדער טרייבען רוה־לאָז זיינע הענד,
און נאָך די רעדער יאָגט זיין ווײסטער לעבען זיך, דורך נעכט און טעג.

ווי דו האָט ער די שטאָדט ניט ליעב. ווי דו זוכט ער אין איהר זיין גליק.
ווי דו, און פיעלע טויזענד אַנדערע, וואָס האָבען גלייך ווי דו
זיך נעכטען ערשט בעפרייט. וואו אָבער נעהמען זיי פאַר הײנט די רוה
אַז מאָרגען שוין פיהרט ווידער זיי די שיף אין שטאָדט אַריין צוריק —

און ווידער געהען זיי אַ גאַנצעס יאָהר דעמזעלבען אַלטען וועג
און ווידער אָטמען זיי די קראַנקע לופט, און רייסען זיך אַרויף,
און פאַלען טיעף אַראָפּ, און ראַנגלען זיך, און פּאָארען זיך צונויף,
און ציהען קינדער אויף, וואָס זיינען קראַנק און לעבען ווענינ טעג —

און בויען הייזער אויף וואָס וואַקסען איבער נאַכט, און וואַקסען הויך.
און גאַסען ברייטען זיך און מעהרען זיך און ענג און ענגער ווערט.
און רוה־לאָז שרייט די לעבענס־קראַפט, און שאַפט און וואַרפט זיך און
צושטערט,
און הויבט זיך אויף און מישט זיך אוים מיט שטויב און אייזען־רויש
און רויך —

און אַלע יאָגען זיך מיט אויסגעשטרעקטע הענד אין טיעפער פּיין
און ביימען הייליגקייטען אוים פאַר טרוקען ברויט, און רויט ווי גלוטה
פּלאַמט אויף די לופט נאָך גאָלד און גראָבט זיך איין אין זייער פלייש
און בלוט
און רוה־לאָז שרייט די נויט און שלינגט זיי רגע־ווייז מיליאָנען איין —

און שיפען גרויסע קומען אַלע טאָג און קומען אימער מעהר
און שיפען זינקען איין, אַ ווייסטער שרעק פאַלט אָן, דער שרעק פערשווינדט
און שיפען נייע ראַנגלען זיך אויפ'ן ניי מיט ים און ווילדען ווינד
און טעגליך ברענגט מען מענשען סטאַדעס־ווייז פון אומעדום אַהער.

און וועה־געשרייען טויזענד, נייע, ווייסטע, טראָגען זיך מיט זיי.
אין אַלע זיי'רע בלוטען האַסען זיך, און מישען זיך צונויף,

און ווערען קיינמאָל איינס, און ראנגלען זיך און גיבען זיך נים אויף.
און זיי׳רע דורות רייסען זיך, צורייסען זיך און ליידען וועה,

און ליידען טיעפעם וועה, און גוסס׳ען לאנג, און שטארבען קיינמאָל נים.
און מיר, און מיר, די אייבינע, פון וועמעס בלום עס שרייט ארוים:
מיר זיינען שטארק און איינזאם־פריי, און וויים פון אלץ, און אייביג־גרוים
מיר ווירבלען זיך אין גרויסען ווירבעל־ווינד צוגלייך מיט אלע מיט,

און דרעהען זיך און ווארפען זיך ווי זיי אין זעלבען קאראהאָד,
און פאלען אום ווי זיי, און שטעהען אויף, און טאנצען נאָכאמאָל —
און איבער אלץ צוזאמען דונערט ווילד דאָס ליעד פון שטיין און שטאָהל—
דאָס ליעד פון שטיין און שטאָהל — דער גרויסער וואהנזין פון דער
ריעזען־שטאָדט!

X

ס׳איז האלבע נאכט. שוין לאנג אראָפּ בין איך פון שיף.
און מיעד בין איך. איך ליג אָהן שלאָף. מיין וועה איז טיעף.

עס זוכט מיין הארץ א טרייסט. איך טרוים. איך טרוים פון דיר.
איך הער דיך קומען איצט — איך זעה דיך נעבען מיר —

דו שווייגסט, און קוקסט מיך אָן מיט אויגען טריעב און פייכט —
און ריהרסט מיין שטערען אָן — דיין האנד איז שוועבענד־לייכט —

עס וואקסען דיר צוויי פליגעל אוים — דו הויבסט זיך אויף —
און נעמסט מיך מיט — און שוועבסט מיט מיר ארויף, ארויף —

טיעף אונטען — פינסטערניש, הויך אויבען — זילבער־שיין —
און אויף א וואָלקען וויעגסטו מיך — דו וויעגסט מיך איין.

איך הער, דו ווײנסט, דו זינגסט — איך מאַך די אויגען צו —
דער וואָלקען שוועבט — און שטילער ווערט — איך שלאָף, איך רוה —

איך רוה — — — —

ניו יאָרק, 1913.



עס ענטפּלעקען זיך בערג, פלאַכע און לאַנגע, וועלכע הויערן איינע איבער די אַנדערע, און צווישען זיי ציהט זיך אַ לאַנגער פּאַס וואַלד, פון וועלכען מען זעהט נור רונדע קעפּ פון בוימער, און נאָכדעם ווייטער אַ קייט פון בערג וואָס זעהען אויס ווי טרעפּ צום הימעל. און יאָגט דער נעבעל זיי אַריבער, עפּענט זיך אויף אַ גרויע אונענדליכקייט.

לאַנג האָב איך ניט געוואוסט און ביי קיינעם ניט געוואַגט צו פרעגען, וואָס די גרויע אונענדליכקייט בעטייט, ביז איינמאָל בין איך אין וואַלד אַוועק. אויסגעקליבען דעם העכסטען בוים און געשטיגען צו זיין שפּיץ. פון דאָרט האָב איך געקאָנט זעהן, אַז דאָס איז אַזאַ וואַסער — אַ טייך.

אַ טייך האָט ברעגען. און איך זעה נאָר איין ברעג און ווייטער איז נישטאָ קיין ענד.

איז דאָך דאָס געווים דער ים, אָדער ריכטיגער — דער אויסגוס פון ים, מיט וועלכען איך בין אהער געקומען. — דער „לאָנג איילאַנד סאַונד“.

געבענשט, זאָג איך דאַן צום קאַשטאַן־בוים, זאָלסטו זיין, וואָס דיינע אָדערען זויגען אין זיך אַריין פייכטקייט פון די ברעגען פון אַזאַ וואַסער!

איך בעטראַכט דעם בוים.

גלייך ווי א סטרונע ציהט ער זיך פון דער ערד. הינטען גראָב און וואָס העכער געהט ער דינער, אקוראַט ווי א מיידעלשער קערפּער, ביז ער קומט צו די צווייגען, וועלכע צושפּרייטען זיך איינער איבער דעם אנדערען, יעדער צווייג פון איין אָרט און שטאַם, פריהער גלייך און רונד און נאָכדעם פּערקרימען זיי זיך ארויף־צו און צושיטען זיך אין מיליאָנען קליינטשינקע צווייגעלעך. און אויף יעדער צווייגעל א בלעטעל. און אין יעדער בלאַט שטריקען זיך פון שטאַמעל גראָבליכע אָדערען, פון וועלכע עס ציהען זיך קליינע, דינע אָדערלעך. און די אָדערלעך גרייכען ביז אין זוים פון בלאַט. און אין זוים טאָקען זיך אריין אזוינע פערשיעדענע שפּיצען.

— זאָג מיר, דו גרויסער קאַשטאַן, זאָג וואָס פאר א זאָרג נאָגט איצט דיין האַרץ?

— ענטפערסט דו מיר ווייטער מענש? — אזוי ענטפערט דער בוים.

— קאַשטאַן, הויכער גרויסער בוים, איך גיב דיר אוועק — אָט הערען אַלע בוימער — די קרוין: זיי פון היינט אָן ביי מיר אין וואַלד דער קעניג פון אַלע בוימער. איך פאַל פאר דיר אויף די קניע. זאָג מיר, פלאַמט אין דיר עפּעס א האָפנונג, א פערלאַנג. ייאָס דו פיהלסט, אז עס וועט קיינמאָל ניט אויסגעפיהרט ווערען?

עס איז קיין ווינטעל ניט געקומען, עס האָט קיין בלעטעל ניט בעוועגט זיך. און דער בוים שווייגט.

פערלאָז איך איהם און געה אריין אין אָפענעם פעלד, וועלכעס איך האָב מיט מאָיז פערפלאַנצט.

די פלאַנצען שטעהען אין גלייכע ליניען. פון אַלע פיער זייטען פון פעלד, פון אַלע פיער ווינקלען פון פעלד, זעהען זיך בעגלייכע שטאַמען, פון וועלכע עס שטריקען זיך דונקעל־גרינע ברייטע בלעטער. איך נעהם א שטאַם, וואָס שטעהט אין עק פעלד און צעהל איבער זיינע בלעטער; איך געה אריין אין מיט־פעלד, קלייב ניט. נאָר טהו א נעהם די פלאַנץ וואָס קומט צוערשט אין מיינע הענד, צעהל איבער די בלעטער — ביי ביידע זיינען די בלעטער פיער אין צאָהל.

געה איך איבער דער לענג און ברייט פון פעלד; ווי א שטאָלצער גענעראַל צווישען זיינע רעגימענטען: — איך האָב דאָס פערפלאַנצט! דערנעבען שטעהט מיין הויז א פיער־עקעכיגע, נידריגער — די

שטאָל פון מיינע שאָף און רינדער, אַ לענגליכע, אין איין ליניע מיט אַנ־דערע שפּייכלערס.

די צוימען וואָס רינגלען אַרום די פעלדער זיינען פון פיער־עקעכיגע שטיינער וואָס געהען געשלאָסען איינער אין דעם אַנדערען; אַ שטיין איבער צוויי און צוויי שטיינער איבער איינעם.

איך טראַכט זיך אַריין אין די פערלאָפענע הונדערטער יאָהרען. — די גאַנצע לאַנד איז געוועזען וואַלד און שטיין. זיינען געקומען די ענג־לענדער און אונטער זייערע שווערע הענד און האַק, פאַר זייער האַרטען ווילען זיינען זיך די אוראַלטע וועלדער צולאָפּען און געפאַלען.

אין דעם האַרטען שטיין האָבען זיי געשאַרפט זייער ווילען און טאָג־איין, טאָג־אויס זיך געמיהט; שטיינער געהאַקט און זיי אין צאַמען גע־לעגט, וואָרצלען געצויגען פון דער ערד; פון די שטאַמען פון ביימער האָבען זיי הייזער געבוים, און מיט זיכערהייט זיך אין זיי בעזעצט.

— זאָג מיר, ענגלענדער, האָסטו ניט געשאָלטען דעם טאָג וואָס דיין מוטער האָט דיך געבוירען, ווען דו האָסט אָט יענעם גרויסען שטיין אין צוים אַריינגעפּאַסט?...

איך, אַ קינד פון אַ פאָלק, וואָס האָט קיין לאַנד ניט, ווי דו, ענגלענ־דער, האָסט קיין אייגענע ערד ניט געהאַט, דיין היים אויף איהר צו בויען; איך אַ קינד פון אַ פאָלק, וועלכעס האָט ניט קיין אייגענע ערד, געגוג זיינע פיס אוועקצושטעלען, בין יעצט דאָ צום פערטיגען.

און וואו איך זאָל זיך ניט אַ בויג טהאָן, געפין איך פרוכטבאַרע ערד.

איך נעהם אַ הויפען ערד, צושפּרייט זי אויף מיין דאַלאָניע און צו־טהייל זיי אין בעזונדערע שטיקלעך. פערשיעדענע פאָרמען האָבען זיך די שטיקלעך אויסגעאַרבייט. איך קוועטש זיי צוזאַמען און מאַך פון דעם הויפען ערד אַ קיילכעל און פּרוב מאַכען אַ פיער־עקעכיג שטיק ליים. נאָכהער טהו איך עס אַ וואַרף און עס ווערט צושאָטען און פערלירען די אַלע פעלדער און פרייע לאָנקעס זיינען אַמאָל געוועזען וואַלד און שטיין.

מאָרגען־איין, מאָרגען־אויס טהו איך זיך פּערדערען, ווען אַלץ איז נאָך אין טיעפען דרעמעל. איך שטרעב אָן מיינע אויערען צו כאַפּען, וואָס פאַר אַ וועזען, פויגעל אָדער בוים טהוט צום ערשטען די שטומעניש

אַנריהרען — און דער ערשטער שאַרף קומט שנעלער, ווי איך קען אַ פינטעל טהאָן מיט מיין אויג. און נאָך גיבער פון דעם ציטערט זיך פאַנאַנדער דאָס, וואָס איך בין ניט ווערטה אַנצורופען מיט זיין הייליגען נאָמען.

און קוק איך אין מזרח, — שטעהט דער וואַלד, די חלומות פון זיינע שפּיץ בוימער הויבען זיך נאָר וואָס מיט דעם מילך־ווייסען נעבעל אויף.

און מיט׳ן נעבעל וויקעלט זיך איבער טהאָל און באַרג דער ערשטער מאָרגען־שאַרף אין אַ לענגליכען, ווייסען פאַס.

איך קוק איבער מיינע פעלדער: צו צפון וועלדער, אין דרום אַ לאָנקע, אַרום איהר וואַלד און אַ פאַרם, הויכע און נידריגע בוימער; געדיכטע, איינס אין דאָס אַנדערע אַריינגעטוקעטע. שיטערע, פרייע און איינציגע, שפּיציגע און שלאַנקע, רונדע און ברייט־צוצווייגטע.

און אין מערב די הימעל לייטער פון בערג בעוועלדערטע און העט, העט פון יענער זייט שטריקט און פערקרימט זיך דער ווייסער פאַס ים, דער „לאָנג איילאַנד סאונד“. פון דער וועראַנדע פון מיין הויז קען איך איהם זעהן אַ ווייטען, אַ בייזען, אין קלאָרע זילבער־פולע לבנה־נעכט. עס זעהט אויס ווי אַ שטראָם פון נאָר וואָס געגאָסענעם זילבער, וואָס עמיץ גיסט אין אַ ברייטער, אונענדליכער פאַס.

און מאַכט זיך אַ הערבסט־טאָג, ווען הימעל איז אָנגעצויגען אין ליכט־גרויע וואָלקענס און די ערד, באַרג און וואַלד, ווי זיי וואָלטען זיך ערגעץ איינגעטוליעט און פערבאָרגען פון דעם שניידענדען, בייסענדען און קיהלען הויך וואָס שוועבט אין דער לופט, — יעמאָלט זעהט זיך דער פאַס ים אַ גרויער, אַ כמורנער, און עס דאַכט זיך מיר אַז ער וועט באַלד זיך אַ לאָז טהאָן פון זיין אָרט און זיך אַ גיס טהאָן איבער אַלעס און אויסמעקען פון געדעכטניש וואַלד, באַרג און טהאָל.

און עס מאַכט זיך — פינסטערע, שטאָק־הושך׳דיגע אבענדען, ווען מיר ווערט ענג אין הויז און איך געה אַרויס אויף דער וועראַנדע. איך זעץ זיך אַוועק קעגען־איבער דעם לייכט־טורעם, וואָס פינקעלט דאָרט אימה׳דיג אַליין איבער דעם פאַס ים.

„איז דאָס ניט אַ מענש מיט אַ לאַמטערנע אין די פינסטערע, פוסטע וועלדער, וועלכער בלאָנדזשעט און קען קיין וועג געפינען?...“

אַז ווערט די ליכט פערשוואונדען צווישען געדיכטע צווייגען, און באַלד בעוויזט זי זיך ווידער...

עס קען זיין, אַז דער דאָזיגער מענש האָט דערזעהן די ליכט פון מיין הויז. אַט שאָקעלט ער מיט זיין לאַמטערנע, בכדי עמיץ זאָל איהם ענט־פערען אויף זיין פערצווייפעלטען און אפשר לעצטען סיגנאַל.

איך לויף אַריין אין הויז, צינד אָן מיין לאַמטערנע, און אַזוי שנעל ווי איך קום אַרויס אויף דער וועראַנדע, נעהם איך זי דרעהען אַרום מיין קאָפּ...

עס ווערט מיר גרינגער, כאָטש איך ווייס, אַז איך האָב קיינעם ניט געהאָלפען. דער געדאַנק, אַז איך האָב עמיצען געקענט העלפען, ברענגט מיך אַריין אין אַ ווייכער שטימונג.

איך דערמאָן זיך ווען איך בין אַמאָל געפאָהרען מיט יענעם פּאַס ים.

אויף אונטען פון שיף איז געוועזען אַ האַלב־רונדע באַנק, וועלכע נעהמט אַרום דעם קליינעם, האַלב רונדען שמוציגען דעק.

אין איין עק פון דער באַנק, ביי אַן אייזערנעם סלופּ, זיצט אַ יונגער בחור, בלייך־געל, אויגען שוואַרץ ווי אַ נאַכט סוף חודש. די הענד זיינע האַלט ער אין די הויזען־קעשענעס, און אַלע ווײַלע שטרעקט ער אויס זיינע פיס פון זיך אַפּיר און נעהמט זיי צוריק הינטער'ן באַנק. ער רויכערט אַ סיגאַרעט נאָך אַ סיגאַרעט. ענדיגט ער איינעם, שטעלט ער זיך אויף, טהוט עס אַ וואַרף מיט האַסט אין דעם דונקעלען רוהיגען וואַסער פון ים.

פון צייט צו צייט לאָזט ער אויך בליקען צו דעם אונענדליכען שוים־וועג, וואָס די שיף פערליערט אונטער זיך. און אַט וואַרפט ער אַן אומ־רוהיגען קוק צו דער ווייסער טיהר, איבער וועלכער עס צאַנקט אַן עלעקטריש, אומעדיג ליכט און אויף וועלכער עס איז אָנגעשריעבען מיט שוואַרצע, רונדע בוכשטאַבען: „פּרויען קאַבינעט“.

און אין אַנדערען עק פון דעק בין איך געשטאַנען און געקוקט אין דעם דונקעלען, אונבעשטימטען נעבעל. איך האָב געצעהלט די לייכט־טורעמס און געפיהלט אַ בענעהר צו וויסען, וועלכער פון די ליכטער איז אין פּאַראַלעל מיט מיין הויז, וועלכע שטעהט דאָרט איצט אַליין פער־וואָרפען צווישען בערג, וואַלד און טהאַל.

איך האָב דאָס אָבער ניט אויסגעפונען און דאָס האָט געפּייניגט מיין

נשמה. פאר וואס האב איך ניט, אויף דעם שפיץ פון מיין הויז, א פאקעל געצונדען? ! — וואלט איך געקענט טרעפען וועלכער פון די ליכט־טורעמס ווינקט כסדר צו מיר אין די פינסטערע נעכט.

און איך וואלט צוגעשפרונגען מיט שמחה צו דעם יונגען בחור, וואס זיצט און רויכערט און קוקט אונרוהיג, אט צום וואסער, אט צום פרויען־קאבינעט און איהם אנווייזען:

— זעהסט יענעם ווייטען פאקעל, — דאס האב איך אנגעצונדען אויף דעם שפיץ פון מיין הויז!

ניין, איך וואלט איהם ניט זאגען, — קיינעם ניט! ווער עס האט אויגען, זאל אליין זעהן!

נור געפרעגט איהם וואלט איך, פון זיין פיין. טאמער קום איך אין צייט און שטוים איהם אוועק פון א טהאט.

עס שווידערט מיך.

און איך געה ארום אויפ'ן דעק פון דער שיף. אלע ווילע בלייב איך שטעהן ביים פארענץ, בויג זיך אריבער און קוק אריין אינ'ם פינ־סטערניש. איך זעה גאר ניט, חוץ פון הינטער דעם דונקעלען נעבעל איינציגע שטערענדלעך.

און עטליכע מאל בין איך געוועזען נאהענט פון דעם יונגען בחור און מיין פערלאנג זיך אבצושטעלען נעבען איהם ניט דורכגעפיהרט.

און פלוצים ווענדעט ער זיך צו מיר, מיט א שטילער, געבעטפולער שטימע, וועלכע האט גליך גענומען דרינגען טיעף אין מיר אריין:

— זאגט מיר, נאגט אייער הארץ עפעס א בלינדער צווייפעל?

און איך בין געבליבען שטעהן ווי פערשטיינערט. — איך האב דאס ביי איהם געוואלט פרעגען דאסזעלבע.

האט ער עס געלעזען אין מיינע אויגען? איך געדענק אבער ניט, אז ער זאל האבען געקוקט אויף מיר.

און איך געה צו נאך נעהנטער, בויג זיך אריבער דעם פארענץ און בעפויל איהם:

— קוק. דארט ברענט א פאקעל זעהר ווייט. דאס האב איך אנ־געצונדען אויפ'ן שפיץ פון מיין הויז. לאכסט? ניין, ניט איך האב עס געצונדען. הינטער מיין הויז, ווייט אויף א לאנגע שטעהט אן אלטער סאד, און הינטער יעדען פערקודעלטען, ווילד־צוואוואקסענעם עפעל־בוים

ליגען בעגראָבען יענע, וועלכע האָבען די ערשטע געוואגט צו בעטרעטען די ווילדערנישען פון די אַפּילאַשע־בערג. זיי זיינען שוין לאַנג טויט און זייערע אור־אור אייניקלעך האָבען צוטראָטען און פערלאָזען זייער הייליג־טהום, זיינען זיך צולאָפען איבער דער ברייטער וועלט. און נאַכט נאָך נאַכט קומט אויף איינער פון יענע טויטע, רייסט אָפּ א שטיק פון זיינע קליידער, וויקעלט עס אויף א לאַנגען בירקענעם שטעקען, צינדט עס אָן אין א פאַקעל און שטעקט עס אויפ'ן שפּיץ פון דעם הויז, וואָס ער האָט אַליין געבויט אין דעם ווילדען לאַנד...

— איך האָב עס אין דער היסטאָריע געלעזען וועגען יענע ענגלענ־דער, — בעמערקט דער יונגער בחור און זיין פּנים איז דערביי געוואָרען אזוי בלייך. און איך האָב געמיינט, אַז ער איז איינער פון יענע אור־אור אייניקלעך... איך האָב עס נאָך זיינע געזיכטס־ציגע ניט געקאָנט בעשטימען, ווייל זיי זיינען געוועזען אַלגעמיינע. און אום אונזער געשפּרעך זאָל זיך ניט אויפבינדען, האָב איך אריינגעוואָרפען:

— קיין היסטאָריע! — מיר דאַכט, אַז איך האָב דערביי געטהאָן א זעץ מיט מיין רעכטען פויסט אין אייזערנעם סלופּ, וועלכער האָט אונטער־געשפּאַרט די אויבערשטע דעק פון שיף. —

„היסטאָריע! איך געה אַראָפּ אין וואַלד אריין, פּאַזע שווערע, פּיער־עקעכיגע צוימען. איך בעטראַכט זיי און פרעג ביי די שווערע שטיינער, וועלכע זיצען אזוי שטייף אין די צוימען:

— וועלכע אייזערנע הענד האָבען עס אייך אוועקגעלעגט?... ענט־פערט איהר? — אזוי ענטפערט דער שטיין!

און אין וואַלד זעהען זיך גרויסע און קלענערע סטויגען פון שטיינער.

„וויפיעל טעג און יאָהרען עס האָט גענומען. געקליבען א שטיין און א שטיין.

„אַראָפּגענומען דעם שטיין, איז געוואָרען פּלאַץ, אַז א זאַנג פון תבואה זאָל דאָרט וואַקסען.

„מען האָט געצעהלט זייער ברויט אויף איינציגע זאַנגען...

„זיי זיינען געקומען אין א נייעם לאַנד, מיט האַמער, האַק און ענבער — אייגען בלוט און מוסקול!"

דער בלייכער בחור האָט זיין סיגאַרעטעל אין דער פייכטער דונקעל־הייט געשליידערט, אַן אַנדערען פעררויכערט און ארויסגעלאָזען א גע־

קרייזעלטען זייל מיט רויך. ער האָט אַ קוק געטהאָן, ווי דער פייער פרעסט זיך איין אַלץ מעהר און מעהר אין דעם ווייסען פּאַפּיראָס פון זיין סיגארעט. און מיט פאַרזיכט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אז דאָס, וואָס ער וועט יעצט זאָגען, זאָל מיך ניט וועה טהאָן, ארויסגערעדט:

— דאָס פאָלק, פון וועלכען איך האָב די עהרע צו זיין אַ קינד, איז פערצייטענד געגאַנגען פיערציג יאָהר איבער מדבר ביז עס איז געקומען צו אַ לאַנד...

מיר האָבען זיך ווארים געדריקט די הענד.

און ער האָט מיר גענומען פערצעהלען:

אז עס פלאַמט ביי איהם אין הארץ אַ פייער צו יענער, וועלכע איז איצט אַ רוהיגע דאָרט אונטער דער טיהר, וואָס איז בעצייכענט מיט „פרויען קאַבינעט", און זי לויפט יעצט אין דער גרויסער שטאָדט אריין. און ער האָט פיינט די גרויסע שטאָדט. און זי האַסט איהם און די היים פון זיין פאָטער, וועלכע איז אויפ'ן לאַנד. און ער פאָהרט איהר נאָך, אַזוי אַז זי ווייס עס ניט. און ווי דערלעבט ער שוין דעם מאָרגען, זי פּלוצים צו בעגעגענען. און עס זאָל זיך אויסלאָזען צו גוטען, בעגעהרט ער. און אויב ניט — ווייסט איין גאָט דער איינציגער!

און איך האָב צו איהם גערעדט, ווי אַזוי איך ליעב די גרויסע שטאָדט און מיין היים אויפ'ן לאַנד. און אז איך ווייס פון פריהער, — ווען איך וועל קומען אין שטאָדט, וועט זי מיר נמאס ווערען. און אנט־לויף איך צוריק אויפ'ן לאַנד, פעהלט מיר עפּעס און עס איז מיר דאָרט ענג. איך געה מיט דעם אַקער און שנייד מיט דעם סייכעל די תבואות, און מיר דאַכט זיך תמיד אויס, אז עמיץ געהט הינטער מיר, ווי אַ שאָטען, און טוקעט מיר אין פּלייצע:

— יונגערמאַן, עס איז ניט דיין היים!...

דער וואַכמאַן פון שיף איז געשטאַנען און מיך געטוקעט אין פּלייצע:

— יונגערמאַן, שרייט ניט אַזוי, די פרויען שלאָפען, — און האָט מיר אָנגעצייגט אויף דער ווייסער טיהר קענענאיבער.

איך האָב ניט געוואוסט צו האָב איך אַזוי הויך אויסגעשריען מיינע לעצטע ווערטער, פונדעסטוועגען האָב איך זיך ווי פערשעהמט פון דעם געדאַנק, אז איך האָב עמיצען געשטערט און איך האָב, ניט זאָגענדיג קיין

גוטע נאַכט, זיך אוועקגעלאָזט מיט שנעלע, אָבער שטילע טריט אין רויך־צימער.

בעקוועם און ברייטלעך שטעהען אַרום די ווענד האַרטע, שוואַרצע שטוהלען. צווישען צוויי שטוהלען שטעהט אַ מעשענע שפּיי־קעסטעל.

איך זעץ זיך אוועק אין אַ ווינקעל, פערדרויכער אַ גראָבען סיגאַר און הויב אָן פיהלען ווי מיין שעהמעוודיגקייט שווינדט פון׳ם פּנים מיט די דיקליכע וואָלקענס רויך, וועלכע איך ציה אַרויס פון סיגאַר.

און קעגענאיבער מיר זיצען צוויי און שמועסען. איינער, אַן על־טערער מאַן מיט אַ גלאַטען, פליכעוואַטען קאָפּ, גרויע וואָנסעס, מיט אַ גלאַט, ראַזירט פּנים און איבער זיינע טיעפע אויגען ברייטע און לאַנגע, גרוילליכע ברעמען. דער צווייטער, אַ נעגאַרעשער יונג, רויכערט אַ סיגאַ־רעט און שפּייט, בשעת ער רעדט, אין מעשענעם טעפּעל.

איך האָב אָנגעצויגען מיינע אַלע חושים אויף די צוויי.

דער נעגאַר קוקט זיך גוט איין אין דעם עלטערען מאַן׳ס אויגען און פרעגט מיט אַ לייכטער באַס־שטימע:

— זאָגט מיר, וואָס איז געוואָרען פון אליהו הנביא׳ס קערפּער, נו, און פון יעזוסעס קערפּער. זיי זיינען דאָךביידע אין הימעל אַרויף, נישט?...

געציטערט האָב איך און אויך דער נעגאַר־יונג. ער האָט זיין סיגאַ־רעט פון פינגער אַרויסגעלאָזט און זיך ווי אין דרייען אין שטוהל איינ־געבויגען.

דער עלטערער מאַן האָט מיט זיין שטערען אַ קניימש געטהאָן:

— איך ווייס ניט וואָס מיט זייערע נשמות איז געוואָרען. אָבער זייערע קערפּער זיינען געוואָרען צו אַש און זאַמד, ווי די קערפּער פון אַלע בעשעפעענישען...

דער נעגאַר איז פון שטוהל אויפגעשפּרונגען:

— גלויבט איהר אין די הייליגע. זאָגט, גלויבט איהר ניט?...

קאַלט איז געוועזען דער עלטערער מאַן. און פון צווישען זיינע גרויע וואָנסעס האָט אַ לייכטער שמייכעל זיך געריסען:

— ווער האָט עס דיר געזאָגט, אַז זייערע האָף־הייליגקייטען זיינען אין הימעל געפלויגען?

און אַ פּאַטש מתוענדיג מיט איין האַנד אין דער צווייטער, האָט

זיך דער נעגאר לייכט איבערגעבויגען צו יענעם, און גלייך אין זיין ראַזירטען פּנים אריינגעוואָרפען זיינע ווערטער, ווי הייסען, רויטען מעטאַל:

— די ביבלישע פּאַעטען!

דער מאַן האָט זיך צולאַכט. עס האָט געקלונגען ווי אַ גראָבער רעגען נאָך אַ שטאַרקען שטורמווינד

— די ביבלישע פּאַעטען!? האַ, האָבען זיי ניט געקענט זיין אַזעלכע נאַראָנים ווי דו ביזט?

דער נעגאר האָט זיך צוריק אוועקגעזעצט אין שטוהל. זיינע אויגען זיינען געוואָרען גרויס און ווייס. און איך האָב נאָך געבעטען, אַז ער זאָל ניט רעדען מעהרער אַ וואָרט צו דעם עלטערען פּליכטוואַטען מאַן. איך האָב איהם געוואַכט, דעם נעגאר.

זיין געזיכט האָט זיך פערצויגען מיט אונרוהיגע וואָלקענס, די נאָז־לעכער זיינען ברייטער געוואָרען. זיינע אויגען האָבען געברענט מיט אַ בלייך־ווייסען פייער און צווישען זיינע בראָנזענע ליפּען האָט זיך אַ צאָהן אַן אַ צאָהן געקלאַפּערט.

ער האָט אַ כאַפּ געטהאָן דעם מאַן און איהם אוועקגעפיהרט צו אַ שטאָק־פינסטערען, איינשויביגען פענסטער:

— קוקט, אַלטער הערר! — איך האָב געהערט אין זיין פּאַלירטער ווענדונג אַ בעליידיגטען טאָן. מיך האָט פערדראָסען אויפ'ן מאַן און נאָך פיעל מעהרער האָט מיר באַנג געטהאָן, וואָס דער נעגאר פערליערט זיין שטאָלץ, וואָס מעהרער ער וועט רעדען.

און גערעדט האָט ער ווייך, צאַרט, ווי אַ געלערענטער זוהן צו זיין פּראָסטען פאָטער:

— זעהט איהר די דונקעלע וואַסער פון ים? ווער האָט דאָס בעשאַפען?

— קיינער ניט! די ימים האָבען זיך אַליין פאַרמירט אין טויזענד־ער יאָהרען; מיר רופען דאָס „די נאַטירליכע וואַסער־אַבציהונגען“.

ווען איך בין שנעל אַרונטער מיט אַ טרעפּ, אַפּצווזוכען מיין בעטעל, האָב איך פונדעסטוועגען נאָך אַלץ פערנומען פון נעגאַר'ס מויל: „די שבעל זאָגט!“...

---

מיין בעטעל נומער 49 איז אויסגעקומען אין א זייט, און צוקומען צו דעם, האָב איך געמוזט דורכגעהן צווישען צוויי לאַנגע רייהען אַנדערע בעטלעך.

פּאַסאַזשירען זיינען געזעסען מיט זייערע פיס ארונטערגעלאָזען איבער די פּארענצעס און געשמועסט.

שווארץ בערדעל אויף א אידישען, פער'דאגה'טען פּנים. מיינע אויגען און דורכגעהענדיג האָט זיך מיין בליק איינגעקלאַמערט אין א קליין, האָבען זיך בעגעגענט מיט זיינע; ווי צוויי וואונדען, וועלכע וועלען זיך שוין קיינמאָל ניט פערהיילען, זיינען זיי געלעגען טיעף הינטער זיין געלען, רונצלדיגען שטערען.

אזוי ניך ווי איך האָב די בעטעל אויסגעפונען, האָב איך זיך פערטיג געמאכט צום שלאָפען און זיך אויסגעצויגען אויפ'ן בעט און פון ווייטענס געקוקט אויף יענעם אידישען פּנים.

דער דאָזיגער איד האָט ניט אנטהייל גענומען אין שמועס.

איז ביי איהם נישטאָ וואָס צו דערצעהלען?

פאר וואָס איז זיין געזיכט אריינגעצויגען מעהרער ווי אַלעמענס אין דעם געשפּרעך?

נארט מיך זיין געזיכט? נארט עס אַלעמען? און אין אמת'ען איז דער איד גאָר אין זיין אייגענער וועלט.

פון ווייטענס האָב איך געזעהן, ווי אַלע מאָל כאַפּט ער ארום עמיצען פון דער חברה און זיינע ליפּען נעהמען זיך בעוועגען.

פון וואָס ריידען אידען דאָרט? דאַווענען זיי מעריב מיט א מנין, צו דערצעהלט מען זיך מעשיות פון דער יוגענד?

**איך האָב נים געקענט שלאָפען, טראַץ דעם וואָס די שיף איז גע־שוואומען גלאַט און שטיל.**

**און האָט זיך פון צייט צו צייט עפּעס א לייכטען טרייסעל געטהאָן, פלעגען ביי מיר בלייבען שטעהן אַלע בליטען.**

און געדאכט האָט מיר, אז עס איז שוין ווייסער טאָג. **און דאָרט, אויפ'ן האלב־רונדען דעק, האָט זיך די טיהר פון דעם „פרויען־קאַבינעט" געעפענט.** „זי" איז ארויסגעקומען. איהם, דעם בלייכען בחור, דער־זעהן, איז זי באַלד צוריק אריין אין שטיבעל מיט א האסטיגען קלאַפּ

פון טיהר. און ער האָט אַ לייכטען שפּרונג געטהאָן איבער'ן פאַרענג אין וואסער אריין...

באלד איז אָבער די שיף ווייטער אַוועק אַ רוהיגע און אַ שטילע. די חברה זיצען קעגנאַיבער און שמועסען. דאָס רונדע פענסטערעל איבער מיין בעטעל איז נאָך אַלץ שוואַרץ. — קיין זאַך ניט געשעהן!

אויף מאָרגען בין איך אַרויס אויפ'ן האַלב־רונדען דעק. דער בלייכער בחור איז געזעסען אויף דעם זעלבען אָרט, וואו איך האָב איהם געכטען איבערגעלאָזט.

דורך דעם קלאַפּ פון מיין טיהר, האָט ער זיין פּנים אויסגעדרעהט. איך האָב עס געזעהן: הארט און בלייך.

און פאַר עפּעס אונבעוואוסטעס, בין איך ניט צוגעגאַנגען צו איהם גוט מאָרגען צו זאָגען.

דער גאַנצער רוים איז געווען אָנגעפּילט מיט אַ געדיכטען, גרויען נעבעל און איך בין געשטאַנען, און מיין פּנים געווענדעט אין אַלע עקען. איך האָב געוואוסט, אַז אָן־דאָרט זיינען די ברעגען, פעלדער, מויערען ריעזיגע. איך האָב געהערט אַ געפּילדער פון דער נאָהענטער שטאָדט. און פערדראָסען האָט מיר וואָס איך קען זיי ניט זעהן, גאָר ניט, נאָר רויך און נעבעל. —

און נאָך איין קלייניגקייט:

„זי" איז ארויסגעקומען פון אונטער דער ווייסער טיהר, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען מיט רונדע שריפטען „פרויען־קאַבינעט".

קיין שאָטען פון איבערראשונג אויף איהר געזיכט, מיט אויסגערוהטע פינקעלדיגע אויגען.

האָט „זי" די גאַנצע נאַכט געפיהלט און איז זיכער געווען, אז „ער" פאָהרט נאָך מיט איהר?

„ער" איז אויפגעשפּרונגען, ווי איינער וואָס איז פערוואָרפען געוואָרען אויף אַ ווילדען אינזעל אין ווייטען ים און וואַרט און וואַרט אויף רעטונג און ענדליך קומט אַ שיף, זיי האָבען זיך אָנגעשטויסען אויג צו אויג.

און פאַר דעם שמייכעל, וואָס „זי" האָט איהם געשענקט, וואָלט איך אזוי ווי „ער" נאַכט אויף נאַכט געוואַרט!



ל. מילער:

I

## א פּאַרק אין קוואַרטאַל.

עטליכע עלענדע טויט־מיעדע בוימער,
פּאַר עפּעס א זינד דאָ צושטעלט;
שטעהען גלייכגילטיג, ווי מענשען וואָס האָבען
אויף אייביג פערשפּיעלט זייער וועלט....

ס'הענגען די בלעטער פער'חלש'ט ארונטער,
און דוכט זיך: אָט פאַלען זיי באַלד...
גראָזען פערשטויבטע, פריהצייטיג פערוועלקטע,
געגאַרטעלט אין קאַלטען אספאַלט...

מענשען פעשלאָפענע זיצען גלייכגילטיג,
די בליקען פערלאָשען און קראַנק —
עפּעס ווי ס'וואָלט זיך איעדער בעזונדער
בעהאַלטען א זעלבסט־מאָרד געדאַנק...

II

דומע מענשען: שפּאַן איך איבער נאָך א צאַם!
ריים איך איבער נאָך א שטריק;
טראָגט א צווייטער דען מיין יאָך?
אוי, מיר זוכען אַלע דאָך,
דאָס זעלבע גליק,
דאָס זעלבע גליק!...

דומע מענשען: גלויב איך נ י ט אין אייער גאָט!
געה איך נ י ט אין אייער וועג!
טהו איך וועמען בייז פון אייך?
קומען מיר דאָך אַלע גלייך
צום זעלבען ברעג...
צום זעלבען ברעג...

III

בין איך געזונד, צו בין איך קראַנק,
איז פעסט מיין טראָט, איז שוואך מיין גאַנג,
איז גלאַטער וועג, איז מדבר זאמד,
בעגלייט מיך רוהם, בעגלייט מיך שאַנד,
כ׳געה שטאָלץ מיין וועג . . .

איך ברען די האַנד, וואָס האַלט צוריק...
איך ריים מיט וואוט די פליכטען־שטריק....
דורך העלען טאָג, דורך שווארצער נאַכט,
דורך טורעמס הויך, דורך טיעפען שאַכט,
כ׳געה שטאָלץ מיין וועג...

איך שלאָג מיין פוס אָן שארפען שטיין,
איך ביים די ליפּ אין שטום געוויין;
עס קומט אַ קרעכץ פון ערגעץ ווייט,
עס רייסט דאָס הארץ, — ניטאָ קיין צייט...
כ׳געה שטאָלץ מיין וועג...

כ׳געה שטאָלץ מיין וועג — אַ פרייער מאַן!...
כ׳געה שטאָלץ מיין וועג, ווי בראוו איך שפּאַן
צום קבר׳ס ראַנד....
אַ פרייער מאַן....
כאַ!



מ. באסין:

## פערלאָרענע טרוימען.

(מרים'ען).

כ'האָב נאָך קיינעם פון מיין טיעפסטען טרויער ניט פערטרויט,
און וועמען האָב איך וואָס זאָל ווען מיך אויף דעם פרעגען ?..
איינע איז זי איינגעשטערענט אין מיין רוים געוועזען,
האָב איך זי — אַ פּערל אין'ם זאַמד פערלאָרען צ'ווישען פרעמדע וועגען...
וואויל איז דעם וואָס האָט אין גרונד פון ים זיין אַנדענק־רינג אַראָבגעלאָזט
און גלייבען קען נאָך ווען איהם צו בעקומען.
גאָט'ס אַ קינד איז דער,
וואָס האָט אין ווייטען רוים זיין שעהנסטע טויב אַוועקגעלאָזט,
און קען נאָך האָפען אויף איהר ווידער־קומען...
האָפענונג און גלויבען!
ביידע זיינט איהר שעהן און פרעמד מיר קראַנקע קינדער מיינע!
ביידע זיינט איהר ליעב און ווייט מיר, — וואו, אָ, וואו זאָל איך
איך זוכען געהן ?!..

כ'האָב נאָך קיינעם פון מיין שווערען ליידען ניט פערטרויט.
און וועמען האָב איך וואָס זאָל ווען מיך אויף דעם פרעגען ?..
די הענט צונויפגעלייגטע אויפ'ן שטומען האַרצען
ציה איך ווייט און איינזאַם מיינע אונבעשטימטע וועגען...
אָבענדיגע קלאַנגען וויעגען מיין נשמה;
אומעטיגע תפלות קושען מיינע ברעמען.

ס'איז אַ מאָרגען־תּפֿלה אין מיין האַרץ געבאָרען
ווילט זיך מיר עס זאָגען האָב איך ניט פאַר וועמען,
זאָג איך עס פאַר זיך אַליין:
אַ בעכער פול מיט מאָרגען־טהוי האָט עמיץ מיר געשאָנקען,
האָב איך איהם ניט וואו אַוועקצושטעלען,
טראָג איך מיט מיין פולען בעכער זיך אַרום...

כ'האָב נאָך קיינעם פון מיין טיעפסטען פיין פערטרויט.
און וועמען האָב איך וואָס זאָל ווען מיך אויף דעם פרעגען?..
אַ בליץ אין טיעפער נאַכט האָט מיך די אייביגקייט אַהער פערוואָרפען,
רוישלאָז בלייבט מיין טראָט און שפּורלאָז מיינע ווייטע וועגען...
ס'זינגט מיין האַרץ דאָס אַלטע, אייביג־נייע ליעד פון זוכענדיגע וועלטען;
און ווי אַ שטיין אין וואַסער זינקט איהר יעדער קלאַנג אין נאַכט אַריין...
פערלאָר'ן האָב איך זיך אין דיר, אָ, גאָט!
פערטראָגען האָסטו מיך — אַ זוניגע נשמה
צווישען דונקלע פרעמדע וועלטען,
ווייס איך ניט וואוהין די נאַכט וועט מיך פערטראָגען...
איידער ס'וועט מיין לעצטער ודוי דיר מיין שטייביגקייט פערטרויען,
שטרעק איך מיינע בעטענדיגע הענד צו דיר אָ, גאָט מיינער!
אָ, גיב מיר קראַפט דעם לעצטען שטיקעל וועג,
ביז צו דיין אייביג־שלאָפענדיגער קעניגרייך באַטש צו דערציהען...

---

איבער שווער פערזאומעטיגטע אָסיען־פעלדער
איז אַ יונגער, ווייסער פוינעל ערגעץ ווייט אַוועקגעפלויגען,
האָבען מיינע שטומע בליקען ווייט בעגלייט איהם,
האָבען וואָלקענס איבער וואָלקענס שטורם־גרייטע
איבער מיינע ווייטע רוימען זיך פערצויגען...
איז מיר אויפ'ן האַרצען אַזוי פיינליך שווער געוואָרען —
ס'האָט מיין האַרץ אין מיטען וועלט איהר שעהנסטען טרוים פערלוירען,
בלאָנדזשען, זוכענדיגע אויף דער וועלט אום, מיינע אויגען...
איבער שווער פערזאומעטיגטע אָסיען־פעלדער
איז אַ יונגער, ווייסער פוינעל ערגעץ ווייט אַוועקגעפלויגען...




מאָררים, אַ געוועזענער וואָדעווויל אַקטיאָר, מיט אַ פּאָר שטייפע אויף אַרויף פערדרעהטע וואָנסען, ווי ביי קייזער ווילהעלם, מיט אַ הייזע־ריגער שטימע פון צופיעל בראַנפען טרינקען, האָט געמאַכט רעפּעטיציעס מיט זיין קליינעם פיליפ, אַ איינגעל פון אַ יאָהר עלף.

מאָררים איז געשטאַנען אין מיטען צימער אין אַ פּאָר הויזען מיט אַ קאָלירט לייבעל, געהאַלטען איין האַנד אין אַ הויזען־קעשענע און מיט דער צווייטער האָט ער דיריזשירט, איינגעזונגען מיט פיליפ'ען קופּלעטען. פון מאָל צו מאָל האָט מאָררים אַ זיפּ געטהאָן פון דער פלאַש בראַנפען, וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן טיש, גענומען עטליכע הויכע טענער מיט זיין הייזעריגען באַס און איז באַלד אַנשווייגען געוואָרען. איהם האָט זיך גע־דאַכט, אַז נישט ער זינגט, נור עפּעס אַ פעטער רוסישער פּאָלקאָווניק מיט צוויי לאַנגע באַקענבערד קאָמאַנדעוועט מיט אַ פּאָלק זעלנער.

מאָררים האָט פון פערדרוס געטהאָן עטליכע ציה פון דער פלאַש, זיך געזעצט און אַנגענומען פיליפ'ען פאַר דער גאָמבע:

— זעהסט, פיליפּ, מיר זינגערס זיינען גאַר עפּעס אַנדערש, אַן אַנדער מין סאָרט מענש — — — מיר זיינען אַרטיסטען! און אַרטיסטען, פאַרשטעהסטו מיך, מוזען טרינקען! עס זינגט זיך גאַר בעסער נאָך אַ גלעזיל משקה! וואָס גרעסער אַ זינגער איז, אַלס מעהר טרינקט ער — האָט דער אַלטער געענדיגט מיט אַ שמייכעל, אַ גלאָץ געטהאָן מיט זיי־

נע גלעזערנע, שכור'ע אויגען און א לאנגען ציה געטהאָן פון דער פלאש.

און אז פיליפּ האָט זיך פאנאנדערגעזונגען אויף זיין ווייך שטימעלע, איז דער האלב־אָנגעטרונקענער פאָטער געזעסען, פון נחת געלאָזט טרעהרען און האָט אונטערגעברומט: „ס'וואקס א כלי! ס'וואקסט!"

— זשוליק! — האָט ער מיט אמאָל דורכגעזויט דורך די צייהן און א קניפּ געטהאָן דעם אינגעל אין געזעס אריין — שניידסט זיך א ליימ, בנאמנות! וועסט זיין „סאן אָף ע' גאָן" מעהר לייט פון דיין טאַטען! ווארט, וועסט נור אונטערוואקסען גיעב איך דיך גלייך אריין אין אזא סקוהל: קאָנסערוואַטאָריום, הייסט עס, און וועסט ארויסקומען א פארטיגע כלי, א קארוזע הא, הא! נישט דארפען זינגען אין די גאסען פאר אקסען, וועסט ווערען אן אפערא זינגער!

דאָ האָט זיך דער אלטער צולאכט און באלד גענומען וויינען מיט טרעהרען ווי ביבערין.

— קום אהער, פיליפּ — האָט מאָררים געזאגט, און איהם ארייגעגאָסען אביסעל בראנפען אין א גלאז — נא, געוועהן זיך צו צום ביטערען טראָפּען.

דער קליינער האָט אויסגעטרונקען און זיך פערקרימט ווי נאָך א ביטערען פּיל.

— ס'ברענט? הא, הא, הא! — האָט דער אלטער זיך צולאכט, ארומגעאכפּט דעם קליינעם פיליפּ און איהם גענומען קושען

— נארעלע, וועסט נישט דארפען טרינקען קיין בראָנפען — שאמר פאניער וועסטו גיסען, שאמפאניער! הא, הא! און מיט'ן אלטען וועסטו זיך שעהמען? הא, ממזר דו? שעהמען זיך מיט'ן גאסען־זינגער!? דו ווייסט ווער דיין טאטע איז אמאָל געווען? נישט קיין גאסען־זינגער! א סטאר! א סטאר איבער ווען מענעדזשערס פלעגען זיך שלאָגען! די שעהנסטע מיידען האָב איך געהאט, בעסטיעס!

דאָ האָט זיך דער אלטער פערהוסט, רויט געווארען ווי אן אינדיס און געשמאַמעלט:

— א מענש וועסטו ווערען ביי מיר, א מענש! די שעהנסטע מיידען וועסטו האָבען דו, בעסטאַרד! נישט דארפען זיך ארומשלעפען מיט פרעהליכע שוועסטער ווי דיין טאטע! — פאניע ארטיסטשע, גאספּאדין

ארטיסט, יור עקסעלענץ — האט מאַרים אויסגעשריען און דערזיפט דאָס לעצטע פון דער פלאש.

פו צווייטען צימער איז אריין מאַרים'עס בעל־הבית'טע א הויכע, שווארץ חנ'עוודיגע ליטוואטשקע מיט א יצר־הרע פלאסטעריל אויף דער באק. זי האט פערליינט איהרע ענטבלויזטע הענט אויף דער פולער ברוסט און א סמאטשקע געטהאָן מיט די ליפען.

— וואס זאָגט איהר ניט צו דעם וועטער? ס'האלט אין איין גיסען — — — און פאר מיין פרנסה־געבער איז דאָס א פיקניק, רק ער שלאָפט.

מאַרים, זעהענדיג זיין בעל־הבית'טע, איז גלייך אויפגעשפרונגען, זיך עלעגנאנט פערנייגט און ער האט איהר אונטערגערוקט א שטוהל:

זיצט מיסעס בלום!

— ווער האט צייט צו זיצען — האט מיסעס בלום געענטפערט, פערזשמורעט עטוואס איהרע אויגען, וויסענדיג אז אזוי איז זי שעהנער — וואס האב איך אייך געוואלט בעטען? ! יא מאַררים, האט איהר פילייכט א „קוואטער" ? כ'ברויך אריין צו ווארפען אין „געז־מיטער".

— יא־וואהל, ליידי! יא־וואהל! — האט מאַררים אונטערגעברומט, ארויסגענומען פון זיין טיעפער קעשענע א קוואטער, זיך געשטעלט אין א טראגישע פאזע און אויסגעדעקלאמירט:

— „מיין שעהנע „ווענוס", איך שענק דיר מיינע ניטער, גליקליך מאך איך דיך, איך שווער דיר ביים „יופיטער!" און האט זי ארומגענומען.

מיסעס בלום האט זיך כלומר'שט געוועהרט און איהם געגומען מוסר זאָגען:

— אי, מאַררים, מאררים, ווי שעהמט איהר זיך ניט, אן עלטערער איד, און ס'ליגט אייך נאָך אין קאפ אזעלכע נארישקייטען.

דערווייל איז סילווע, מיסטער בלום'ס טעכטריל פון ערשטען ווייב, א בלאָנדע מיידיל פון א יאָהר עלף, אריין אין צימער און איז צו צו פיליפ'ען.

— פיליפ, ווערסט געהן אין „מואווינג פיקטשורס" ?

— „שור" וועל איך געהן, ווארט, ס'וועט באלד זיין געלד — האט פיליפ געזאגט, א ווינק געטהאָן מיט זיינע שווארצע אויגעלעך און געוויזען אויפ'ן פארעל.

— ווי שעהמט איהר זיך נישט, ס'איז דאָך א חרפה פאר די קינדער — האָט מיסעס בלום געזאָגט זיצענדיג ביי מאָרים'ען אויפ'ן שויס.

— געוויס, געוויס, ווי דען — האָט מאָרריס געשטאמעלט און א געשריי געטהאָן: — פיליפ, א רוח אין דיין — — מארש מיט סילווע'ן, הינטישע לעבערס!

פיליפ מיט סילווע'ן זיינען ארויס פון צימער, צוגעמאכט די טהיר און גענומען איינציגווייז אריינקוקען דורך דעם שלאָס־לעכיל. פיליפ האָט פון גרויס שמחה ארומגעכאפט סילווע'ן, איהר א קוש געטהאָן און איז צו צו מיסעס בלום'ס מאן, דעם בלינדען זרח, וואס איז געשלאָפען אויפ'ן בעטעל און איהם גענומען וועקען?

דער בלינדער איז אויפגעשפרונגען ווי אן אפגעבריהטער, ברייט צו־עפענט זיינע היהנערשע אויגען:

— ווער איז דאָס? וואָס איז?

— זרח, גיב א „דיים", וועל איך דיר עפעס זאָגען!

— און א „ניקעל" איז נישט גענוג, דו „סאקער"?

— נישט ווענינער ווי א „דיים", דו בלינדער „קאיק"!

דער בלינדער האָט געקרעכצט, געשאָלטען, ארויסגענומען פינף סענט, געעפענט דאָס מויל און אין גאנצען האָט ער אויסגעזעהן ווי א חינעזישער גאָט.

— נו, זאָג שוין, זאָג!

דער פאָ קושט זיך מיט דיין ווייב! נור געדענק, זאג נישט, אז איך האָב געזאָגט — האָט פיליפ ארויסגעפלאצט מיט א געלעכטער. ער האָט געמאכט פאר גרויס שמחה דריי קאָזשאָלקעס און ארויס מיט סילווע'ן.

דער בלינדער איז אויפגעשפרונגען, געכאפט דעם שטעקען און טאַ־פענדיג האָט ער אויפגעפראלט מאָררים'ס טהיר, מורא האָבענדיג אריינ־צוגעהן. ער האָט געטופעט מיט די פיס, געקלאפט מיט'ן שטעקען אין דער פאדלאגע, געגלאצט מיט זיינע פארצעלאנענע אויגען און געשריען:

— רבקה, א בראָך אין דיינע ביינער, וואו ביזטו, וואו, חצופה!?

רבקה האָט זיך א ריס געטהאָן פון מאָררים'ס הענט און איהם גע־וויזען אויף איהר בלינדען מאן:

— ליעבער גאָט, שלאָגירעק זאָל ער ווערען! דער בלינדער הונד!

מאָררים איז געשטאַנען אין מיטען שטוב, געקוקט מיט א שמייכעל דאָ אויפ'ן בלינדען, דאָ אויף רבקה'ן און האָט א טראַכט געטהאָן:

— „ מוט פערליערען פאַסט נישט פאר'ן בראַוועןן קריגער,

אפילו אין דעם קלעם איז נאָך אַלץ דער טיגער — טיגער" !

מיטאַג צייט איז מאָררים ארוים פון שטוב אין זיין קאַלירטען לייד בעל אהן ארבעל, מיט הנאה בעטראַכט די לענג פון פיטקין עוועניו און זיך פאַנאַנדערגעפּייפט.

פון קעלער־שטוב איז ארויס דער „דזשעניטאָר", א פערציג־יעהריגער איירישער מיט א רויטע נאָז און א גלאַט ראזירט פּנים, נאָך איהם — זיין ווייב, א הויכע, געזונטע ניגערטע, מיט ליפּען ווי פּלאַכטעס און מיט א גרויסען, קיילעכדיגען בויך. אין איין האַנד האט זי געהאַלטען א בעזים און אין דער צווייטער א בלעכען קעסעלע פאר ביער.

ביי איהר קלייד האָבען זיך געריבען דריי קליינע ניגערלעך, מיט דיקע ליפּעלעך, מיט קורצע אויפגעשטעלטע צעפּלעך און אויסגעזעהן האָבען זיי ווי שווארצע קודלאַטע שצעניאַקעס.

— האַללאָ, מאָררים, א פיין וועטער,— האָט דער איירישער געזאגט, און אויסגעשפּיגען פון מויל א גאַנצען פלאַסטער קיי־טאַבאַק.

— יאָ, יאָ, יעס סער — האָט מאָררים געצווינגען די ווערטער, פער־דרעהט די וואַנסע, א קלאַפּ געטהאָן דזשאַנען אין דער פּלייצע, ווייזענדיג אויפ'ן ווייב'ס בויך און געזאגט:

— ביזט „ביזי" דזשאָהן!

דזשאָהן האָט מעשה בעל־הבית בעטראַכט דעם ווייב'ס בויך און זיך נאַריש צושמייכעלט.

די ניגערטע האָט פערקאַשערט איהרע ליפּען, א גלאַנץ טהוענדיג מיט איהרע ווייסע צייהן, א גלאָץ געטהאָן מיט די אויגען, זיך איינגעבוי־גען אין דרייען, צוהאַלטענדיג מיט ביידע הענד דעם בויך און זיך פאַנאַנ־דערגעלאַכט ווי א קאַבילע.

מאָררים איז לייכט אראָפּ פון טרעפּעל זיך דורכשפּאַציערט איבער'ן טראַטואַר און האָט חשק געהאַט אריין אין „סאַלון" אויסטרינקען א גלעזעל ביער.

אויף א טרעפּעל איז געזעסען א אידינע פון א יאָהר פערציג, א קור־צע, א דיקע ווי א יאַטקע קלאָץ, מיט אן איבערגעלעגטען גוידער און מיט א

פּנים פון אַן אַלטען מאָפּס. זי האָט געהאַלטען די פיס צושפּרייט און מיט הנאה האָט זי געכאַפּט ארץ ישראל ניסלעך, וואס זיינען געווען אויסגע־שאָטען אויף איהר קלייד, און זיי געוואָרפען אין מויל אריין.

— מיסטער מאָררים, איהר דערקענט מיך שוין גאָרנישט? א מענש געהט דורך, כ׳וויים, הינט, טייפעל, שמעק אריין!

— האַללאָ, האַללאָ, מיסעס סאַלאַמאַן, ווי געהטס! — האָט מאָררים געזאָגט און זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט אריינגעשטעקט די האַנד אין איהר קלייד, געכאַפּט עטליכע ניסלעך און בשעת מעשה איהר א קיצעל געטהאָן.

— „שעהם יורסעלף" — האָט מיסעס סאַלאַמאַן געזאָגט כלומר׳שט א בעליידיגטע, האָט צונויפגענומען די ניסלעך און מיט א קרעכץ זיך אויפגעשטעלט.

— אי, די היץ, די היץ! ניט אויסצוהאַלטען! די „פּייפּערס" שרייבען — מענשען פאַלען ווי פליגען, קומט ארויף מאָררים. ביי מיר איז קיהל, א מחיה!

— יאָ, יאָ, מיסעס סאַלאַמאַן, דאָס איז פיין — האָט מאָררים גע־שטאַמעלט און נישט ווילענדיג זיך נאָכגעשלעפּט.

מיסעס סאַלאַמאַן האָט איהם אריינגעפיהר׳ט אין איהר זאַאַל, זיך ענטשולדיגט און איז באַלד ארויס.

מאָררים האָט בעטראַכט דעם אָבגעבליאַקעוועטען דיוואַן, וואס איז געווען אויסגעשפּרייט אויף דער פּאָדלאָגע און פון וועלכען עס האָבען זיך געהויבען גאַנצע זיילען שטויב, ווען מען האָט געטרעטען איבער איהם. ער האָט בעטאַפּט די אויסגעבעטע שטוהלען, די איבערגעצויגענע פּיאַנאָ, האָט זיך בעקוועהם אריינגעזעצט אין א וויעג שטוהל און שטיל געזונגען:

— „לילית האָט פערשפּרייט א נעץ, און זי וויים נישט, אז כ׳בין א ליץ".

מיסעס סאַלאַמאַן איז באַלד אריין מיט א טאַץ אין דער האַנד. אויף דער טאַץ איז געשטאַנען א סאָפאָן וואַסער, א פלאַש ביער און א טעלער מיט אויבס.

מאָררים האָט געעפענט די פלאַש מיט א שאָס, געטרונקען א גלעזעל נאָך א גלעזעל, פערביסען מיט אויבס.

— איהר ווייסט, מיסעס סאַלאַמאַן, מען וועט מוזען געהן אפּטער צו אייך!

— מיט'ן בעסטען פערגניגען! — האָט זי געענטפערט א צופריע־דענע.

— כ'זאג אייך — האָט מאָררים פארטגעזעצט — כ'בין גאר פרישער געוואָרען! וואָס א גלעזעל ביער מאכט!

— דאָס טענה איך דאָך, מאָררים. איהר זייט דאָך עפּעס א מאן, ס'איז דאָ אויף וואס א קוק צו טהאָן און גאר נישט — איהר פּלאָגט אפּ אייערע פּאָר יאָהר! ווי לאנג איז דער שעור צו זיין אן אלמן?

— נו, נו, מיסעס סאלאמאן, זעהט טאקע עפּעס פאר מיר א שידוך?

— וואס שידוך, ווען שידוך, די קאַץ שיקט מען נישט נאָך די פּוטער — האָט זיך מיסעס סאלאמאן צולאכט— אז איהר האָט זיך פערדרעהט א קאָפּ מיט רבקה'ן, די חצופה, ווער ווייס דאָס וועלען האָבען „ביזנעס" מיט אייך? כ'ווייס, מען זאָגט עפּעס א אידענע, מילא, אָבער דאָס איז דאָך קיין אידענע אויך נישט, א בעזדיעטניצע, א יאלאוויקע, אָבגע־וואָהנט מיט'ן ערשטען מאן 6 יאָהר און גאר נישט — ער האָט זי אָב־געַ'גט. ווייסט איהר פאר וואס? — האָט זיך מיסעס סאלאמאן צוגערוקט צו מאָררים'ען און האָט זיך צולאכט— ס'איז מיר אויף מיין ווארט א חרפּה עס צו דערצעהלען פאר א מאנסביל — זי האָט דאָך קיין — — — — כא, כא, כא! ווי איך בין א אידישע טאָכטער!

— יא, יא, דאָס איז אינטערעסאנט, שפּאנענד! — האָט מאָררים דעקלאמירט קנאקענדיג די ניסלעך.

— ווען איהר פּאלגט מיך פאר א יאָהרען — האָט מיסעס סאלא־מאן ווידער אנגעהויבען, אראָפּלאָזענדיג די אויגען — און חתונה גע־האט, וואלטען מיר געלעבט ווי לייטען גלייך. איהר וואלט ביי מיר קיין פינגער אין קאלטען וואסער ניט געדארפט אריינשטעקען, כבין, ברוך השם, נישט קיין קבצנ'טע. אין הויז ביי מיר, קיין עין הרע, פון כל טוב, און ס'איז נאָך דאָ א פּאָר דאָלאר אין באַנק אויך, פּאָרט א היימישע „ביזנעס". כ'גיעב אוועק א דאָלאר אויף א חודש, קריג איך צוריק אנ־דערהאלבען. ווער מאכט דאָס היינטיגע צייטען בעסערע געשעפטען?

— אסור ראָקאָפעלאָ! — האָט זיך מאָררים צולאכט.

— איהר זייט א לץ! — האָט מיסעס סאלאמאן געזאגט און מאָררים'ען א קלאַפּ געטהאָן איבער'ן פּיס — איהר בארעכענט אייך בע־

סער, מאָררים, און זעהט, אז כ'מיין אייערע טובה מעהר ווי מיינע. נור וואָס טוינען די רייד, ווי לאַנג איהר וועט וואוינען ביי רבקה טליק, זייט איהר אַ פערפאלענער!

— וואס איז שייך — האָט מאָררים אַ ברום געטהאָן, זיך אויפגעשטעלט, אריינגעלאזט די הענד אין די הויזען קעשענעס, זיך איבערגעצויגען, גענומען שפּרייזען איבער'ן דיוואן און געטראכט:

— „איך בין דיר מוחל, וואס דו רעדסט, ווייל דו רעדסט ווי אַ קינד און פארשטעהסט נישט דיין געפעהרליכע לאגע אצינד".

— איהר וועט פיליכט נאָך טרינקען אַ גלעזעל ביער? — האָט מיסעס סאלאמאן איבערגעריסען די שטילקייט.

— ווער זאגט זיך דאָס אָפּ פון אַ גלעזעל ביער? — האָט מאָררים געענטפערט שפּאנענדיג איבער'ן צימער.

מיסעס סאלאמאן איז אריין אין קיך.

מאָררים'ען איז מיט אמאָל איינגעפאלען, אז ס'וואלט געווען אַ פּלאַן חתונה צו האָבען מיט דער אידענע. אמת, רבקה'ן איז טאקע אַ שאָד, נאָר גאר נישט, ער וועט זי נאָך דער חתונה אויך קריגען און דערוויל וועט ער זיין אַ פערזארגטער! ווי זאגט זי אליין: „ נישט דארפען איינטונקען אַ פינגער אין קאלטען וואסער". מען שמועסט, אז זי האָט אַ שלל מיט געלד.

דערוויל איז מיסעס סאלאמאן אריין מיט אַ פלאש ביער. מאָררים האָט גענומען די פלאש, זי בעטראכט, עטליכע מאָל אפּגעווישט דאָס העלזיל מיט'ן טישטוך, וואוילעריש אַ קלאַפּ געטהאָן דעם דנא פון דער פלאש און זיין האנד און דער קארק איז ארויס מיט אַ שאָס. ער האָט אריינגעצויגען אַ גלאז נאָך אַ גלאז, אויסגעדרייהט מיט צוויי פינגער די נאסע וואנסען און זיך אויפגעשטעלט.

— הערט, מיסעס סאלאמאן, איהר זייט טאקע גערעכט, כ'האָב זיך נאָר וואס בארעכענט, אז דער שידוך איז פאר מיר ווי געוואונשען, ווי כ'בין אַ איד! נא, גיסט זיך איין אַ גלאָז ביער און מיר וועלען טרינקען לחיים! געהט רבקה אויפ'ן פייער! מאָרגען „מוּף" איך ארויס!

ער האָט ארומגעכאפּט די דיקע מיסעס סאלאמאן, זיך צוקושט מיט איהר אויף איין באק, אויף דער צווייטער, ד'ערטרונקען דאָס גלאז ביער זינגענדיג:

— „לחיים מיין שאַץ, לחיים מיין שעציל, לחיים מיין לאָקרעץ־קלעציל“.

---

סילווע איז איינע אליין געוועזן אין שטוב. זי האָט ארויסגענומען רבקה׳ס קעסטעלע פודער, זיך איינגעפודערט, אָנגעטהאָן רבקה׳ס קאָפּע־ליוש מיט דער לאַנגער שווארצער שטרויס־פעדער, זיך ארייגעשטעלט אין שפּיגעל, עטוואָס אויפגעהויבען דאָס קורצע קליידער און גענומען נאָכ־זינגען, אפּערוואָרפענדיג איהרע פיסלעך און ווינקענדיג מיט די בלויע אויגעלעך ווי א וואָדעוויל־אַקטריסע.

— ”Hallo central! Hallo central!

Give me six-o-three etc.”

סילווע איז געוועזן אזוי פערטהאָן מיט איהר זינגען און טאנצען, אז זי האָט גאר גישט בעמערקט ווי פיליפ איז אריין מיט זיינע „ראָלערס“ פון דער גאַס.

פיליפ איז געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר מיט אן איינגעהאל־טענעם געלעכטער, זיך צוגעקוקט ווי סילווע „עקטעט“, און איהם איז איינגעפאלען זי איבערצושרעקען. ער האָט שטיל אוועקגעשעלט די „סקייטס“, אויפגעזוכט דעם בלינדען זרח׳ס אן אלטען ראָק מיט א פער־שוויצטען הארטען קאפעליוש, זיי אנגעטהאָן. ער האָט פערבויגען זיינע אויבערשטע לעפלעך פון די אויגען אזוי, אז דאָס רויטע האָט זיך ארויס־געזעהן, גענומען א שטעקען אין האנד אריין און איז, טאפּענדיג, מיט שווערע טריט אריין אין צימער, נאכמאכענדיג זרח׳ס קול:

— רבקה, א בראָך אין דיינע ביינער, וואו דיזטו, וואו? רבקה, פער׳שרפה׳ט זאלסטו ווערען! חצופה! דערווערגען וועל איך דיך!

סילווע האָט זיך איבערגעשראקען, אראָפּגעריסען דעם קאפעליוש, איהם א שליידער געטהאָן אויפ׳ן בעט. זי האָט זיך אבער באלד צולאכט, דערזעהענדיג, אז דאָס איז פיליפ.

— געה צום טייוועל! האָסט מיך איבערגעשראקען צום טויט!

פיליפ האָט זיך געמאכט נישט הערענדיג, געשאָלטען, געטופּעט מיט די פיס, געגלאצט מיט די רויטע אויגען, אנגעכאפּט סילווע׳ן פאר די האָר, זי אויסגעצויגען אויף דער פּאדלאגע, געשלעפּט און געשריען!

— דערוווערגען וועל איך דיך, דערוווערגען! מיט'ן שכור, מיט דיין „ליובאָוניק"!

סילווע האָט זיך צוואווײנט אויפ'ן קול.

פיליפ האָט זיך צולאַכט, אראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם ראָק מיט'ן קאפעליוש, זיך אראָבגעלאזט אויף די קימשקעס.

— וואָס וויינסטו! ? ס'איז דאָך געווען א שפּאס. ביזט א נאר! כ'האָב געזעהן ווי דו „עקטעסט" האָב איך אויך „געעקטעט" — האָט פיליפ געשמייכעלט און זיך אויפגעשטעלט.

סילווע האָט זיך אויסגעווישט די אויגען און אן אונגעכמורעטע געזאָגט:

— אז וועסט נאָך איין מאָל לאכען פון מיין פא, וועל איך מיט דיר אייביג זיין ברוגז, וועסט זעהן! פאר וואס לאך איך נישט פון דיין פא? א, ער איז דאָך אזא שלעכטער! ווען נישט ער, וואלט זיך מיין פא נישט ארומגעקריגט מיט רבקה'ן!

דו ווייסט פארוואָס זיי קריגען זיך ארום? „אל בעטשע" דו ווייסט נישט? רבקה וויל מען זאָל זי קושען. און דיין פא וויל נישט, דעריבער „גלייכט" זי איהם נישט.

— און דיין פא קושט רבקה'ן? — האָט זיך סילווע געפרעגט.

— „שור" קושט ער, פונקט ווי אין „מיינער'ס וואָדעוויל." דו ווייסט מיין פא איז דאָך געווען אן „עקטער" און אז איך וועל אונטערוואקסען וועל איך אויך זיין אן „עקטער"„ אָט אזוי:

דאָ האָט פיליפ זיך געשטעלט אין א פאזע, מיט איין האנד ארומגע־נומען סילווע'ן פאר דער טאליע, מיט דער צווייטער האנד האָט ער אנגענומען איהר הענטעל און איהר א קוש געטהאָן.

— „גראָרי היר" — האָט סילווע א קווימש געטהאָן, אויסגעשפּיגען, זיך ארויסגעריסען פון פיליפ'ען און אריין אין קיך — כ'וועל דערצעהלען פאר דיין פא, וועסט זעהן? נעה, ביזט א חזיר! כ'וועל מיט דיר קיינמאָל נישט רעדען.

זי האָט אנגעשפּיגען אויף דער האנד, גענומען רייבען אויף דעם פלאץ, וואו זי האָט א קוש געקראָגען און ארויס אויף דער גאס.

---

מאררים מיט רבקה'ן זייגען בעפאלען דעם בלינדען זרח און איהם גענומען שטיקען. זרח האט געמאכט קולות, זיך געבעטען זיי זאלען איהם אפלאזען. עס האט נישט געהאלפען. זיי האבען איהם מיט אמאל אויפגעהויבען, אויפגערוקט דאס פענסטער און איהם ארויסגעשליידערט. זרח איז געפאלען מיט אויפטרייסלענדע געשרייען, געפאלען אלס שנעלער און וואס ער איז צו צו דער ערד, איז זי זיך צושווימען און ער איז ווייטער געפאלען.

אן אפגעגאסענער מיט שוויים האט ער זיך אויפגעכאפט פון שלאף. ער האט זיך באלד בערוהיגט, אז עס איז נישט מעהר ווי א חלום און זיך איבערגעצויגען. אין שטוב איז קיינער ניט געווען. דעם בלינדען האט זיך געדאכט, אז אין מארים'עס צימער סקריפעט דאס בעט.

— שוין ווידער! — האט זרח א ברום געטהאן און אויפגעשפרינגען אן אויפגעקאכטער פון זיין בעטעל. ער האט גענומען רופען:

— רבקה! רבקה! סילווע! פיליפ! מאררים! א מיתה משונה אויף אייך אלע!

אין שטוב איז געווען שטיל. זרח האט אויפגעשפיצט זיינע אויערען און איהם האט זיך ווידער געדאכט, אז דאס בעט ביי מאררים'ען קרעכצט. ער איז געווען זיכער, אז דארט איז קיינער ניטא, פון דעסטוועגען איז ער פארזיכטיג אריין אין מאריסעס צימער און מיט א געמאכטען כעס גענומען קלאפען מיט'ן שטעקען איבער'ן בעטיל:

— אט אזוי! אט אזוי! נאט אייך! ממית'ען וועל איך אייך!

דעם בלינדען איז דאס עסק געפעלען געווארען, ער האט זיך צולאכט, זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן בעטעל, עס ארומגעטאפט פון אלע זייטען, ארומגעשמעקט עס, ווי א הונד, מיט דער נאז און מיט א קרעכץ איז ער ארויס פון חדר.

איהם האט זיך אויסגעדאכט, אז אלע זיינען אין שטוב, בעהאלטען זיך אין די ווינקעלעך, אונטער די בעטען, אז באלד וועלען אלע מיט אמאל ארויסשפרינגען, איהם בעפאלען, דערווערגען.

אן אויפגעציטערטער איז ער צו צום פענסטער. ער האט ברייטער ועפענט זיינע אויגען און זיך איינגעהערט ווי דער רעגען קלאפט, שמייסט אין די שויבען, ווי מיט בייטשען. עס האט איהם דורכגעטרייסעלט. ער האט געפיהלט ווי א שרעק נעהמט איהם ארום און פון היימליכקייט־

ווענען האט ער גערופען: רבקה, רבקה! חצופה! עס איז געווען שטיל. פון א ווינקעל האט זיך געטראגען א הייזעריגער כככ... פון א קעציל.

— גאר צו רופען דאס קעציל — האט דער בלינדער צו זיך גע־זאגט. — פוססי, פוסי, קאם היר!

— דאס קעציל איז באלד ארויס מיט א וואורטשען, זיך גענומען רייבען אן בלינדענס פוס. זרח האט זיך איינגעבויגען, גענומען די קאץ אויף די הענד און איינגעטוליעט זיין פנים אין ווייכען, ווארעמען פעלכיל.

— פוססי, דיר איז קאלט? — האט זרח גע'טענה'ט צום קע־ציל, טוליענדיג שטארקער זיין פנים אין ווייכען פעלכיל

דאס קעציל איז הפנים ניט צופריעדען געווען פון בלינד'ענ'ס צערטליכקייט, האט עס א פריסקע געטהאן און זיך ארויסגעריסען פון זיינע הענד. עס האט זיך געהערט א קלאפען אין טהיר.

— „קאם אין"!

מיסעס סאלאמאן, וואקלענדיג זיך ווי א פעטע גאנז, איז אריין.

— גוט איוונינג, זרח, ווי געהטס? דאס בין איך, מיסעס סאלאמאן, וואו איז אייער פרוי?

— בנאמנות, א גאסט — האט זרח געענטפערט א צופריעדענער — זייט זשע מוחל, מיסעס סאלאמאן, נעהמט א שטוהל און זעצט אייך. איהר פרעגט זיך, וואו רבקה איז? די שווארצע יאהר וויסען זי! טליקעט זיך ארום!

איהר מעגט עס נאכאמאל זאגען — האט מיסעס סאלאמאן געזאגט זיך אוועקגעזעצט און אפגעפראכט — כ'האב זי נור וואס באגעגענט, מיט דעם קונצענמאכער, דעם שכור, אויף זיי מעג מען יא זאגען: די „מיסעס" מיט דעם „בארדער"!

— אזוי? געטראפען? אי, אי, אי! — האט דער בלינדער זיך גענומען רייבען א האנד אין א האנד — נו, זאגט איהר, מיסעס סאלאמאן, איהר זייט דאך קיין נאר נישט, ווי לעבט מען? וואס קאן איך מיר, ארימער קאליקע, העלפען?

— וואס הייסט? — האט מיסעס סאלאמאן געפרעגט, צורוקענדיג איהר שטוהל צו זרח'ן — איהר זייט, דאכט זיך, א מאן און די וועלט איז נישט הפקר. אמת, ס'איז אמעריטשקע גנב! אין יוראפ וואלט מען אזא

יונג די ביינער צובראכען, נאר גארנישט! איז ראשית, מאכט מען מאררים'ען צו „מופען"! און דערנאך לאזט מען זיך נישט בלאזען אין דער קאשע אריין. איהר זייט טאקע א בלינדער, אבער פארט א מאנסביל, און רבקה איז נישט מעהר ווי אן אשה. איהר נעהמט זי נאר פעסט אין די לייצען אריין, וועט איהר זעהן, ווי זי וועט געהן אין שפאן!.... נאר ס'ערשטע, מאכט צו מופען אט דעם קונצען מאכער, אז נישט זענט איהר אן איבערגעפיהרטער, ער וועט מיט זיינע זיסע ריידלעך ארויסציהען דעם לעצטען ביסען פון מויל! אי רבונו של עולם, אויסכאליען זאל ער מיינע פאר טאלער!

— נו, נו, גיט טאקע אן עצה, מיסעס סאלאמאן, ווי מאכט מען דעם פארשוין צו „מופען"? כ'האב מורא — האט זיך דער בלינדער ביטער צולאכט — ער זאל מיך נישט מאכען צו „מופען". די חברה וואל־טען מיך שוין לאנג ארויסגעפאקט נאך „ברוקלין".

— וואס האב איך דא א סך צו טענה'ן? — האט זרח מיט א זיפץ געזאגט, — כ'בין א „דעם פול", אליין זיך שולדיג. גאט האט געשטראפט, מיר צוגענומען די ראיה, האב איך נעדארפט נעהמען די טויזענד טאלער, וואס כ'האב געקראגען און זיי אריינגעבען אין א „האם" — וואלט איך מיר דארט געזעסען רוהיג און סילווען וואלט די שטאדט צוגענומען. האט זיך מיר אבער פערגלוסט חתונה צו האבען און רבקה'לע, די חצופה, א בראך אין איהרע ביינער, האט דערשפירט מיינע פאר סענט. ווי זי האט זיך דאס צוגעפוצט צו מיר, די געקאוועטע ליטוואטשקע, מיך גערופען „זרח'קע" און „טייערינקער", און דער טייפעל ווייסט וואס? ווער פארשטעהט זייער לשון ווער, פלעגט זיך פערקאטשען די ארבעל איבער די עלענבויגענס, מיר זיך הענגען אויפ'ן האלז, צוזאגען דאס אויבערשטע פון שטויסעל, האב איך גערעכענט: כ'ווייס, פארט בעסער אן אייגען בעט, ווי צו זיין אין א „האם". ווער האט געוואוסט, אז זי וועט זיך אריינגעהמען א „ליובאוו־ניק", דעם שכור, און יעצט נעה שריי חי וקים!

מיסעס סאלאמאן, וואס זאל איך אייך לאנגברייען, זי לעבט מיט איהם אונטער מיינע אויגען, אז כ'זעה נישט! און דו בלינדער הונד, ווער צופלאצט! ביזט קיין מאן נישט מעהר! און ווער ווייסט, מיסעס

סאלאמאן, אזוינע חברה קאנען מיך נאך אפ׳סמ׳ען. און מיין סילווע, א פינסטער יאהר אויף איהר, זי האלט דאך אויך מיט זיי. און זיין בנ׳אקעל, פיליפ, א פער׳שרפ׳עט זאל ער ווער׳ען! א שעהנע קאפעליע, ווי איהר זעהט!

— עס נעהט עמיצער — האט מיסעס סאלאמאן געזאגט און זיך אויפגעשטעלט — צייט צו געהן! מען מוז צוגרייטען „סאפער“ פאר די קינדער.

— וואס היילט איהר זיך, מיסעס סאלאמאן, דאס איז רבקה,

— ניין, כ׳גנעה, „גוט באי“, זרח.

ווען מיסעס סאלאמאן איז צו צו דער טהיר, איז רבקה אריין מיט א שירם אין דער האנד. זי איז געבליעבען שטעהן. זיי האבען זיך ביידע אנגעקוקט ווי צוויי העהנער.

— עס געפעלט דיר שוין מיין בלינדער מאן אויך? — האט רבקה אויסגעשאסען, אויסגעגלאצט די אויגען און געכאפט די הענד פאדבא־קעם — גיט געקאנט קריגען מאררים׳ען, איז דער בלינדער זרח אויך גוט! — האט זי פארענדיגט מיט א ניגון.

— דערפאר האסטו שוין מארים׳ען מיט׳ן בלינדען צוזאמען, הא?

— האט מיסעס סאלאמאן א רויטע ווי אן אינדיק געענטפערט.

— וואס איך האב לאז דיר דיין קאפ ניט דארען, נור, דו, יאטקע קלאץ, פלייש מיט אויגען, „גראדי היר“, דען כ׳פלעט דיר דעם מח!

זרח איז אריין אין קיך, געבליעבען שטעהן ווי א גולם מיט א צוע־פענט מויל און געשריען!

— וואס איז? רבקה׳לע, האסט שוין צועפענט דיין צואווערעמט פיסקעל?

דערווייל האט זיך מיסעס סאלאמאן ארויסגערוקט פון שטוב ניט טוידט ניט לעבעדיג. זי האט געשפרייזט איבער די טרעפען, געשריען און געשאלטען.

— וואס איז? וואס פאר א חתונה האסטו אויפגעקאכט? וואס האסטו פון איהר געוואלט, וואס? — האט זרח מיט כעס געפרעגט.

— בעליידיגט איהם די „ליובאוויניצע“ — דיין גליק, וואס כ׳האב איך ביידע נישט געטראפען — האט רבקה זיך צולאכט.

— דו מיינסט אלע האבען דיין טבע? — האט זרח געענטפערט —

און וואו ביזטו דאָס פערפאלען געוואָרען, כהאָב גערעכענט האָסט געמאכט פּליטה מיט'ן שיכור.

— ס'וואלט קיין עולה נישט געווען — האָט רבקה געענטפערט, איז צו צום אייז־שענקעל, ארויסגענומען א באנאנע און געגעסען.

— ווער האַלט דיך, ליטווישע נ'אמונה? גיעב צוריק מיין געלד, און געה ברעך הענט און פיס מיט'ן גראָבען שכור צוזאַמען!

— ווער פרעגט דיך עצות, בלינדער הונד, אז כ'וועל וועלען, וועל איך געהן!

— חצופה! — האָט דער בלינדער דורכגעזיימט דורך די צייהן, זיך אויפגעשטעלט, אויסגעגלאָצט די פארצעלאנענע אויגען, פארקוועטשט די פויסטען און זיך געטרייסעלט.

רבקה איז צו נאָהענט צום בלינדען און איהם א כראַקע געטהאָן גלייך אין פּנים אריין. דער בלינדער האָט פון כעס א שליידער געטהאָן דעם שטעקען, גענומען יאָגען די ווייב, איז געפאלען ווי גרויס ער איז און זיך צוקלאַפּט. ער האָט גענומען רעווען ווי אן אקס.

רבקה איז צו צום מאַן, איהם גענומען קושען, האלדזען, געהאָלפען אויפהויבען און געלעגט אויפ'ן בעטיל.

— אז אלץ איז איבער דיר, זרח, — האָט רבקה א שולדיגע גע־זאָגט, גענומען דעם מאַנ'ס האַנד און זיך געזעצט אויפ'ן בעטיל — ביזט מיך אלס אין איינעם חושד, אז כ'האָב עסקים מיט מאָררים, כווייז דיר, אז מאָרגען „מופּט" ער ארויס פון אונז, למאי, „רענט"? מיר קענען אזוי פיעל נים צאָהלען, וואס געהט עס מיך אן! ביי אונז אין שטוב איז דאָך פּשוט א גיהנם!

— אויף מיין וואָרט, רבקה'לע, מאַך איהם צו „מופען", וועסט זעהן, איך אליין וועל בעצאָהלען דעם „רענט". כ'וועל געהן אין די הייזער, א בלינדען וועט יעדער געבען און דו וועסט דיר לעבען ווי א גרעפין, ווי א „לעדי", אבי מאַך איהם צו „מופען", דער שכור!

— לייכט צו זאָגען, וועסט געהן אין די הייזער, מיר פערשוואַרצען דאָס פּנים. דאָס פעהלט מיר נאָך! כ'ווייס, כ'האָב גערעכענט, מיר וועלען זיך מאכען עפּיס א שטיקעל „ביזנעס", גאָט וועט העלפען, מיר וועלען ווי עס איז דורכקומען, מיר זיינען דאָך נים מעהר ווי דריי מענשען? און

דו האסט מורא ארויסצוגעבען דאס בייטעלע פון דער האנד, געטרויסט נישט דיין איינען ווייב, און וואס וועט זיין דער סוף?

— דאס שריי איך דאך, — האט דער בלינדער א צופריעדענער געזאגט, — פערקאַטשענדיג דעם ווייב די ארבעל פון דער בלוזקע, — וואס הייסט, מענשען לאַכען דאך פון מיר אין די פויסטען, זיי טענה'ן, אז דו מיט מאַריסען, כ'וויים... מיינסט כ'גלויב? אסור נישט! נור צו וואס זאל מען מאכען מענשען ר'עדען! און צוריק גערעדט, לאז דיך נישט פערדריסען, קיינער הערט דאך ניט, מיר לעבען עפים צוזאמען, נו? מיינסט טאקע, כ'ברויך געלד? אט, נא, דו האסט דעם גאנצען בייטעל.

רבקה האט איהם ארומגענומען און גענומען קושען. זרח האט זי ארויפגעשלעפט אויפ'ן בעטעל.

---

מאַרים איז אהיים געקומען שפעט ביי נאכט. ער איז גלייך אריין צו זיך אין צימער, פערמאַכט נאך זיך די טהיר און האט אנגעצונדען די געז.

איבער דער ברייט פון בעט איז געלעגען פיליפ, אן אפגעדעקטער, און געכראפעט. מאַרים האט איהם אויסגעדרעהט, אריינגערוקט אין א ווינקעל און זיך גענומען אויסטהון.

די טהיר האט זיך שטיל געעפענט און רבקה איז אריין אין א לאנג, ווייס נאכט־העמד. די האר פערקעמט מיט א צאפ אראפ, און געבליבען שטעהן. מאַרים האט עפעס ווי ניט געגלויבט זיינע אויגען, געקוקט אויף רבקה'ן און געשמייכעלט. ער איז צו איהר צוגעגאנגען און האט זי ארומגענומען. רבקה האט זיך ארויסגעדרעהט פון זיינע הענד, זיך געזעצט אויפ'ן בעט און איהם געצייגט מיט דער האנד ער זאל זיך זעצען ביים טיש.

מאַרים האט זיך אוועקגעזעצט און געווארט וואס ווייטער וועט זיין.

— הער, מאַרים, — האט רבקה שטיל געזאגט, — ווייטער אזוי צו לעבען איז אונמעגליך! אויב דו האסט מיך אין אמת'ן ליעב, קום, לאמיר אוועק פון דאנען נאך היינט ביי־נאכט, און אויב ניט — „סוף", כ'וויל ניט האבען קיין צוויי מאנען!...

מאַרים איז ווי צומישט געווארען, גענומען שטאמלען:

— יא, יא, אבער וואו נעהמט מען געלד?

— דער בלינדער האט מיר אוועקגעגעבען די גאנצע צוויי הונדערט דאלאר, כ'זאל דיך מאכען צו „מופען", — האט זיך רבקה צולאכט.

מאָרים, ניט ערוואַרטענדיג אַזאַ ענטפער, האָט זיך אין גאַנצען פער־לוירען. ער האָט אַריינגעכאַפּט אין מויל אַריין איין וואַנסע און זי געגנד־מען קייען.

ער האָט געקוקט ווי רבקה ציהט זיך אויס אויפ׳ן בעט ווי גרויס זי איז, מיט׳ן פּנים צום סופיט. ציהט איין איהר לאַנג נאַכט־העמד אַרום דעם לייב, אַזוי אַז אַלע גליעדער פרעסען זיך בולט׳ער אַרויס, פּאַרלייגט א פוס אויף א פוס, וואַרפט אַריבער אויפ׳ן ווייסען האַרץ דעם שוואַרצען צאָפּ, נעהמט די הענד צוקאָפּענס און שמייכעלט צו איהם. מאָרים האָט מיט אַמאָל אָן אַלעם פערגעסען, דערפיהלט, אַז עפּעס וואַקסט אין איהם, ער ווערט יונגער, שטאַרקער, האָט ער זיך מיט אימפּעט אַ שטעל אויף געטהון און גענומען געהן צו רבקה׳ן. רבקה האָט שמייכלענדיג אָפּער־גענומען אַ האַנד, געוואָרען מיט אַמאָל ערנסט, און איהם געגראַזשעט ער זאָל נישט צוגעהן צו איהר.

מאָרים איז געבליעבען שטעהן מיט אַ פּאָר גלאַנציגע אויגען, זיך אַרומגעקוקט ווי איינער, וואָס זוכט הילף, און זיך גענומען קראַצען דעם קאָפּ.

פיליפּ האָט זיך דערווייל איבערגעוואָרפען, צועפענט די אויגען, און מיט א זיפץ וויעדער אַנשלאָפען געוואָרען.

— און וואָס וועט זיין מיט פיליפּ׳ן ? — האָט מאָרים געפרעגט, — מען מוז דאָך איהם מיטנעהמען !

מען וועט קיינעם ניט מיטנעהמען ! — האָט רבקה געענטפערט, פערנאַנדערפלעכטענדיג איהר לאַנגען צאָפּ, — אויב דו ווילסט, טהו זיך אָן און מיר פאָהרען. גיכער !

דאַ האָט רבקה אַ ציה אַריין געטהון איהרע פיס אין לאַנגען נאַכט־העמד, אַ צאַפּעל געטהון מיט איהרע אַקסלען און מיט אַזאַ גלאַנציגע פייכטקייט פערזשמורעט די שוואַרצע אויגען, אַז מאָריסען איז אַ וואַרעם פרעסטיל דורכגעלאָפען איבער׳ן לייב.

ער האָט זיך לייכט אַראָפּגעלאָזט אויף די קניען, צושפּרייט די הענד, אָנגענומען אַ טראַגישע פּאָזע און מיט פּאַטהאָס אויסדעקלאַמירט :

— אָ, מיין זיסער אַמאָר ! דיין וואָרט גיעב נור — גיעב !..
איך האָב דיך ליעב, זאָג ! האָסטו מיך אויך ליעב ?"

פאַרטאָג האָט זיך דער בלינדער אויסגעטשוכעט, גענומען וועקען די ווייב: רבקה! רבקה'לע! זי געזוכט נעבען זיך מיט די הענד. ער האָט געפיהלט, ווי עפּעס רייסט זיך אָפּ ביי איהם אין הארצען, נישט גע־פינענדיג רבקה'ן. און אויפגערעגטער איז ער אַראָפּ פון בעט און איז צו צו סילווען.

— שטעה אויף, ממזרת, דערשטיקען וועל איך דיך!.. — האָט זרח געשריען, טרייסלענדיג די פערשלאָפענע סילווע. — האָדעווע אויס טעכ־טער, אויסגערונען דארפען זיי ווערען!..

סילווע האָט זיך אין איבערגעשראָקענע אויפגעכאַפּט, זיך צוואויינט:

— וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס קניפּסטו מיך?

— געה שוין אריין צו מאָרים'ן! זעה צו רבקה איז דאָרט דאָ, גי־כער! זי האָט דעם לעצטען סענט פון מיר צוגענומען, די „באָמערקע“! וואָס ליגסטו? געה!

סילווע איז א נאַקעטע אַראָפּ פון בעטעל און, כליפּענדיג, אריין אין מאָרים'עס צימער. דער בלינדער איז איהר נאָכגעגאנגען.

— רבקה איז דאָ ניטא, — האָט סילווע א פערוויינטע געזאגט.

— ניטא? און מאָרים שלאָפט נאָך?

— מאָרים איז אויך נישטא, פיליפּ אליין שלאָפט אָהן קישענס.

— א בראָך צו מיר, — האָט דער בלינדער א רעווע געטהון, — ס'הארץ האָט מיר באלד געזאגט, אז ס'איז נישט גלאַטיג, זיי זענען אנ־טלאָפען, מיך איבערגעלאָזט א בלינדע קאַליקע, אָהן א סענט! וואָס טהוט מען? וואָס טהוט מען?

פיליפּ איז פון די קולות אויפגעקומען און א פערוואונדערטער זיך געפרעגט: וואָס איז דאָ?

— דיין טאַטע, אז דער ערשטער דונער זאָל איהם טרעפען, איז אנ־טלאָפען מיט רבקה'ן, צוגענומען דעם לעצטען סענט און דיך אויך איבער־געלאָזט! ווערסט קומען די הינט צוטהיילט! — האָט זיך דער בלינדער צושריען און זיך א וואָרף געטהון מיט צושפּרייטע הענד אויפ'ן בעט, אָנגעכאַפּט פיליפּ'ען פאַר'ן קאָפּ און איהם גענומען שטיקען, אַרויסלאָ־זענדיג בשעת מעשה אויפטרייסלענדע קולות.

פיליפּ האָט געשליידערט מיט די פיסלעך, געביסען דעם בלינדען,

געשריען: „בעסטאַרד, געט יאָר סייז!" געבעטען סילווע'ן זי זאָל איהם נישט לאָזען שלאָגען.

סילווע האָט זיך אַ פּערוויינטע אַרומגעוויקעלט ווי אַ שלאַנג אַרום דעם פאַטער'ס פיס, געקנייפּט וואָס כח נור, געקוויטשעט ווי אַ יונג חזר'ל.

דער בלינדער האָט מיט אַ מאָל אפּגעלאָזט פיליפּ'ן, דערלאַנג סילווע'ן אַ שליידער פון זיך און געבליבען שטעהן אין מיטען שטוב, אַ בלאַסער, מיט אַ פּאָר פערגלייזעלטע אויגען, מיט אַ ברייט צועפּענט מויל. ער האָט פערבראָכען די הענד און געטענה'ט מיט אַ ניגון, ווי מען בעקלאָגט אַ טוידטען:

— וואָס טהוט מען? ווי האָבען זיי מיך איבערגעלאָזט? ס'בלייבט מיר נישט איבער מעהר, ווי צו וואַרפען זיך אין ים אַריין!..

סילווע איז געלעגען אין אַ ווינקעל און געכליפּעט.

פיליפּ האָט, ווי פאַרגעסען אין די קלעפּ, דאָ געקוקט אויף דעם בלינ־דען, דאָ אויף סילווען, דערזעהן, אז ער שפּלאָט אָהן אַ קישען, אז דעם טאַטענ'ס וואַליז איז נישטאָ, אז ער האָט איהם איבערגעלאזט, — האָט עס איהם פאַרקוועטשט אונטער'ן הארצען און ער האָט זיך שטיל צוא־וויינט.

---

פאַרנאַכט.

פיליפּ איז אַריין אין שטוב מעשה בעל הבית, מיט אַ ברייטען „גוט איוונינג".

ביים טיש איז געזעסען דער בלינדער, געשניטען אַ טאָמעיטאָ אין קליינע רייפלאַך, געטונקען אין זאַלץ און געגעסען מיט ברויט.

פון קיך איז אַריין סילווע מיט פערקאַטשעטע אַרבעלעך. אַרום די זייטען רבקה'ס אַן אַלטער פאַרטוך, און מיט אַ שמייכעל פון אַ יונג ווייבע־לע האָט זי פיליפּ'ן געפרעגט:

— האָסט עפּיס אַ סך געלד געמאַכט?

פיליפּ האָט געשמייכעלט, אַריינגעשטעקט די הענד אין די הויזען־קעשענעס, און גענומען שלעפּען „פּענעס".

— נאָ, האָט ער גדלות'דיג אַרויסגעזאָגט. דאָ האָסטו אַ טאַלער מיט פופציג סענט.

— דזשי! „אַ האָל לאָט" מיט געלד, — האָט סילווע אויסגעשריען

ארויף אויף א בענקיל, גענומען א פולע האנט פענעס און זיך קאָקעטיש געפרעגט ביי פיליפ'ען :

— נו, טרעף : „דראַד — אום"?

— דראַד, — האָט פיליפּ געענטפערט.

סילווע האָט געעפענט דאָס הענטיל.

— אבע, נישט געטראָפען, „אום"!

— גרייט בעסער צום טיש, סילווע, וועסט שפעטער שפּיעלען! פיליפּ איז דאָך הונגעריג — האָט זרח זיך אריינגעמישט.

פיליפּ האָט הנאה געהאַט פון זרח'ס רייד, ער האָט זיך געפיהלט מעשה גרויסער מענש. ביים טיש האָט זרח איהם דערצעהלט מעשיות, וועלכע ער האָט נים פערשטאַנען, נאָר גאַרנישט, ער האָט אויסגעהערט, געפיהלט אז ער איז געוואָרען מיט אמאָל עלטער.

נאָכ'ן עסען האָט פיליפּ געהאָלפען סילווע'ן אָבוואַשען דאָס געפעס, אוועקגעגעבען דאָס געלד דעם בלינדען, איינגעזונגען א ליעד און אוועק מיט סילווע'ן אין „מאָאווינג-פיקטשורס".

עס האָט זיך געוועבט אַן אומענדליכע פריירי מיט כוואַליענדע גראָז.

פיליפּ'ס שווארצע אויגען האָבען א פינקעל געטהאָן, ער האָט זיך פעסט צוגערוקט צו סילווע'ן, אָנגענומען איהר ווארעם הענטיל, איהר א שטורך געטהאָן מיט'ן עלענבויגען און געהייטען האָט עס : „קוק!" עס האָט זיך עפּעסע בעוויזען פון דער ווייטענס — א פלעק. דער פלעק איז געשוואָומען, געשפּאַנט אלס געהנטער און נעהנטער און אָט האָט ער זיך פערוואנדעלט אין א געדיכטען נעבעל, איינגעהילט די פריירי : דער נעבעל האָט זיך צושפּאַלטען, פונאנדערגעשוואומען אין א מחנה נאַקעטע אינ-דיאנער מיט קאָלירטע פעדערען און די רויט-געפאַרבטע האָר זייגען ארויס-געשפּרונגען אויף צוואווילדעטע פערד, געפיהרט א ווילד מיידעל מיט צו-לאָזטע, גאָלדענע לאָקען און פערשוואונדען. דער נעבעל האָט זיך פער-צויגען.

סילווע איז געזעסען מיט טרעהרען אין די אויגען און ארויסגעלאָזט א וויינענדיגען „דזשי". פיליפּ איז געוועזען רוהיגער. ער איז געווען זיכער אז באלד וועלען ארויס „קאָו-באָיס" מיט „פּיסטאָלס" און וועלען „פּיימען" די אינדיאַנער.

פון דערווייטענס האָבען זיך באלד בעוויזען „קאָו-באָיס" אין העמ-

דער, ברייטע פילצענע קאַפּעלושען, מיט קאָלירטע טיכלעך אַרום האַלז. זיי האָבען זיך געטראָגען ווי פייל פון בויגען אויף זייערע אויסגעצויגענע פערד, זיך געריסען פון דעם לייוועגט, אַרומגערינגעלט די אינדיאַנער, גענומען שיסען. די אינדיאַנער האָבען גלאָזט דאָס מיידעל און זיינען ענטלאָפען.

— שעהן? — האָט פיליפּ אַ צופריעדענער געפרעגט סילווע׳ן.

— זעהר שעהן! — האָט סילווע געענטפערט.

— און דו וואָלסט ניט מורא געהאַט צו פאָהרען אין דער „וועסט“ זיך „פייטען“ מיט אינדיאַנער? — האָט סילווע געפרעגט.

— „שור“ נישט — האָט פיליפּ געענטפערט. — וואַרט, מיר וועלען נור אונטערוואַקסען, וועלען מיר פאָהרען צוזאַמען, וועסט זעהן ווי איך וועל זיך יאָגען נאָך אינדיאַנער. כ׳וועל שיסען מיט אַ רעכטען „פּיסטאָל“ ווי אַ פּאָליסמאַן, אָט אַזוי! פּיף־פּאַף!

— און אַז זיי וועלען מיך כאַפּען? — האָט סילווע טרויעריג געפרעגט.

— וועל איך צונויפנעהמען אַ חברה „קאָו־באָיס“ און דיך ברענגען צוריק.

— און אַז זיי וועלען מיך אויפעסען? זיי עסען דאָך מענשען!

דאָ איז פיליפּ געבליבען שטעהן אין אַ פערלעגענהייט, ניט וויסענדיג וואָס צו ענטפערען. באַלד האָט ער אַ שפּיי געטהאָן, מעשה כוואַט, און געזאָגט:

— זעהסט, כ׳געה שוין עטליכע יאָהר אין „מואווינג פּיקטשורס“ און איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן זיי זאָלען עסען אַ ווייסען, תמיד כאַפּט מען זיי.

דאָס האָט סילווע׳ן בערוהיגט און זיי זיינען געגאַנגען אַהיים.

אין דער היים איז דער בלינדער ניט געווען — די קינדער האָבען ניט אָנגעצונדען די גאַז און זיך אוועקגעזעצט אויפ׳ן בעט.

— ווייסט — האָט פיליפּ זיך געווענדעט צו סילווע׳ן — אַז כ׳וועל אונטערוואַקסען, וועל איך אָנזאַמלען געלד, אַריין אין אַ סקול און ווערען אַן עקטער. דו ווייסט, דער טאַטע פלעגט מיר זאָגען, אַז די שעהנסטע מיידלעך וועלען צו מיר קומען?....

— און דו וועסט זיי אַריינלאָזען?

— שור! זיי וועלען מיך בעטען כ׳זאָל פאַר זיי זינגען...

— כ׳וויל ניט! — האָט סילווע אַן אָנגע׳ברוגז׳טע געזאָגט. אַז זיי וועלען דיך וועלען הערען לאָזען זיי געהן אין טהעאַטער אריין. כ׳וויל דו זאָלסט זינגען נור פאַר מיר!

— טאָ פאַר וואָס ביזטו אַזאַ שלעכטע, ווילסט מיר קיינמאָל קיין זאַך ניט טהאָן? — האָט פיליפּ געזאָגט.

— מען טאָר זיך ניט קושען! — האָט סילווע קאָקעטיש געענטפערט.

— טאָ פאַר וואָס האָט דער טאַטע געקושט? — האָט פיליפּ זיך שטיל געפרעגט. — דו ווייסט, פיעל מאָל, ווען כ׳פלעג אויפקומען ביי־נאַכט האָב איך געזעהן ווי דער טאַטע האָט רבקה׳ן געקושט.

— טאַקע? — האָט זיך סילווע געפרעגט אַ נייגיריגע.

— כ׳זאָל אַזוי לעבען! איין מאָל בין איך אויפגעקומען האָב איך זיך דערשראָקען, רבקה, אַ נאַקעטע האָט מיך אַרומגענומען און געקושט. דער טאַטע האָט מיר אַ „פאַנטש“ געטהאָן און מיר זיך געהייסען אויסדרעהען צו דער וואַנד.

— און וואָס האָט דער טאַטע געטהאָן?

— ער האָט זי אַרומגענומען, געקושט, געביסען, כ׳ווייס וואָס?

— דו ווייסט — האָט סילווע געזאָגט — אַזוי ר׳נאַך האָט מען קינדער!

— געה, ביזט אַ נאַר! פון קושען האָט מען נישט קיין קינדער! סילווע, דו ווייסט דורך וואָן מען האָט אַ קינד?

— שור, ווייס איך. דורכ׳ן נאַפּעל!

— טאַקע? כ׳האָב גאַר נישט געוואוסט! כ׳האָב געדעכענט, כ׳ווייס — מען שיקט עס אַראָפּ צו מע....

די קינדער זיינען אָבגעזעסען ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אריין, זיך אויסגעטענה׳ט, און אַז די אויגלעך האָבען זיך גענומען ביי זיי קלעפּען, האָבען זיי זיך אַרומגענומען, איינגעפלאָכטען די הענטלעך און אַנשלאָ־פען געוואָרען צוזאַמען אויפ׳ן בעטעל.

שפּעט ביי נאַכט איז דער בלינדער אַהיים געקומען, אויפגעזוכט די קינדער, זיי אַרומגעטאַפּט און זיך פונאַנדערגעוויינט: „מיינע פרנסה געבערס“.

אונבעקאַנטער! ווען דו בעגעגענסט מיך, און ווילסט רעדען
צו מיר — פאַר וואָס זאָלסטו ניט רעדען צו מיר?
און פאַר וואָס זאָל איך ניט רעדען צו דיר?



וואַלט וויטמאַן

(1892—1819)

פּרץ הירשביין:

# דאָס ליעד פון דעם נאַר

י. י. שווארץ:

# פון טיעפעניש



פרץ הירשביין:

## דאָס ליעד פון דעם נאַר

קלינג מיין לויב־ליד שטאַרקער, ברייטער!
איך בין גרויס, ניטאָ קיין צווייטער.
איך געוועלטיג איבער לענדער,
איבער פעלקער, איבער ראַסען.
מיין געשטאַלט ווען איך פערענדער
פלייצען פאַר מיר מענשען מאַסען,
מענשען שטראָמען ווי די טייכען
מיינס אַ שמייכעל צו ערבליקען —
ווער וועט וואַגען מיך אויסוויייכען
ווען איך געה די וועלט בעגליקען?!
שופרות בלאָזען, גלאָקען קלינגען
ווען איך געה די וועלט בעצווינגען...

---

מענשען, געטער, קנעכט און האַר
פאַלען כורעים פאַר דעם נאַר:
פעלדער צירען זיך אין גרינען,
הימלען פאַרבען זיך אין בלויען —
זון און שטערען שטראַלען שפּינען,
און דער חן און רייץ פון פרויען,

ליכט, געזאַנגען, בלומען־דופטען
וועבען, פלעכטען זיך צוזאַמען;
גאָט אַליין ער שוועבט אין לופטען,
גאָט בעפוילט דורך פייער פלאַמען
צו בעשענען מיינע וועגען —
יעדען טריט פון מיינעטוועגען...

כ'האָב אַ כשוף־שטאָק אין האַנד,
האָט דער שטאָק אַ פלאַם־בריליאַנט.
נייג איך איהם צום הימעל־וויינט
גרוילט אַ שוידער אויף די ערד.
נייג איך איהם צו צום לינקען זייט
בלאַנקט פון שייד אַרויס די שווערד:
פעלקער שטורמען, הערצער קראַכען,
מחנות שאַלען, טרערען פליסען;
ווערט דער גבור מיט'ן שוואַכען
פון אַ בלוט שטראָם מיטגעריסען.
כ'נייג מיין שטאָק צום רעכטען זייט
ווערט די וועלט פון שרעק בעפרייט...

כ'האָב אַ קרוין, אַ וואונדער־קרוין
האָט זי גלעקלאַך גינגאָלד־ריין:
ס'טהוט איין גלעקעל גליק אויסקלינגען,
ליעבעס־טרוימען וועקט דאָס צווייטע
און דאָס דריטע טהוט עס שווינגען
אין די קברים וואַכען טויטע;
קלינגען אַלע גלעקלאַך מונטער —
ווערט דאָס לעבען ניי בעשאַפען —
בלאָס דאָס פּנים — ווערט עס בונטער;
לאַכט דאָס האַרץ ביי האַר און שקלאַפען;
לאַכט די וועלט, איהרע זיהן און טעכטער;
פלאַצט די ערד פון לוסט־געלעכטער

כ'האָב געפלאַנצט אַליין אַ גאָרטען
כשוף בוימער וואַקסען דאָרטען.
איז ער גרויס גאָר אונגעהויער;
יעדער צווייג מיט פרוכט בעהאַנגען.
פריי און אָפען טיר און טויער
פרוכט פון גאָרטען צו פערלאַנגען.
ס'איז דער מענש אַהער געבעטען
האַנד און האַרץ מיט מיר צו שליסען!
און מיין גאָרטען פריי בעטרעטען
פון זיין פרוכט און גליק געניסען —
זינגט אַ פויגעל אין די צווייגען
קען דער נאַר איהם הייסען שווייגען...

און מיין האַנד איז גרויס און פּרעכטיג;
יעדער פינגער שען און מעכטיג.
איך, דער האַר פון אַלע צייטען
האָב די וועלט צום שפּיעל געקריגען.
ס'וועלען טעג און נעכט זיך בייטען
מיך וועט קיינער ניט בעזיגען.
אין דער יונג־פרוי'ס ליבעס בליקען,
היים איך — וועט דאָס ליכט פערשווינדען.
וויל איך — וועל איך ס'האַרץ צופליקען
און די וואונד וועל איך צובינדען —
מענשען, געטער, קנעכט און האַר
פאַלען כורעים פאַר דעם נאַר.

ניו יאָרק.



**י. י. שוואַרץ:**

## פון טיעפעניש.

אונ מיט קללות און טויט האָבען ווינטען געוועהט
און מיט טרוקענע ביינער די טהאָלען פערזעעט.

### I

מיינע טויזענדער יעהריגע וואונדען אין מיר —
רופען, בלוטען מיט אָפענע מיילער צו דיר!...
דען מיין מוטה איז געבראָכען, עס לעשט זיך מיין פונק
אין די תהומות פון חשך, און שוואַך איז מיין צונג
און ניט זיכער מיין טראָט, און מיין זעעל איז פול שאַנד
און עס וואקעלט מיין קניע און אָהן מאַכט איז מיין האַנד.
נור אין אויג ברענט פון אויטאָ־דאַ־פעען דער בראַנד
און אין אויער קלינגט גרויזאַם אַ קייטען־געקלאַנג
און אַ וויינען פון תהלים, און פריעסטער געזאַנג
און אַ גלאָקען־געקלאַנג און געשרייען פון האַס . .
און מיין הארץ ווערט צופלאַצט פון אָהנמאַכטיגען כעס.

### II

נאָך גאַנץ פריה, אויף מיין מויל האָט דיין נאָמען געגליהט
און אַן אויג האָט געוויינט און אַ טרער האָט געבריהט.

און אַז אויפקומען פלעג איך אין מיטען דער נאַכט:
אויף דער ערד איז געזעסען מיין זיידע פערשמאַכט.
און בעשאָטען מיט אַש האָט זיין גרייז־גרויער קאָפ
שטום געציטערט פערצווייפעלט אַרויף און אַראָב —
און געצוקט האָט פאַר וויטאָג זיין טרויער־געזיכט...
ס'האָט אין שאָטענס געצאַפּעלט דער פלאַם פון דאָס ליכט
און זיין שטים האָט געציטערט, געכליפּעט, גענאָגט
און דורך טרערען די תפלות פון דוד געקלאָגט.
נור זיין אויג האָט געבליצט און געברענט און געפלאַמט,
ווי דאָס אויג פון אַ חיה אין גראַטעס פערצאַהמט —
און דאָס קינדישע האַרץ איז געוואָרען פער'סם'ט.
און אין חלום געזעהן האָב איך דורות אין בלוט:
ס'האָבען מחנות געוואַנדעלט געטריעבען פון רוט
מיט געזונקענע אויגען, געבונדענע הענט,
און געקלאַפּט האָבען קעפ זיך אָן אייזערנע ווענט...
ס'האָט געשמיסען אַ בייטש, ס'האָט געיאָמערט אַ קינד
און געפייפט האָט מיט צאָרען אַ שניידענדער ווינד!...

III

כ'בין געווען — איך בין דאָ — איך וועל אייביג נאָך זיין
און ס'וועט אייביג זיך ציהען מיין גרויזאַמער פיין.
ס'האָט מיין בלוט שוין געשפּריצט אין די צירקען פון רוים,
מיין געביין האָט דער טיבער פערשווינקט מיט זיין שוים.
און דער זאַמד פון ערב האָט מיין טרער איינגעזאַפּט.
און פערברענט אין זיין גלוט איז געוואָרען מיין קראַפט
און אין שפּאַניען האָסטו מיט דיין פלאַם אונז בעהויכט
און אויף ליידען געבענשט אונז, אויף מאַרטער דערהויכט —
ס'איז מיין זיידע געגאַנגען דאָרט זיכער און שטאָלץ
צום מזבח פון ליעבע און פייער און האָלץ
און על־קדוש־השם, מיט דיין נאָמען אין מויל,
זיך געוואָרפען בעגליקט אין דעם פייעריגען קנויל...

און צום קלאַנג פונ׳ם גלאָק — מיט זיין גלויבען און מוטה
ווערט פערהייליגט דיין גרויסקייט מיט מאַרך און מיט בלוט.
ס׳האָט געלויכטעו אַ זון — און געוועזען איז נאַכט:
איבער מיר איז דיין הימעל געלעגען פערמאַכט.
ווען ניט ווען — האָט אַ בליץ זיך צושפּיעלט אויף מיין קאָפּ
און מיט רוגז געקנאַלט האָט אַ דונער אַראָב.
נאַכט פאַראויס. און פון הינטען דער פלאַם און דאָס שווערד
און פון אונטען — אַ ברענענדע, פיינדליכע ערד!...

IV

...גרויסער גאָט פון מיין פאָטער! ענטפּלעק דיין געזיכט —
זאָל אין פלאַם מיך פערברענען דיין געטליכע ליכט!
נור כ׳זאָל וויסען, איך האָב ניט געליטען אומזיסט,
ניט אומזיסט האָבען ימ׳ען מיט טרערען געפּליסט...
גיב אַ צייכען, אַז דו ביזט געוועזען און דו ביזט...
גיב אַ צייכען, אַז דו האָסט מיין ליידען בעגריסט
און געהייליגט מיין טרער און געבענשט מיין געמיטה
און מיין יעטווידער גליעד וועט דיר זינגען אַ ליעד,
פון די אָדערען וועל איך דיר פלעכטען אַ קנויט...
אויף מיין אייגענעם קויהל וועל איך גליהען צום טויט.
אין מיין קינד וועל איך, שטאַרבענדיג, גיסען דיין סם,
זאָל עס, זינגענדיג, ברענען אין אייביגען פלאַם...
נור דעם פינסטערען בלייענעם וואָלקען צוריים! — .. —
...גרויסער גאָט פון ישראל! בעווייז זיך! בעווייז!...



דער רעאַליזם אין זיין אידעאַל שטרעבט פֿאַרזושטעלען דאָס לעבען אין טיפּישע פֿאָרמען — אין געגענזאַץ צום נאַטוראַליזם, וועמעס העכסטער ציעל איז צו געבען אַ פֿאָלשטענדיגע „ווימענשאַפֿטליכע“ קאָפּיע פֿון לעבען. אַנשטאָט אַ פֿאָלשטענדיגע קאָפּיע, שטרעבט דער רעאַליזם צו געבען דעם פֿ אָ ל ש ט ע נ ד י ג ע ן א י י נ ד ר ו ק. ער פֿאַסט אויף גאַנץ וואָס דאָס לעבען דערלאַנגט אַלס ברוכשטיק; ער פֿ ע ר ר ו נ ד ע ר ט דעם איינדרוק, וועלכען מיר האָבען בעקומען טהיילבעלעך־ווייז צו פֿער־שיעדענע צייטען און אין פֿערשיעדענע ריכטונגען — אין קורצע, גראַדע און געבראָכענע ליניען, און אַזוי פֿערר֗ונדערנדיג דאָס קרומע און לאָמע, קומט ער אויף דעם שפּור פֿון זין פֿון לעבען, ווי צייכנענדיג אַ קיילעכדיגע פֿיגור, אַ קרייז, קענען מיר אַלע מאָל גענוי אויסגעפֿינען זיין מיטעלפּונקט.

אָבער דערמיט ווערט אויך אָנגעוויזען דער גרעניץ צום רעאַליזם, ווייל אויב מאָהלענדיג אַ געוויסען קרייז ווירקליכקייט, געפֿינען מיר פּלוצלונג אויס, אַז דער מיטעלפּונקט פֿון קרייז, דער זין פֿון געשילדערטען טיף, שטייגט אַריבער די גרעניצען פֿון דער געגעבענער ווירקליכקייט, — אַז די געמאָהלענע פֿיגור וואַקסט און שטייגט אַריין אין אַזאַ ספֿערע, וואָס איז ניט צוגענגליך פֿאַר'ן אויג פֿון דעם היינטיגען בעאָבאַכטער, — אַז, לאָמיר זאָגען, דער ברוכשטיק מענש, וועלכען מיר האָבען ענטדעקט אין לעבען, ווען מיר פּרואווען איהם גאַנץ מאַכען, גיט גאָר אַ גע־שטאַלט, וועלכע קען יעצט אָדער גאָר קיינמאָל ניט געמאָלט זיין, ווייל זי שיקט זיך ניט אין היינטיגע בעדינגונגען, אָדער טראָגט אין זיך אַן אינערליכען ווידערשפּרוך, — דאַן מוז דער רעאַליזם דערפֿיהלען זיך אין אָהנמאַכט, ווייל מט די מיטלען, וואָס שטעהען איהם צו געבאָט, קען ער אין אַזאַ פֿאַל גאָרניט, גאָרניט דערגרייכען. דאַן האָט דער שטאָף איהם אַליין איבערגעוואַקסען, און ער מוז איבערגעבען דאָס פֿעלד יענער נייער שעפֿפֿערישער מעטהאָדע, וואָס אַרבייט מיט פֿיינערע, כמעט אונאויס־

שפּרעכליכע מיטלען, וואָס שטאַמען פון יענער טיעפעניש פון געמיט, וואו דאָס מענשליכע גרעניצט זיך מיט אייביגקייט — דעם נעאָ־ראָמאַנטיזם.

דעם נעאָ־ראָמאַנטיזם, ניט דעם ראָמאַנטיזם פון אַמאָל.

דער אַלטער ראָמאַנטיזם האָט געזוכט צו בלענדען, צו כשופ׳ען, צו פערוויעגען אין אַ זיסען, צאַרטען חלום. ער איז אויסען געוועזן דעם רייץ, דעם שפּיעל פון צושויבערטע פאַנטאַזיעס, דעם טאַנץ פון צוהוליעטע גע־פיהלען. דער אַלטער ראָמאַנטיזם האָט געוויכט פון דער ווירקליכקייט, ווייל ער איז געוועזן בלוט־אָרעם און האָט שטענדיג מורא געהאַט פאַר דער ווירקליכקייט, וואָס האָט מיט איהר פרישקייט און לעבעדיגקייט געוועהט אויף איהם מיט אייז־קעלט... און ער פלעגט זיך ראַטעווען אין די חורבות פון דער פערגאַנגענהייט, אין די צופאַלענע טרייב־הייזער פון דעם מיטעלאַלטער, וואו די הויפענס פערלעגענע בלעטער און פערוועלקטע בליהונגען האָבען אָנגעפילט די לופט מיט דומפּפע ריחות... אָט די דאָזיגע ריחות, געווירציגט מיט שטיפערישען שאַרפזין, האָט פאַליובעט די פער׳חלש׳טע געפיהלען און די אָהנמעכטיגע ווילענס. דער אַלטער ראָמאַנטיזם איז אַנטלאָפען פון דער לעבעדיגער ווירקליכקייט, ווייל ער האָט קיין כח ניט געהאַט צו שטעלען זיך איהר אַנטקעגען.

גאַנץ אַנדערש דער נעאָ־ראָמאַנטיזם, וועלכער האַלט אין קומען. זיין וועג איז ניט פאַרביי דער ווירקליכקייט, נאָר איבער און דורך דער ווירק־ליכקייט; ניט פערגעסענדיג זיך אָן דער ווירקליכקייט, ניט מאַכענדיג זיך ניט־וויסענדיג פון איהר, ניט פערשלעפּערענדיג זיך מיט טרוימערייען, נאָר האַלטענדיג זיך מ י ט דער ווירקליכקייט, אינאיינעם מיט איהר, וואַכען און טרוימען איבער איהר און דורך איהר, — ווייל דאָס לעבען איז ניט אַ גראָבע און וואָכעדיגע זאַך, נאָר אַן אייביג זיך שאַפענדע צווי־בער־לעגענדע. דער נעאָ־ראָמאַנטישער דיכטער נעהמט אין זיך אַריין די ווירקליכקייט צוזאַמען מיט דעם חלום, וואָס מאַכט איהר גאַנץ. ער פער־שפּרייט זיינע אָרעמס איבער דער ווירקליכקייט, דעקט איהר צו מיט זיך, זויגט אָן מיט נשמה איהר טויטען נוף, און די ווירקליכקייט צאַפּעלט אויף, קריגט אָטהעם, לשון און נעהמט אַרויסזאָגען איהרע געהיימניסען.

דער אַלטער ראָמאַנטיזם איז געוועזן אַן אָפּיום־געטראַנק פאַר דעם מיעדען, אומגליקליכען אָראָבגעקומענעם. דער נייער ראָמאַנטיזם איז אַ

גראטולאציאנס־געשאנק פון א זיעגער צו זיך אליין, א גליקווינשונג צום אייגענעם זיעג!... דער אלטער ראמאנטיזם איז געווען אן עדות פון שוואכקייט, ווייל ער האט די ווירקליכקייט ניט געקענט פערטראגען, ווייל ער האט איהר קינסטלעריש ניט געקענט אויפפאסען און בענעהמען און דערמיט האט ער זיך ערקלעהרט פאר באנקראט און אויסגעשפראכען פאר זיך א טויט־אורטהייל אלס קונסט־פארם און געמאכט נויטווענדיג דאס קומען פון א שטארקערען פון איהם, — דעם רעאליזם, וועלכער, ווי נאר ער האט זיך בעוויעזען, האט ער זיך אונערשראקען א ווארף געטהאן אויף דער ווירקליכקייט און פאלקאמען איהר בעצוואונגען... פון דעמאלט אן איז די ווירקליכקייט אונטערטהעניג געווארען צום קינסטער. זי איז געמאכט געווארען פאר א געגענשטאנד פון קינסטלערישער בעטראכטונג.

דער נעא־ראמאנטיזם קומט, זיך שטיצענדיג אויף דעם רעאליזם, איבערנעהמענדיג זיינע קינסטלערישע מיטלען, בעהערשענדיג אזוי גוט ווי ער די טעכניק פון מאהלען ווירקליכע געשעהענישען און זאכען, זיך פערמעסטענדיג און זיך אויסגלייכענדיג מיט איהם אין כחות און אריבער־שטייגענדיג איהם אין דעם, וואס ער מאכט לעבען און ריידען די פער־בארגענסטע עלעמענטען פון דער ווירקליכקייט, אויספילענדיג אלע יענע לעדיגע ערטער, וואו דער רעאליזם האט פערפעהלט, אויסגיסענדיג איבער דער ווירקליכקייט דעם חלום, פון וועלכען די ווירקליכקייט איז בלויז א פעהלערהאפטע און ניט פאלשטענדיגע אבשפיעגלונג. דער נעא־רעאליזם קומט מיט אויבער־מאכט איבער'ן רעאליזם, ווייל ער גיט די פ א ל ש ט ע נ ד י ג ס ט ע ווירקליכקייט.

אבער לאמיר זיין גערעכט. לאמיר איהם זיין דאנקבאר, — מיר, אלס אידען. מען טאר ניט לייקענען, אז דער רעאליזם ביי אונז האט געטהאן זיינס; ער האט אויפגעכאפט די אידישע ווירקליכקייט. ער האט ביי אונז נאך מעהר אויפגעטהאן ווי ביי זיי, — ער האט אונז גע־לערענט די קונסט פון שרייבען; ער איז געווען די ערשטע ליטערארישע פארם אונזערע. און כאטש אונזערע שרייבער האבען זיך ניט צו איהם דערקעמפפט, נאר זיי האבען איהם גלאט איבערגענומען ווי ער שטעהט און געהט — עס האט איהם דעריבער געפעהלט דער שטריך פון געניאלער נאאיוויטעט, דער יוגענד־אימפעט, — פון דעסטוועגען האט ער ניט פער־פעהלט צו טהאן מיט אונז די גרעסטע פעולה: ער איז געווען אונזער קונסט־לעהרער. און דערצו איז ער ווי געמאסטען; ער איז אויסערגע־

וועהנליך ערציהעריש. זיין געבאָט איז: מאָהל די ווירקליכקייט, זיי טריי צו דעם געגענשטאַנד, וועלכען דו בעשרייבסט. און בשעת מיט די אַנדערע ליטעראַרישע פאָרמען — די טרוימערישע — קען מען זיין גע־נאַרט ביי זיך, וואָס איז אמת׳ע און וואָס געמאַכטע קונסט, — לאָזט דער רעאַליזם ניט צו אַזאַ פערבלענדעניש. ער פערטראָגט ניט קיין פאַלש־קייט, ער לאָזט אויפ׳ן שטעל דערקענען אַ געקינצעלטען שטריך. מיט איהם איז לייכט צו אונטערשיידען צווישען טאַלאַנט און טאַלאַנטלאָזיג־קייט. ער האָט אונז פיעל ארויסגעהאָלפען איינצופלאַנצען ביים פאָלק דעם ריינעם ניט געפעלשטען בעגריעף פון ליטעראַטור, וואָרים ווען שונד קען זיך גאַנץ וואויל איינעסען אין אַ פאַנטאַסטישער ליטעראַטור, וועמעס הויפּט־ציעל איז צו מאַכען שטוינען. — און שונד לאָזט זיך דאָך אויך אוועק אויף חדושים; אויף דעם בויט זי דאָך: זי קלאַפּט און צימבעלט איבער די נערווען — האָט זי אָבער אַבסאָלוט קיין תקומה ניט האַנד ביי האַנד מיט דעם פּשוט׳ען, בעשיידענעם רעאַליזם. און דאָס איז דער גרונד, וואָס מיר האָבען זיך אַזוי פערהעלטניסמעסיג לייכט בעפרייט פון דער ערשאַפט פון שונד (אין קלאַמערן זאָל זיין בעמערקט: אויך פון דער טענדענציעזער, בעלעהרענדער, גוט־מיינענדער שונד); און אויך דער גרונד דערפון, וואָס אַזוי פערהעלטניסמעסיג גיך — הונדערט מאָל גיכער צ. ב. ש. ווי דאָס איז געווען דער פאַל ביי אַזאַ גרויסער אומה ווי די רוסישע — זיינען מיר בעשאָנקען און בעגליקט געוואָרען מיט אַזוי פיעל טאַלאַנטען. אַ גינסטיגער מאַסשטאַב צו מעסטען אַ טאַלאַנט, לאָזט דעם טאַלאַנט זיך גיכער דערקענען, גיט איהם די בעסטע מעגליכקייט צו וואַק־סען. און דערפון נעהמט זיך אויך דער אייגענטליכער כאַראַקטער פון דעם רעאַליזם ביי אונז. —

זייענדיג צו גלייכער צייט אַ וועג־ווייזער אין קונסט און ליטעראַטור, האָט דער רעאַליזם ביי אונז זיך געמוזט קינסטלעריש געשטאַלטען; די געמאָהלענע ווירקליכקייט האָט זיך נעדאַרפט איינפאַסען אין אַ פורעם, בילדען אַ געמעלד, אַ בילד, אַנגנעהם פאַר׳ן אויג. דאָס ערקלעהרט, וואָס מיר פערמאָגען אייניגע גאַנץ בעדייטענדע בעלעטריסטען, וועלכע זיינען צו גלייכער צייט דיכטער אין זייער אַרט שאַפען — דיכטענדע בעלעטריסטען. קורץ און גוט, דעם רעאַליזם האָבען מיר צו פערדאַנקען אונזער גאַנצע קונסט־טעכניק, און ווען מיר שיידען זיך פון איהם, לאָז עס זיין מיט דאַנקבאַרקייט; ניט צוריסען מיט איהם, נאָר אָנגעלאָדען מיט אַלע זיינע מעלות און גוטע מדות.




זישא לאַנדוי:

## גאַמען

### I

איך וואָלט געקויפט אַ פערד, ווען איך זאָל קענען רייטען,
און רוהיג וואָלט איך זיך געלאָזען אין מיין וועג;
אַזוי וואָלט איך געפאָהרען טריט־ביי־טריט בעגלייטען
די שטאַרבענדיגע טעג.

און ווען מיין לעצטער אָווענד וואָלט זיך אָנגעצונדען,
און אויף מיין מיעדער ערד וואָלט זיך מיין נאַכט צושפּרייט —
צוזאַמען מיט מיין טרייען פערד וואָלט איך פערשוואונדען
פון קיינעם נישט בעגלייט.

### II

טהו איך מיר די שטיוועל אויס,
און וועל באַרוועסדיגערהייט
שלייכען זיך ביי נאַכט אַרוים
פון מיין אַלטען קאַלטען הויז.

דאָרטען, וואו דער וועג זיך שפּרייט,
שפּרייט זיך, ברייט זיך קאַלט און גרויס,
קליין, אַליין, צונויפגעדרעהט
בלייב איך שטעהן מיר שטומערהייט.

III

איך וויל גאָר נישט, און אויב כ'וויל וואָס, איז עס גאָר ניט פיעל:
קיינער זאָל אין מיר ניט קלאַפּען, זיין זאָל שטענדיג שטיל.
און ניט פייפען אין דעם קוימען זאָל אַ ווינד ביי נאַכט,
כאָטש מיין ליעד אַזאַ מין פייפען שענער וואָלט געמאַכט.

יאָ, צו ליעדער מוז אין קוימען פייפען בייז דער ווינד,
די געליעבטע מוז נאַאיוו זיין, ווי אַ קליינטשיג קינד,
אָבער מיר צו וואָס? איך וויל נאָר, זיין זאָל רוהיג, שטיל,
איך וויל גאָר נישט, און אויב כ'וויל וואָס — זעהט איהר דאָך וויפיעל.

IV

עס וועקט זיך וואו אַ שטילער שיין
און וויגט זיך, וויגט זיך שוואַך און מיד,
פערזאומערט הארץ מיינס, דרימעל איין!
עס וועקט זיך וואו אַ שטילער שיין.
און עמיצ'ס איילענדיגע טריט
פערזינקען אין דער נאַכט אריין —
עס וועקט זיך וואו אַ שטילער שיין
און וויגט זיך, וויגט זיך שוואַך און מיד.

V

מאַני לייב'ן

וואו ערד און הימעל קומען זיך צוזאַמען,
א נאַכט אַ טיעפע נעהמט פאַנאַנדערבליהען;
פערלאַנגען, וואָס בייטאָג פער'חלש'ט טליען,
מיט ליידענשאַפט אין האַרצען נעהמען פלאַמען.

עס שפּרייט זיך אויס אַ ברייטע וועלט אָהן צאַמען.
און גרינע אויגען־פונקען שוועבען, פליהען.
איעדער נערוו אין דיר נעהמט זינליך בריהען.
דו איילסט, דיך שרעקט: דו זאָלסט ניט וואָס פערזאַמען.

מיט פרויען וואַכיגע די גאַסען וועהען
און מאָדנע רייצענדיג זיך פּיסלעך שטעלען,
און נעבען וועגד אין מיאוקען קעץ פערגעהען. —

ווי שטיינער באַרג אַראָב, ווי גיכע וועלען,
פאַר מיינע אויגען הויבען אָן זיך דרעהען
די נאַכט, די קעץ, די פרויען און האָטעלען.




מאַני לייב:

## מעשה־ליעדער

בלימעלעך קרענצעלעך מאָלט אויף די שויבען דער פראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיג בלאָזט!
וואויל איז אונז איצטער ביים וואַרעמען פייער אין הויז!
ביזקעל דער נאַפּט אין דעם שטילינקען לעמפּעל געהט אויס,
ביזקעל דער זייגער טהוט ברוגז'לעך שעפּטשענען: — „שפּעט,
צייט שוין צו ליגען אין ווייכען, אין וואַרעמען בעט“ —
וועל איך ביים וואָיענדען בלאָזען אין קוימען פון ווינט
ליעדעלעך מעשה'לעך זינגען דערצעהלען מיין קינד. —

אין אַזאַ נאַכט האָט אין וואַלד זיך געטראָגען אַ גוואַלד —
ס'זיינען גזלנים בעפאַלען אַ פריץ אין וואַלד.
צוויי פון די קוסטען און איינער פון הינטער אַ בוים, —
יענע צום פריץ און איינער צום פערד פאַר'ן צוים.
איז ביי דעם פריץ געוועזען אַ ברען, ניט קיין פערד;
אַז ער פלעגט לויפען, — אַנטלויפען פון איהם פלעגט די ערד. —
איז ווי דער פערד האָט פאַר זיך די גזלנים דערזעהן,
האָט ער דערפיהלט, אַז אָט באַלד וועט אַן אונגליק געשעהן. —
און אַז ער גיט זיך עס ראַפּטאַם אויף דובאַם אַ שטעל!
אָט און ער רייסט זיך אַרוים פון זיין אייגענע פעל.
און אַז ער גיט אין דער לופטען דעם שליטען אַ דרעה!

אזש די גזלנים דערשראָקענע — באַץ אין דעם שנעע!
אזש די גזלנים דערשראָקענע לויפֿען אוועק,
לאָזען אין שנעע ערגעץ ליגען די בליץ־שאַרפֿע העק,
און פֿון דעם פֿערד איז לאַנג שוין קיין סמן ניטאָ,
נור אויפֿ׳ן שנייאיגען פֿעלד, ווי אַ פֿינטעלע גרוי,
שפּרינגט ער אַ ווילדער, אַ ווילדער — אַ שפּרונג און אַ מייל!
לאָזט דאָ און דאָרט נאָך זיך איבער אַ שנייאיגען זייל.
שפּרינגען די מיילען אַהינטער, פֿעלד־אויס און פֿעלד־איין.
ס׳האָט שוין דעם מזרח געצונדען דער מאָרגינער שיין,
ווייטער און ווייטער און העל האָט די זון אויפֿגעפּראַלט,
העל אויפֿגעפּראַלט און די שנייאיגע פֿעלדער בעשטראַהלט, —
טראָגט זיך דער פֿערד ווי אַ ווילדער, בעגאָסען מיט שוים,
פֿיהלט ניט די ערד אונטער זיך און אויף זיך ניט קיין צוים,
לאָזט דאָ און דאָרט נאָך זיך איבער אַ שנייאיגען זייל.
ס׳האָט שוין די זון זיך צום טונקעלען מערב גענייגט,
האָט אויף די פֿעלדער איהר אָפּגלאַנץ איהר לעצטען געלעגט.
ווייטער און ווייטער, און גרוי איז געקומען די נאַכט, —
דאָס האָט אַ בלאָנזשענדער ווינד איהר פֿון ערגעץ געבראַכט. —
טראָגט זיך דער פֿערד ווי אַ ווילדער אין נאַכט מיט׳ן ווינד,
אָט — און אַ דאָרף שוין בעווייזט זיך, בעווייזט זיך, פֿערשווינדט.
טראָגט זיך דאָס פֿערד ווי אַ ווילדער — דאָרף־אויס און דאָרף־איין;
אָט אָט, און ער איז אין אייגענעם דאָרף שוין אריין,
אָט, אָט — און ער האַלט שוין איינעט זיין ווילדען גאַלאָפּ,
אָט, — און ער שטעלט שוין ביים פּריצישען פּאַלאַץ זיך אָפּ.
ס׳איז שוין די מעשה געווען אויפֿ׳ן צווייטען מעת־לעת,
ס׳איז אין צובראָכענעם שליטען געלעגען דער פּריץ, — אַ מת.
האָט אויפֿ׳ן הויף זיך צובילען דער הונד אויפֿ׳ן קייט,
ער האָט אַ פּנים דערשמעקט פֿון דער נאָהענט דעם טויט,
האָט ער געבילען, געבילען, געריסען די קייט אזוי לאַנג,
ביזקעל עס האָט זיך פֿון שליסלען דערהערט אַ געקלאַנג,
און אַ בעדיענער פֿערשלאָפֿען און וואָרטשענדיג בייז
מיט אַ לאַמטערן אין האַנט איז צום טויער אַרויס.

זעהט דער בעדיענער דעם פּערד אַ פּערסאָפּעטען שטעהן, —
גיט ער צום שליטען אַ לויף און — דערשרעקט זיך אַליין:
און די לאַנטערן — אַ פינקעל, אַ פאַל אינ'ם שנעע!
לויפט דער בעדיענער צום פּאַלאַץ מיט ווילדען געשריי.
באַלד האָט דער פּאַלאַץ בעלויכטען געשיינט אין דער נאַכט.
מען האָט דעם פּריץ אַ טויטען אין פּאַלאַץ געבראַכט,
מען האָט געפונען אין טויטען'ס פּערגליווערטע האַנט
פּערעל — דער ווייב אַ מתנה — אַ גאַנצענעם באַנד.

בלימעלעך קרענצעלעך מאָלט אויף די שויבען דער פראָסט
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיג בלאָזט, —
גוט איז אונז איצטער ביים פּרעהליכען פייער אין הויז!
ביזקעל דער נאָפּט אין דעם שטילינקען לעמפּעל געהט אויס,
ביזקעל דער זייגער טהוט ברוגזלעך שעפּטשענען: — „שפּעט,
צייט שוין צו ליגען אין וויכען, אין וואַרעמען בעט“. —
וועל איך ביים וואָיענדען בלאָזען אין קוימען פון ווינט
מעשה'לעך ליעדעלעך זינגען דערצעהלען מיין קינד.

אין אַזאַ נאַכט האָט אין וועג זיך געלאָזען אַ איד.
אונטער'ן אָרים אַ פּעקעל, טויט־הונגעריג, מיעד,
נאָר מיט בטחון אין האַרצען צום האַר פון דער וועלט,
שלעפּט ער זיך עלענד אין אָפענעם שנייאיגען פעלד.
פעלד הינטער איהם און פאַר איהם אין דער וויט, אין דער ברייט,
שנעע איז איהם איבער די קניע און דער וועג איז פערוועהט,
און ווי אַ פויגעל אַ ווילדער, טראָגט אום זיך דער ווינט,
הורבעט אָן שנעע, גיט אַ דרעה אין דער לופט און פערשווינדט,
קומט בילד צוריק, רייסט דעם אידען די פּאָלעס און באָרד, —
קוים מיט די כחות דער איד האַלט זיך איין אויפ'ן אָרט.
הויבט אויף דער איד צו דעם הימעל מיט רחמים זיין בליק:
גאָטעניו, ברענג דו בשלום אהיים מיך צוריק!
נאָר איבער איהם איז דער הימעל אַ גרויער ווי בליי,
און אַרום איהם טראָגט דער ווינט זיך אַ ווילדער און פריי.
הערט ניט דער הימעל דעם אידען'ס געבעט און געשריי,

שטויסט איהם דער ווינט און ער וואַרפט איהם אַ מיעדען אין שנעע.
אויפשטעהן פון שנעע האָט שוין מעהר ניט קיין כח דער איד
עפּעס אַ פוילקייט אַ זיסע פילט אָן יעדען גליעד. — — —
און אין די ביינער צוגיסט זיך אַ וואַרעמע רוה,
אָט און די אויגען פאַמעלינקע שליסען זיך צו. —
פּלוצלונג — ער גלויבט זיך אַליין ניט, אַ קרעטשמע זאָל זיין ?!
ס'שלאָגט אין דער נאַכט פון אַ פענסטער אַ פרעהליכער שיין,
ס'ריפּעט דער ווינד מיט'ן טויער, מאַכט צו, עפענט אויף,
שליטענס געלאָדען מיט סחורות פיעל שטעהען אין הויף,
און ביי די שליטענס פערבונדענע שטעהען די פערד,
עסען דעם האָבער און רייסען דעם שנעע ביז'ן ערד.
פרעהט זיך דער איד, וואָס דער בורא האָט אין אַזאַ נאַכט
איהם צו אַ מענשישען ישוב בשלום געבראַכט.
קלאַפּט ער אין טיהר, און מען עפענט איהם באַלד — ס'אַרא פרייד!
פרעהליכע אידישע פּנים'ער, אידישע רייד!
איבער'ן שטוב גיסט דער הענג־לאָמפּ אַ ליכטיגקייט אויס,
ס'טראָגט זיך אַ ריח פון בראַנפען און טאַבאַק און שוויים. —
גיבען די אידען איהם „שלום" — „פון וואַנען אַ איד?"
לאַכט ער, — אַז ער האָט געלאָזט זיך צו־פוס פון יאַריד
און אַז דער וועג איז געוועזען אַ ביסעלע שווער,
האָט ער געבלאָנזשעט ביז ער האָט געטראָפען אַהער.
לאַכען די אידען מיט איהם, נאָר זיי ווערען באַלד שטיל...
יעדערענ'ס הארצען פילט אָן אַ רחמנות־געפיהל,
יעדערענ'ס פּנים און שטערען ווערט כמורנע, פערטראַכט, —
„ווי לאָזט אַ איד זיך צו־פוס געהן אין אָט אַזאַ נאַכט?!"
ווערט באַלד דער טיש מיט מאכלים און בראַנפען געגרייט,
וואַשט זיך צום עסען דער איד, מאַכט „המוציא" אויף ברויט,
זאָגט צו די אידען „לחיים" — „לשלום, ר' איד".
עסט ער און טרינקט, און אַ וואַרימע, זאַטיגע פריד
גיסט זיך, צונעהט אין זיין האַרץ, אַזש די לייב ווערט איהם הייס,
ווישט מיט'ן האַנד אַזש פון פּנים דעם וואַרעמען שוויים.
עסט ער און טרינקט און ער עסט, אַזש עס געהט שוין ניט מעהר,

בענשט ער, און ס׳שיינט אין זיין אויג אַ גאַטספאַרכטיגע טרעהר.
איצטער וואָלט ער מיט די אידען געשמועסט ביז שפּעט!
אָבער עס וואַרט און עס ווינקט איהם די פּוכאָווע בעט,
אָבער די ביינער, דערוואָרעמטע, גאַרען נאָך רוה,
און ווי פון זיך זיינע אויגען האַלב שליסען זיך צו,
און צו דער קישען עס ציהט זיך און נייגט זיך דער קאָפּ,
פאַלט ער אַזוי אין די קליידער אין בעט ווי אַ סנאָפּ.
פּלוצלונג דערפיהלט ער זיין האַלז ווערט צוזאַמענגעדריקט,
עמיצער וואַרפט זיך אויף איהם, אַז דער אָטעם פערשטיקט!...
און ער דערזעהט באַלד זיין ווייב און די קינדערלעך שטעהן,
ברעכען די הענד, ברעכען אוים אין אַ ביטער געוויין. —
אָי, ניט געוויינט האָט זיין ווייב און קיין לייבליכעס קינד,
נאָר איבער איהם אויפ׳ן פעלד האָט געוואָיעט דער ווינד.
מאָרגען פריהמאָרגען, ווען שטיל נאָך געשלאָפען איז נאַט,
זיינען שוין גוים מיט שליטענס געפאָהרען אין שטאָדט,
האָבען די גוים געפונען דעם אידען פערוועהט,
האָבען די גוים געפונען דעם אידען שוין טויט.
האָבען די גוים אַרום זיך דעם טויטען צושטעלט,
האָבען זיין פּעקעל צועפענט: „האַ, האַ, וויפיעל געלט!“
האָבען די גוים זיין טלית און תפילין בעטראַכט.
איינער אַ גוי האָט גאָר גראָב אויפ׳ן קול זיך צולאַכט,
אָבער די אַנדערע זיינען געשטאַנען ווי שטום
און נאָכאַנאַנד זיך גע׳צלם׳ט דערשראָקען און פרום.

בלימעלעך קרענצעלעך מאָלט אויף די שויבען דער פראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיג בלאָזט. —
גוט איז אונז איצטער ביים פרעהליכען פייער אין הויז!
ביזקעל דער נאַפט אין דעם שטילינקען לעמפּעל געהט אוים,
ביזקעל דער זייגער טהוט ברוגז׳לעך שעפּטשען: — „שפּעט,
צייט שוין צו ליגען אין ווייכען, אין וואַרעמען בעט“.
וועל איך ביים וואָיענדען בלאָזען אין קוימען פון ווינט
מעשהלעך ליעדעלעך זינגען דערצעהלען מיין קינד.



## I. פייער

גאַנץ פריה.

דער גרויסער ריעז ניו יאָרק האָט זיך דורכגעוואָרפען פון שלאָף און האָט געמיינט, אַז עס איז נאָך צו פריה, און געוואָלט צוריק איינ־שלאָפען; האָט זיך אָבער באַלד דערהערט אַ פייפען, אַן אויפטרייס־לענדיג ברומען, ווי עס וואָלטען אויף די דעכער, אויף די טהורעמס ווילד־צורייצטע לייבען אַנגעלאָפען, — האָט דער ריעז אַ ברייטען געגעץ גע־טהאָן און זיך אויפגעכאַפּט.

אנטקעגען איהם אויפ'ן מזרח האָט זיך דער מאָרגען אין רויטען געצונדען. און אַ יונגער, אַ צופריעדען־פערשייטער, האָט דער מאָרגען גענומען פראַלען אַרויף איבער ניו יאָרק.

די גאַסען זיינען נאָך געווען אין האַלב־פערשלאָפענע שאָטענס פער־זונקען. נאָר די טויזענדער דעכער און די אויבערשטע עטאַזשען, וואָס אונטער די דעכער פון די ריעזיגע, הויכע געביידען האָבען שוין מיט ליכט געשיינט און זייערע הונדערטער פענסטער האָבען זיך שוין מיט זון־פלאַם געשפּיגעלט.

פון די הויכע קוימענס האָבען זיך גענומען שפּאַרען דיקע, שוואַרצע זיילען רויך און אַ לייכט ווינטעל האָט זיי גענומען בויגען און ציהען איבער די לאַנגע הימעל־לאַנקעס, וואָס שפּרייטען זיך איבער די הויכע, לאַנגע גאַסען.

## קאַפּיטעל 1.

מאַקס האָט זיך אויפגעכאַפּט.

— שוין שפּעט! אויף מיין וואָרט שפּעט! און ער איז אַרויסגע־שפּרונגען פון בעט. ער האָט זיך געהיט, אַז חנ׳קע זאָל זיך ניט אויפ־כאַפּען, און נאָך ניט קיין אָנגעטהאָנענער איז ער אַריינגעלאָפען אין קיך, אָנגעצונדען דאָס גאַז־אויוועלע, אַרויפגעשטעלט די קאַפע, און נאָך דעם זיך גענומען איינוואַשען און אָנטהאָן.

און אַז ער האָט זיך אָנגעטהאָן, האָט שוין די קאַפע געזאָדען. האָט ער אויף גיך אַריינגעכאַפּט אַ גלאָז קאַפע, אַ שטיקעל ברויט, איינגעפּאַקט אין אַ צייטונג זיין מיטאָג: ברויט, סאַרדינען, עפּעל, דאָס פערלעגט אונטער׳ן אָרעם און איז אַריין צוריק אין שלאָף־צימער.

דאָ איז ער אַ ווייל צומישט געוואָרען:

חנה׳ס ווייסער פּנים און איהרע דונקעלע האָאָר, וואָס זיינען געווען צושויבערט אויפ׳ן ווייסען קישען, און איהר שעהנער ווייסער האלז — —

און איהר האנד, וואָס איז געלעגען איבער דער לייכטער, גרויער דעק, אַזאַ קלאָרע, אַזאַ לויטערע — — —

און די דינע וואָלקען־גרויע דעק, וואָס האָט זיך איבער איהר כּשומ־דיג געקנייטשט און האָט זי אַרויסגעגעבען אַזוי לייכט און אַזוי בויגיג. — — —

און מאַקס האָט אַ קינדערשען שמייכעל געטהאָן און מיט דעם וואַרימען שמייכעל אויף די ליפּען האָט ער זיך צוגעבויגען און אַ קוש געטהאָן איהר האנד.

האָבען זיך געעפענט איהרע אויגען און זי האָט אַ שמייכעל געטהאָן.

— חנה — — — נו?...

האָט זי נאָך אַ שמייכעל געטהאָן צופריעדען, רויטליך, פערשעהמט.

---

ווען מאַקס איז אַרויס פון הויז זיינען די גאַסען שוין געווען פול מיט מענשען. איז ער אַריין אין דעם געדריכטען מענשען־שטראָם, מיט

זיין פּעקעל אונטער'ן אָרעם, מיט אַ קינדיש־צופריעדענעם שמייכעל אויף די ליפּען, געשטעלט זיכערע טריט און געטראַכט:

— ווער ווייס ?! פיעלייכט פּאַרט אַ קינד? — מאָדנע — — — — אזוי פיעל מענשען, וואָס ווילען ניט האָבען קיין קינדער, טהוען אַזוינע מיאוס'ע זאַכען — — — און דאָ, אַז איהר ווילט זיך אַזוי אַ קינד, און מיר טאַקע אויך, ווייל פאַר וואָס טאַקע ניט? ווי זאָגט זי: אַ איינגעלע מיט שוואַרצע הערעלעך — — — און גהה! אַט שוין אַ יאָהר נאָך אַ חתונה, און — גאָר ניט!

---

חנה האָט נאָך מאַקס ארויסגעהן זיך געפּרואווט ווידער איינשלאָפען. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגען־דעקלעך אָהן דעם חשק זיי צוריק צו עפענען, זיך גענומען לייכט ציהען און דערביי צופריעדען געפיהלט און געהערט די זיידענע גלאַטקייט און די ליעבע, זיסע וואַרימקייט פון איהר אייגענעם שעהנעם לייב, און צו דעם האָט זיך שוין אויך צוגעמישט דאָס געפיהל — „ווי משוגע מאַקס איז דאָס פאַר איהר!“ און אין אַלגעמיין איהר הערשען איבער מענער. און זי צושמייכעלט זיך — זיך כאַפּענדיג אויף איהר ליעבסטען געדאַנק: „ליעבע איז ניט קיין חלום. דאָס איז אַ פשוט'ע, געזונטעווירקליכקייט, אַ זיסע, ליעבע ווירקליכקייט!“ — דער שמייכעל און דער געדאַנק זיינען איהר געוועהר, מיט וועלכע זי פערטהיידיגט זיך, אַליין ניט קלאָר וויסענדיג פאַר וועמען, כאָטש כמעט אַלע מאָל זאָגט זי דאָס אין געדאַנק צו ברוך'ן. דאָס שמייכעלט זי אַזוי פון איהם, סיי ווען זי זעהט איהם, סיי ווען זי זעהט איהם ניט. און אַזוי טראָגט זיך איהר שמייכעל, פליהט און טראָגט זיך אַ גאָלדענער מיט אַ פאַרקרימטען שנאָבעל און מיט שאַרפע נעגעל צו ברוך'ן און ער פערטשעפּעט מיט זיינע פליגלען אויף בינעם'ען און נאָך אַנדערע „הימעל־מענשען“, וואָס האָבען זיך שטענדיג געדרעהט און דרעהען זיך נאָך איצט אַרום איהר...

און זי שמייכעלט ווייטער: — „ווי גוט זי האָט דאָס זיי אַלעמען אָפּגעטהאָן — גענומען און חתונה געהאַט גאָר פאַר אַ פשוט'ען בחור!...“

---

## קאַפּיטעל 2.

פון גאַסען און גאַסען שטראָמען אריין די מענשען־כוואַליעס אויף דער לאַנגער בראָדוויי. דאָרטען גיסען זיי זיך צונויף אין צוויי לאַנגע שטראָמען, וואָס ציהען זיך ביי ביידע זייטען פון דער גאַס, און די מענ־שען־שטראָמען ציהען זיך אַוועק ווי טייכען און זעהען אויס ווי פאַרבינגע בּרעגען צו די ריעזיגע, הויכע מויערן.

און די מויערן זענען בעהאַנגען מיט שילדען און שילדען, מיט גאָל־דענע אויפשריפטען, און רייסען זיך העכער און העכער און קוקען מאָדנע יעדער איינער מיט זיינע הונדערטער פענסטער... און עס רייסט זיך אריין די רויטע מאָרגען־זון. און עס פלאַקערען אויף די טויזענדער פענסטער, און עס צינדען זיך אָן די גאָלדענע אויפשריפטען, און עס צושפּיעלען זיך שטראַהלען, רויטע, גאָלדענע.

די לופט צושטראַהלט זיך מיט גאָלד און פּורפּור.

עס שטראַהלען די הויכע ריעזען־געביידען און קוקען שטראַהלענדיג אריבער דער גאַס און דערזעהען זיך אַנטקעגען אין די פענסטער פון די אַנדערע. — — —

און עס זעהען מויערן און מויערן זייערע פאָלירטע, מאַרמאָרנע זיילען, זייערע פערשיעדענע, פון שטיין געהאַקטע בילדער — — — עס זעהען מויערן אין מויערן זייערע גלייכע און האַלב־רונדע פאָרמען, זייערע גרויסע פענסטער, זייערע גרויסע גלעזערנע ווענד — — — זייערע צאָהל־לאָזע אויפשריפטען, וואָס ציהען זיך איבער זייער גאַנצער ברייט און לויפען ביז אַרויף, ביז אָן אויבערשטען קאַרניז, צו ביז אַ הויכען טהורעם.

און די הויכע מויערען צושטראַהלען זיך נאָך שטאַרקער, זוניגער, צופריעדענער.

און אונטען, אויף די ברייטע זייט־וועגען, כוואַליען זיך די מענשען, שפּרייטען זיך, ווי לאַנגע, ברייטע קרענץ. עס גיהען: מענער ערנסטע, פער׳דאגה׳טע און מענער זיכערע, מיט צופריעדענע שמייכלען אויף די

ליפּן; מיידלעך בלאַסע, פערביטערטע מיט צונויפגעפּרעסטע ליפּען, און מיידלעך שטיפערישע, פערשייטע; מיידלעך, וואָס פיהלען נאָך די נאָכטיגע קושען אויף די ליפּען, ציטערען און שמייכלען ליעב. און קינדער: עלטערע, אינגערע, כמעט אַלע ערנסטע — — —

עס ציהען זיך לאַנגע, ברייטע קרענץ.

צווישען די קרענץ געהט אויך ברוך. און איהם דוכט זיך, אז אַלע געהען, ווי אין שפּאַן, אז ערגעץ דאָרט וואו די גרויסע גאַס לאָזט זיך אַראָב צום ים, שטעהט אַ גרויסער ריעז, העכער פון די העכסטע מויערן, געפּאַנצערט אין שטאָל און אין אייזען. דער ריעז האַלט אין זיינע אייזערנע הענד לייצעס פון אָט די טויזענדער מענשען, וואָס זיינען צוטהיילט אין צוויי לאַנגע מחנות און ער טרייבט זיי האַסטיג, כמעט אַלע אין איין וועג: אַרויף, אַרויף — — —

---

פון ערגעץ אַ גאַס פאָהר אָן אַ קאַר פול געפּאַקט מיט מענשען. די קאַר דאַרף דורכפאָהרען בראָדוויי. דער מאָטאָר־מאַן קלינגט און קלינגט. די מענשען אָבער האָבען קיין צייט ניט. יעדערען ווילט זיך איבערלויפען נאָך פאַר דער קאַר. און דער מאָטאָרמאַן קלינגט, אז עס ציטערט די לופט, ער בויגט זיך אַריבער און עס דאַכט זיך, אז ער טראָגט די קאַר אויף זיינע פּלייצעס און ער שרייט און ער לאָזט די קאַר ביסלעכווייז, אָט־אָט און ער פאָהרט עמיצען איבער — — —

ברוך שטעלט זיך אָפּ.

און מאַקס, וואָס האָט דאָ אָנגעיאָגט ברוך'ן, האָט זיך אויך אָבגעשטעלט, און מיט זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט עטליכע אַנדערע, און דער שטראָם איז אויף אַ ווײַלע איבערגעריסען געוואָרען, אָבער ווי נאָר די קאַר איז דורכגעפאָהרען, האָבען זיך באַלד די אָבגעשטעלטע מענשען מיט אימפּעט ווידער אַ לאָז געטהאָן און זיך צוריק צונויפגעגאָסען אין איין לאַנגער כוואַליענדער מחנה.

— גוט מאָרגען, ברוך!

— גוט מאָרגען!

מאַקס שמייכעלט.

ברוך שווייגט. — פון זינט חנה האָט חתונה געהאַט מיט מאַקס'ען, איז ברוך כמעט אין גאַנצען אַנטשוויגען געוואָרען — — — כאָטש שולדיג איז ער אַליין: זי האָט געוואַרט, זיך אויסגעקוקט די אויגען, פלעגט אויפציטערען פון זיינער אַ בעריהרונג, פון זיינעם אַ בליק, און ער פלעגט זיך אַלץ מאַכען ניט וויסענדיג, — — — ביז זי איז זיינער אַ שונא געוואָרען און איהר איצטיגען שמייכעל בעקומען:

„איך בין שעהן און מיר שטעהט ניט אָן, מיר פּאַסט ניט פּער־שפּיעלען — — —"

און אַז ער איז אַוועקגעפאָהרען, און אַז ער איז געקומען, איז שוין געוועזן שפּעט. זי האָט שוין גערעדט פון „אַ אינגעלע מיט שווארצע הערעלעך"... און פלעגט זי דאָס מאָהלען פאַר ברוך'ן, האָט זי דערביי געשמייכעלט, מיט אַ ציטערדיגער פרייד, אַז עס פלעגען ציטערען איהרע שעהנע אַקסעל... נאָר פון די אויגען האָט דערביי געקוקט אַ בעהאַלטענע שלאַנג... און עס געפעלט איהר, וואָס מאַקס איז אַ פּשוט'ער, אַן איינ־פאַכער, עהרליכער מענש — — — און פון ברוך'ס פלענער וועגען די „פרייע דערפער" לאַכט זי, שמייכעלט מיט איהר שמייכעל.

מאַקס געהט זיך נעבען ברוך'ן, קוקט אַרויף צו איהם און שמייכעלט. קוקט איהם ברוך אָן — — —

— אָך, גוטער ברודער! — צו'טענה'ט זיך מאַקס. — ווען דו וואָלסט חתונה געהאַט! הערסט, אויף מיין וואָרט, — איך זאָג דאָך דיר, מען פיהלט זיך גאָר אַן אַנדערער — — —

— ?!...

— דו פערשטעהסט? — — איך מיין, וואָס האָסטו פון דעם, וואָס אָט ביסטו דאָ און אָט ביסטו ניטאָ — וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבען? פּלוצלונג הויבסטו זיך אויף און בלייבסט ניט ערגעץ... און איך וויים — — — חנה לאַכט דאָך פון דיר... און צו וואָס דאַרפסטו טאַקע אַזעלכע געדאַנקען, אַז די אידען שטאַרבען דאָ אויס, און די „דערפער" דיינע און... און איך וויים וואָס נאָך — — — די קינדער רעדען דאָ ניט קיין אידיש? איז וואָס? אדרבה! — — — איך מיין, ווער פּשוט באַבעס דאגה?! הערסט, ברוך! ווען דו פאָלגסט מיך און האָסט חתונה! הערסט! אויף מיין וואָרט! און ווייסט? — איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ווען איך וועל האָבען אַ קינד, איז ווי נאָר עס וועט אונטערוואַקסען, הויב

איך אַן אַלע שבת צו לעגען טלית און תפילין — — — וואָס? דו קוקסט מיך אַן? זאָג איך דיר, אַז מיין אָנקעל איז גערעכט, ער קען אפילו כמעט ניט דאַווגען, ווייל ער אַליין איז שוין דאָ געבאָרען, אָבער אַלע שבת טהוט ער אָן זיין טלית און תפילין — — — נעהמט דעם סדור אין האַנד — ווייל ער איז גערעכט: קינדער, זאָגט ער, דאַרפען וויסען, אַז זיי בע־לאַנגען צו אַ „סוירטען ניישאַן“.

— אָבער אום שבת תפילין?!

— וואַ־אַס?

— נו, נאַרישקייטען — רופט זיך אָב ברוך. — דערצעהל בעסער, וואָס הערט זיך וועגען אונזער אוטינג?

מאַקס שפּרינגט לייכט איבער פון איין געשפּרעך אויפ׳ן צווייטען.

— וואָס, וועגען אוטינג?! — שרייט ער אויס. — עה! דאָס וועט שוין זיין איין מאָל אַן אוטינג און אויף דיר ווארט דאָך דאָרט אַ גאַנצער סורפּריז!

— ?! — — — — —

אַ שעהנע מיידעל קוקט אויפ׳ן אוטינג, ווייל זי וויל זיך מיט דיר בעקענען. אויף מיין וואָרט. זי הייסט בעלאַ. נאָר זי האָט שוין אָנ־געזאָגט, אַז צוליעב דיר זאָל מען זי רופען ביילקע... וואָס, דו קוקסט מיך אַן? אויף מיין וואָרט. ערנסט־זיך. זי לעבט מיט איינעם אַ מיסטער לעווין, אַזוי זיך, ווי די היינטיגע, אין פריייער ליעבע. דאָס הייסט, זיי וואוינען נאָך דערווייל ניט צוזאַמען, נאָר זיי בעגעגענען זיך. און איך ווייס — — — האָט אָבער געטראָפען, אַז דו האָסט ערגעץ געלעק־טשורט און ביזט אָנגעפאַלען אויף די פרייע ליעבעניקעס, איז דער לעווין איהרער אַרויס זיי פערענטפערען און האָט געבראַכט אַ ראיה פון זיך אַליין און איך ווייס דאָרטען וואָס, ווי ער האָט דיר דאָרטען געברייעט, איז, ביסטו נאָך דעם אַרויס און האָסט זיך, זאָגט מען, זיך אַזוי צוקאָכט, אַז דו האָסט פון פּלאַטפאָרם אויסגעשריען, אַז ער געהט צום געלעגער פון זיין פרוי, ווי אַ חזיר צו דער קאָרעטע. אויף מיין וואָרט, מען זאָגט, אַז אַזוי איז דאָס געווען. נו, און פערשטעהסט, — זי איז דערביי אויך געווען — — — און פון דעסטוועגען, זעהסטו, ווייל זי דוקא זיין אויפ׳ן אוטינג. זי טענה׳ט, אַז זי מוז דיך זעהן פון דער נאָהענט. ער האָט אויך געזאָלט זיין אויפ׳ן אוטינג. אָבער ווי נאָר ער האָט דערהערט, אַז

דו געהסט דאָרטען זיין, האָט ער פערוואָרפען מיט הענד און מיט פיס. נו, עס פערשטעהט זיך, אז זי וועט אָהן איהם אויך טרעפען.

— אַ מאָדנע מיידעל איז די ביילקע! — רעדט מאַקס ווייטער — אויף מיין וואָרט. אַט דו וועסט שוין זעהן. און, דו ווייסט, זי האָט געבעטען ביי חנה'ן, זי זאָל איהר לייהען דיינע „רעגען מעשה'לעך". זאָגט איהר חנה, אז זי האָט זיי ניט. חנה איז עפּעס אויך אַזאַ מאָדנע. ניט אמת? וואָס? אויף מיין וואָרט. אַט, שטעל דיר פאָר, אַ־דאָ ניט לאַנג לייען איך דיין „אונזער אונטערגאַנג", פערשטעה איך עפּעס ניט וואָס דו מיינסט מיט דעם, וואָס דו בריייעסט דאָרט, אז מענשען, וואָס האָבען ניט קיין גאָט אין הארצען, זיינען ווי שפּיגלען, אין וועלכע עס שפּיגעלט גאָר ניט אָפּ. און אז אַזעלכע קאַליע געוואָרענע שפּיגלען ווארפט מען ארויס און אַזעלכע מענשען געהען אונטער. — פערשטעהט זיך, אז איך האָב זיך באַלד געכאַפּט, אז דאָ מוז איך עפּעס ניט פערשטעהן, ווייל איך ווייס דאָך, אז דו ביזט אַ פריינעזאָנענער מענש. וואָס? — — — נו פרעג איך ביי איהר. — זאָלסטו געזעהן אַנקוקען ווי זי האָט זיך דאָס צולאַכט, אז איך האָב זיך אַזש דערשראָקען, אויף מיין וואָרט. און איך האָב געמוזט אַוועקלעגען דאָס ביכעל און איך האָב איהר צוגעזאָגט, אז איך וועל דאָס מעהר אין האַנד ניט נעהמען. און וואָס האָט זי צו לאַ־כען, ווייס איך טאַקע ניט. נאָך אַלעמען — אַ מענש שרייבט דאָך, און איך ווייס? — — — נאָר דו ווייסט דאָך, אַלע מאָל ווען עס קומט עפּעס אַזוי אויס וועגען דיר, שמייכעלט זי עפּעס אַזוי מאָדנע. — ט'אַ פּנים אז זי האַלט דיך גאָר פאַר אַ נאַר. און פון דעסטוועגען, ווייסט? — זי אַליין לייענט דאָך דיינע „רעגען מעשה'לעך". זאָלסט איהר נאָר ניט דערצעהלען, אז איך האָב דיר דאָס געזאָגט. אָבער איך האָב דאָס אַליין געזעהן, אויף מיין וואָרט, דו הערסט? — — — און זאָלסט נאָך זעהן, זי האָט זיך ערגעץ בעקומען אַ ז אַ שעהן געבונדען ביכעל, און זי האַלט דאָס עפּעס מיט אַזאַ פּאַראַד, פערשלאָסען — — — קיינער זאָל דאָס, חלילה, ניט זעהן, מען זאָל דאָס חלילה ניט צו'גנב'ענען, צי איך ווייס... פּונקט ווי דאָס ביכעל וואָלט געווען ווער ווייסט וואָס. און גראָדע אַט־אַ דאָס ביכעל פערשטעה איך ניט, צוליעב וואָס דו האָסט דאָס אָנגעשריע־בען. אדרבה, זאָג דו אַליין, דאָס איז דאָך עפּעס מעשה'לעך פאַר קליינע

קינדער. נו, און דו ווייסט דאָך אַליין, אַז די קינדער לייענען דאָ ניט קיין אידיש איז וואָס ווייטער? — — —

— און ווער וועט נאָך זיין אויפ'ן אוטינג? — פרעגט ברוך.

— וואָס הייסט, ווער נאָך? עס וועלען זיין אַ סך. עס וועלען אויך זיין נחום, לאה, בינעם און ווי הייסט ער, אַט דער מיט די פלאַקסענע האָאָר... יאָ, זאָג מיר — ס'איז טאַקע אמת, אַז בינעם איז דאָס פערליעבט אין לאה'ן?... און, דו ווייסט, מען זאָגט דאָך, אַז די לאה איז דאָך גאָר פערליעבט אין דיר, אַז זי שטאַרבט פאַר דיינע טריט, און אַז חתונה האָבען וועט זי דוקא פאַר דעם ציוניסט, פאַר נחום'ען. און דו ווייסט, איך האָב בעמערקט, אַז די לאה האָט זעהר שטאַרק ליעב מיין חנה'ן. ניט אמת? — — —

אזוי טענה'נדיג, קומען זיי אַלץ נעהנטער צום שאַפּ.

ניט ווייט פון שאַפּ הויבט מאַקס אויף זיינע אויגען און ווערט פערציטערט.

— ברוך, זעה נאַר! זעהסט?!

ברוך הויבט אויף זיינע אויגען און דערזעהט —

אין די פענסטער פון שאַפּ שווימען ארום רויטע פלאַמען, און ער וויל מיינען, אַז דאָס איז דער אָפּשיין פון דער צופלאַמטער מאָרגענזון — — — אָבער די פלאַמען גיבען זיך מיט אמאָל א הויב און ווערען גרעסער, שטאַרקער. אַט! — עס פלאַצען פענסטער! — — — די מענשען, וואָס געהען אויף דער זייט, האָבען זיך אומגעקוקט און זיך גענומען לויפען. עס איז געוואָרען אַ טומעל, און באַלד האָבען זיך צוטראָגען שאַרפע, הילכיגע פייער־סיגנאַלען. די סיגנאַלען האָבען זיך מיט כעס אריינגעשפּאַלטען אינ'ם יונגען מאָרגען און זיך גענומען ברעכען איבער אַלעמענס קעפּ. קאַרס אויף די גאַסען זיינען פּלוצלונג געבליעבען שטעהן אין מיטען וועג — וואַגען ניט צו געהן ווייטער. פון גאַסען און גאַסען האָבען זיך אָנגעטראָגען פייער־וואָגענס מיט געפּאַנצערטע פייערלייט, מיט העק, מיט אייזענס, וואַסער־פּאָמפּען, לייטערס — — —

די פערד האָבען זיך געטראָגען. צוואווילדט, שנעל, ווי זיי וואָלטען זיך רייסען פון דער אייגענער פעל אַרויס, פּונקט ווי גזלנים פון ערגעץ־ווילדע וועלדער האָבען מיט אַ מאָל איינגעשפּאַנט זייערע ווילדסטע פערד, און זיך איבער עפּעס אַ סיבה פּלוצלונג אַ לאָז געטהאָן דורך די שטאָדטישע

גאסען. און אַט זייגען זיי נעבען ברענענדען מויער, שטעלען זיך אָפּ, בעפאַלען איהם פון אַלע זייטען, קלעטערען ארויף צום פייער, צו די ברענענדיגע פענסטער, האקען, ברעכען — — — און די מענשען האָבען קיין צייט ניט, קוקען זיי זיך אום צוטראָגענע:

— פייער!

— פייער! — — — — —

און זיי קירעווען זיך אָפּ פון דער גאַס און יאָגען זיך מיט אימפעט ווייטער און נאָך שנעלער.

ברוך איז געבליעבען שטעהן ווי אַן איינגעגראָבענער מיט אַ דער־מאָנישען שמייכעל אויף די ליפּען:

— פייער, פייער! — — — — —

און מאַקס איז געשטאַנען נעבען איהם אַ דערשלאָגענער:

— ברוך, ברוך!

און דער רויך האָט זיך גענומען רייסען פון די פענסטער וואָלקענ־ווייז, זיך גענומען האַסטיג רייסען ארויף. אויבען האָט זיך דער רויך צונויפגעשלאָגען אין איין שטיק און איז אויף אַ ווײלע געבליעבען שטעהן ווי אַן אונגעלומפּערטער גרויסער וואָלקען, זיך אויף אַ ווײלע אומגעקוקט פערוואונדערט און נאָכדעם זיך גענומען שפּרייטען איבער דער גאַס און גאַסען; האָט פערשטעלט די זון און זיך גענומען מאַכען זיין אייגענעם הימעל.

## קאַפּיטעל 3.

ברוך איז פון פייער אוועק מאָדנע אויפגעראמט.

פון אָנפאַנג איז דאָס געווען זיין געוועהנליכער אינסטינקטיווער רייץ צו שטאַרקער בעוועגונג און צו פייער, ווייל אַלע מאָל ווען ער דער־זעהט ווי פון ערגעץ טראָגט זיך אָן דער רויטער פייער־וואָגען מיט'ן רע־טונגס־געוועהר, מיט די מוטהיגע, געפּאַנצערטע פייער־לייט, וואָס קוקען גע־וואגט פאַר זיך, דערפיהלט ער מיט א מאָל אין זיך אַלע זיינע אָדערען, דאָס בלוט נעהמט זיך דורך זיי מיט א מאָל האסטיג טראָגען און שלאָגט זיך אָפּ אין הארצען מיט א געזונטער, פרישער ווארעמקייט, און מיט א פער־כאַפּטען אָטהעם קוקט ער דערביי אויף די פערד מיט די ווילד־אויסגע־שטרעקטע העלזער ווי זיי רייסען זיך, ווי זיי טראָגען דעם וואָגען מיט א פערצווייפעלטער שנעלקייט. זייערע פערדישע עקען — די גריוועס הויבען זיך און פלאַנטערען זיך אין דער ווייס־בלויער לופט. א גרויסע פּאַ־רע זעצט פון זייערע נאָז־לעכער, וואָס זיינען צושפּרייט ביז אין רויטען פלייש, און זייערע קרעפּטיגע פערדישע לייבער ציהען זיך אוים אַלץ לענגער, ווילדער, ווייטער און עס דאכט זיך — זיי שליידערען מיט כעס פון אונטער זיך ווייט, ווייט אוועק די ערד, די גאַס מיט אַלץ, וואָס אויף איהר און מענשען צולויפען זיך אויף רעכטס און אויף לינקס. אַלעס און אַלע בלייבען שטעהן אָנגעשטעלט און זעהען צו מיט א מורא'דיגער קנאה ווי פאַרביי זיי טראָגט זיך דורך די פייער־מאַכט צום פייער. און ברוך ווערט דערביי אזוי ווי פערגליווערט, ווי פערפרוירען פון שטאַרקייט. זיינע אויגען בליצען אויף מיט איינמאָל אויף אַלע און אַלעס: — אויפ'ן לויף פון די פערד, פון וועלכען עס ציטערען אזש די פענסטער פון די שווערע מויערען; אויף די געזונטע און שטאַרקע פייער־לייט, וואָס קוקען געוואגט פאַר זיך; אויפ'ן וואסער־פּאָמפּ, אויף זיינע בלאַנקע מעשענע טהיילען, אויף דער גאַס און אויף די אויפגעטרייסעלטע מענשען. דאָס גאַנצע בלוט גיט זיך איהם דאַן א וואָרף אין קאָפּ, די הענד פּרעסען זיך

דערביי אָפּט אין שטאַרקע פויסטען. עפּעס כאַפּט זיך ביי איהם אויף אין הארצען, עפּעס נעהמט זיך וואַרימען אויף די ליפּען. און דער פייער־וואַגען טראָגט זיך שנעל פאַרביי אויף זיינע גרויסע רויטע רעדער, וואָס שפּרינגען אַזש אונטער, און באַלד נאָך דעם שיסט אימיצער אין עק גאַס אויס, ווי פון אַ הארמאַט, מיט נאָך אַזאַ וואַגען און מיט נאָך איינעם, און די גאַס בלייבט נאָך זיי ווי פערטויבט אויף אַ לענגערע ווײַלע, ביז אימיצער זאָגט ביי דער זייט: אָט דאָס הייסען פערד! פּונקט ווי דער טייוועל וואָלט זיך נאָך זיי יאָגען. וואָסערע פערד!? וואָסער טייוועל?

— טראַכט ברוך — דאָס איז פייער, פייער!!

און ווען ער האָט איצט דערזעהן ביים סאַמע פייער, ווי די געזונטע פייער־לייט שפּרינגען אַראָפּ פון די פייער־וועגען, שפּאַנען אויף גיך אויס די צוהיצטע, פערשווימטע פערד, מאַכען אויף שנעל פאַרטיג דאָס געוועהר און וואַרפען זיך אין פייער, און ווען ער האָט געזעהן די ריעזיגע רויטע פלאַמען געמישט מיט שטיקענדען, שוואַרצען רויך, וואָס האָבען אַרויס־געזעצט פון דאָ און דאָרט, און דעם צוטראָגענעם געלויף פון די הונדערטער מענשען, וואָס האָבען געשריען: פייער, פייער! — האָט ער דערפיהלט, ווי אין איהם צוואַוויקעלט זיך אַ רויטער פייער־קנויל, צוואַוויקעלט און צושפּרייט זיך אין זיין הארצען. ערגעץ ווערט אין איהם עפּעס ווי פון שרעק פערפרוירען, און ערגעץ נעהמט אין איהם וואָס שרייען מיט אַ העלישען ברען: פייער! פייער!

און שמייכלענדיג, האָט ער נאָכדעם בערוהיגט מאַקס'ען:

— נאַר איינער, וואָס ביסטו אַזוי צוטומעלט? נישקשה, מאָרגען איז דאָך זונטאַג, מאָרגען איז דאָך אונזער „אוטינג". מיר וועלען דאָס אַ לעב טהאָן אַ טאָג, אַז אַ רויך ועט אַזש געהן!

— אָבער וועה איז מיר, ברוך, ביזט פון זינען. ווייסט... וואָס הייסט?... ברוך! עפּעס אַזוי לייכט קריגט מען איצט אַ דזשאָב... דו בעטראַכט נאָר.

— עט, נאַרישקייטען! דו געהסט דאָך איצט אהיים? איז — „גוד באַי". גיב איבער אַ גרוס. מאָרגען טרעפען מיר זיך אויפ'ן אוטינג.

— אָבער, ברוך...

— זיי ניט קיין נאַר.

און ברוך איז אַוועק איבער דער גאַס אַ צופריעדענער. צו זיין

צופריעדענהייט איז אויך באַלד צוגעקומען דער געדאַנק, אַז חנה, וואָס ווארפט אויך איהר שמייכעל צו זיין פלאַן וועגען די „פרייע דערפער", וועט זיך פיעלייכט איצט צונייגען אויף זיין זייט. דער שאָפּ איז דאָך אָפּגעברענט, שוין נאָך דער „ביזי", און מאַקס וועט מז הסתם אַזוי גיך ניט קריגען קיין ארבייט. — די שטענדיגע ניט זיכערקייט מיט מאָרגע־דיגען טאָג און די ענגע שמוציגע גאַסען — עס אַרט איהר ניט, וואָס די קינדער רעדען דאָ ניט קיין אידיש. אָבער, חנה! זעהסטו דען ניט, וויפיעל איבער דעם מוז פערלאָרען געהן? פערשטעהסטו דען ניט, אַז די זיכערסטע פעדים, וואָס פערבינדען די עלטערען מיט די קינדער, די פע־דים, וואָס שפינען זיך פון דור צו דור, מוזען זיך איבער דעם אָפּרייסען, און אַז די בעסטע אייגענאַרטיגע מעגליכקייטען וועלען איבער דעם פער־לאָרען געהן. חנה, בעטראַכט זיך, חנה! און היינט, אַז ווען אָט דאָס פייער ברעכט אויס שפּעטער מיט אַ האַלבע שטונדע, וואָלט דאָך די געביידע שוין געווען פול מיט מענשען, און אַלע וואָלטען זיך מן הסתם געווים ניט געראַטעוועט. צו איז דאָס דען דער וועג, ווי מענשען דאַרפען לעבען? און אָט די ביילקעס, חנה? זיי זיינען דאָך אפשר גאָר אויף אַזוי פיעל ניט שולדיג. ס'ווילט זיך זיי ניט אָפּזיצען אין שאָפּ זייערע יאָה־רען, די יונגע, צאַפּלדיגע יאָהרען, וואָס שפּרינגען אוועק און בלייבען ניט. און די לעווינס ווילען ניט חתונה האָבען, — צוליעב וואָס? אַז דאָס לעבען איז ניט געזיכערט. און קיין גאָט אין הארצען האָט מען ניט. אַ פאָלק, פון וועמען גאָט האָט ארויסגעקוקט שעהנער און לויטע־רער, ווי פון אַלע אַנדערע פעלקער, — און וואָס געהט דאָ פון אונז ווע־רען? חנה, מיר דאַרפען געהן אַהין אין דער ווייטער וועסט. די רע־גיערונג גיט דאָרט אוועק די ערד כמעט אומזיסט. דאָרטען וועלען מיר קאָנען לעבען אונזער אייגען לעבען. דאָרטען שטאַרקט זיך ווידער אונ־זער בלוט, אונזערע מוסקולען. מיר באָדען זיך אויס אין דער שעהנקייט און ברייטקייט פון יענע טעג, נעכט, פאַרנאַכטען און פריהמאָרגען! —
— — שטעל זיך פאַר אַ פאַרנאַכט. דו געהסט ארויס און דו זעהסט: ווי אַ זונען טאַכטער צושפּרייט אויפ'ן הימעל איבער דער ווייטער סטעפּ אַ רעגענבויגען־פאַרביג בעט פאַר'ן מיעדען היינט, און נאָכדעם לעגט זי זיך ארויף אויף דעם רייכען געלעגער און ציהט זיך אַזוי ווייבליך און ליעב. און זי איז אין גאַנצען ווי געוועבט פון גאָלד און פורפור, און זי

ציהט זיך וואָרעם, שמייכלענדיג, פול מיט לעבענס־זאַפטען, און זי קוקט און זי וואַרט אויפ'ן הײנט. און אָט קומט ער אָן, דער ה י י נ ט, אין פורפורנעם גלאַנץ מיט אַ פייל־בויגען אין זיין האַנד, און עס לויפען איהם נאָך אַ מחנה רויטע און גאָלדענע קופערנע הינט. און דער הײנט דערזעהט די שעהנע זונען־טאָכטער און ער ווערט צומישט, און עס פאַלט ביי איהם אַרויס פון האַנד זיין פייל און בויגען... און דאַן... און דאַן קומט אָן די נאַכט. — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און יענע נאַכט, חנה! די נאַכט איבער די ווייטע סטעפּען, אַ הימעל וואָס איז אויף מיילען און מיילען פערזייהט מיט פינקעלדיגע קנאָספּען פון גאָלדענע טרוימען. מיילען ווייטע, ווילדע, וואָס פערליערען זיך אין בלויקייט און אין שטערען־שימער; אַ נאַכט, וואָס איז פול מיט דעם נאַאיווען ערנסט פון אַ פערליעבטער אונשולד. און ווי גוט און ווי ווייט עס טראַכט זיך אין יענע נעכט! — — —

און צו מאָרגען בעוויזט זיך ווידער די זונען־טאָכטער. זי בעוויזט זיך אויפ'ן מזרח מיט איהר ניי־געבאָרענעם, פרישען מאָרגען, און דער מאָרגען שפּרינגט אַראָפּ פון איהרע הענד און זי קוקט איהם נאָך און שמייכעלט מיט אַ מוטערליכען נחת, — ווי ער וואַקסט פאַר איהרע אויגען, ווי ער שפּיעלט זיך אינ'ם גאָלדענעם טייכעל, און לאַכט אַן ענטציקטער. און אָט לאָזט ער זיך לויפען, שפּרינגט ווי די בעגייסטערונג איבער איהר גאָלדענער סטעפּ, און אָט קאַטשעט ער זיך, ווי אַ וואַרעמער פערלאַנג איבער דעם רייך פון איהרע ברוסטיגע בערג, פאַלט אַריין אין צווישען־טהאָל און שפּרינגט באַלד ווידער אַרויף און ווילד ווי די ליידענשאַפט רייסט ער זיך אַריין אין דער בלויקייט און לאָזט זיך שווימען איבער דעם טיעפען ווייטען הימעל, און שווימענדיג וואַקסט ער, דער גאָלדענער מאָרגען, און פראַלט צווישען ערד און הימעל און ווערט אַלץ גרעסער און מוטהיגער.

און נאָכדעם — דער טאָג פון געזונטער, שווערער אַרבייט. די אַרבייט פון ברייטער, שטאַרקער בעוועגונג. חנה, ניט קיין שאָפּ־אַרבייט, נאָר אַן אַרבייט, וואו דער קערפּער בעוועגט זיך געזונט און שטאַרק און מען אָטהעמט מיט פרישער, פרייער לופט. און יעדער גראָב, וואָס מען טהוט, איז וויכטיג, און יעדער שניט, וואָס מען טהוט, איז נויטיג. און

אַז דו הויבסט אויף דיינע אויגען, שלאָגען זיי זיך ניט אָפּ אין קיין ווענט, נאָר דו זעהסט פאַר זיך אַ רוים, אַ ווייטקייט, אַן אונענדליכקייט. חנה, דאָרטען קאָן מען דאָך ערשט פון דאָס ניי וואַקסען, דאָרטען קען מען דאָך אויפוואַקסען ריזען.

און עס דאַכט זיך איהם, אַז חנה געהט נעבען איהם, הערט אויס אַלץ וואָס ער זאָגט און שמייכעלט...

— יאָ, ביזט אפילו גערעכט, — פיהרט ער ווייטער דאָס געשפּרעך אין זיך, ווי ער וואָלט איהר ענטפערען אויף איהר שמייכעל. — ריזען דאַרף מען זיין נאָך איידער מען פאָהרט אהין... ווייל עס איז ניט לייכט פאַר אַ שטאָדטישען מענשען זיך מיט אַ מאָל אין גאַנצען אפּצורייסען פון דער שטאָדט. ביזט גערעכט. שטעל זיך פאָר, אַז אפילו מיט מיר האָט אַ פּאָר מאָל געטראָפען, אַז שטעהענדיג אויפ'ן פעלד ביי דער ארבייט, האָב איך אַ הויב געטהאָן דעם קאָפּ און דערזעהן ווייט אַרויף ביים האָריזאָנט די שטאָדט ניו יאָרק... און איבער דער שטאָדט — אַ גרויסען ריעז געפּאַנצערט אין שטאָל און אין אייזען, און אין זיינע הענט האָט דער ריעז געהאַלטען טויזענדער און טויזענדער לייצעס און האָסטיג געטריבען און געשריען: מיינע פערד, מיינע פערד! און דער טייוועל וויים איבער וואָס, נאָר מיר האָט זיך גענומען דאכטען, אַז איך, זייענדיג אַזוי ווייט פון שטאָדט, בין דאָך אין זיינע לייצעס...

דאָס האָט מיר געטראָפען אַ פּאָר מאָל, און גראָדע דאַן, ווען די גאַנצע סטעפּ איז געווען פערשוואומען אין אַ זוניגען, הייסען טאָג.

און חנה הערט און שמייכעלט...

— חנה, חנה!.. פאַר וואָס האָב איך דיך אַזוי משוגענערוויז ליעב? פאַר וואָס ווער איך אַזוי משוגע, ווען מיר דאכט זיך, אַז דו ביסט נעבען מיר?... און וואָסערע שעהנע הענט דו האָסט עס, חנה! גאָט מיינער, וואָסערע שעהנע הענט! ס'רא לאַנגע, רונדע, און ווי עס שפּיעלט זיך אויף זיי די שיינענדע ווייסקייט מיט דער בליהענדער ראָזקייט. זעה נאָר וואָסערע בליהענדע רעדעלעך עס וועבען זיך איבער דיינע שעהנע רונדע הענט! און אַזוי ביזטו דאָך אין גאַנצען, אַזאַ שיינענדיג־ווייסע, אַזאַ ראָז־פערוועבטע. מיין חנה!! מיין שעהנע חנה!... מאָרגען איז דאָך זונטאָג, מאָרגען טרעפען מיר זיך דאָך אויף אונזער אַרויספּאָהר אויפ'ן בארג. דער פּלאַץ איז זעהר אַ שעהנער, אַ מערקווירדיגער. איך

בין שוין דאָרט איינמאָל געווען — ס׳איז אַ הויכער באַרג, וואָס פער־רייסט זיך גלייך צום הימעל און קוקט פון דאָרט אַזוי מאָדנע אויף גאָט׳ס וועלט. און ס׳אַרא מאָדנער זומער דער היינטיגער! ניט אמת, חנה, ס׳אַרא מאָדנער? האָסט בעמערקט? צוערשט האָבען זיך גענומען ווייזען מיידלעך אין פורפור. און ווי שעהן עס קוקען אויס אָט די שמאָלע, פורפורנע קליידער מיט שוואַרצע אָפּגעלעגטע קעלנער, מיט שוואַרצע קנעפּ, קליידער פון איין לענג, כמעט גאָר אָהן פאַלדען, און ס׳אַרא שעהנע נעמען זיי טראָגען: פּרינצעסען! און באַלד נאָך דעם נעהמען שפּרינגען איינס נאָכ׳ן אַנדערען גאָלדענע מאָרגענס, זוניגע פאַר־נאַכטען און מען נעהמט זיך קוקען פערגאַפט אויף אָט די מאָדנע פור־פורנע קליידער, ווי זיי גיבען דאָס אַרויס אַלע בעוועגונגען, פּרעסען אַרויס אַלע מיידעלשע פאָרמען און עס זעהען זיך: קליינע מיידעלשע פיס, פּרייע, ווייסע העלזער, ווייט צועפענטע אויגען, זומערדיגע פּנים׳ער, און די געלע שטרויענע היט מיט די ברייטע גרויסע פעלדער מיט בלומען און פעדערען און פויגלען... ווי שעהן דאָס איז, חנה! און שפּעטע־בעווייזען זיך נייע פּרינצעסינס: ווייסע, מיט געדיכטע, שוואַרצע קעסטעלעך, מיט אָפּגעלעגטע שוואַר־בלויע קעלנער און מיט אַ שורה שוואַרץ־בלויע קנעפּ אויף איין זייט. און געהען די מיידלעך, בעוועגען זיך די קליינע קעסטעלעך, שפּרינגען אום איבער די מיידעלשע לייבער, און עפּעס אַזוי שנעל, אַזוי לעבעדיג, שטיפעריש, אַז עס איז שווער אָנצוכאַפּען איין קעסטעלע אויף איין פּלאַץ, איין קעסטעלע נעבען אַ צווייטס — אַלע טאַנצען זיי פאַר די אויגען, אַלע אויף איין מאָל! און נאָכדעם בעווייזען זיך גאָר געלע! — געלע, מיט גרויסע, פּערלמוטערנע קנעפּ. און נאָך־דעם — הימעל־בלויע, מיט ווייסע שנירעלעך, מיט ווייסע קרוזשעוועס... און איצט האָבען זיי זיך שוין אַלע אויסגעמישט: רויטע, גרויע, געלע, בלויע, און זיי געהען אום פרישע, זומערדיגע, און טראָגען זיך אוי[?] מחנות׳ווייז, גערטנער, גערטנערווייז...

ברוך שטעלט זיך אָפּ, קוקט זיך אום און דערזעהט, ווי אין די גרויסע פענסטער פון דער הויכער, לאַנגער גאַס שפּיגלען זיך אַריין אַלץ נייע און נייע גערטנער, שפּיגלען זיך אַריין, טראָגען זיך דורך און באַלד בע־ווייזען זיך אַנדערע. דער „ראָש“, דער געדראַנג, איז שוין אַריבער. דאָך טראָגען זיך נאָך אום גערטנער, קלענערע, גרעסערע, אַלץ אַזעלכע פאַר־

בינע, ריהרעוודינע. און איהם דאכט זיך, אז ניט נאָר ער, נאָר אויך די מויערען, די גאסען, קוקען דערויף ווי אויף א מאָדנעם חידוש:

— וואָס איז דאָס פאר א זומער, גאָט? ! וואָס איז דאָס פאר א זומער ? !

---

ברוך האָט זיך אָבגעקירעוועט פון דער גאס און איז אריין אין די ענגע נהעטא־גאסען. די לופט איז געדיכט און גרוי פון דעם שטויב, וואָס איז אויפגעשלאָגען ביז'ן הימעל. און אין דעם שטויב ציהען זיך טונקעלע גאסען מיט קופעס מיסט, די מויערען זיינען הארט געשלאָסען איינער צום צווייטען און זעהען אויס ווי גרויסע, הויכע, ברודיגע קאס־טענס, וואָס זיינען צוטהיילט אין עטליכע עטאזשען, און זיינען פער־האנגען מיט „פייער־עסקייפס“, ווי מיט אייזערנע שטייגען. אויף יעדען עטאזש איז אָנגעטשעפעט אזא שטייג און איין שטייג מיט דער צווייטער איז פערבונדען מיט אייזערנע לייטערס, וואָס זיינען קרום צוהאנגען איבער די געביידען. עס עפענען זיך קראָמען, די סוחרים טראָגען ארויס זייערע סחורות; אויף די אויבערשטע עטאזשען עפענען זיך פענסטער, און ווייבער לעגען ארויס זייער בעטגעוואנד צום „לופטערען“. „פוש־קארטס“־טישלעך אויף צוויי הויכע רעדער, מיט פערשיעדענע גרינסען, פרוכט און אנדערע סחורות, צושטעלען זיך אויףביידע זייטען פון די לאנגע גאסען. יעדער פערקויפער נעהמט אויסשרייען זיין סחורה אין דער פערשטויבטער לופט אריין, און אז א ווייבעל געהט ארויס איינ־קויפען, נעהמט זי שוין מיט, פאר איין וועג אויך איהר פעקעל מיסט און לעגט איהם צו צו איינעם פון די קופעס.

ברוך שטעלט זיך אָפּ, קוקט און שמייכעלט. — — —

די קופע, לעבען וועלכער ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז נאָך גראָדע געווען א נאסע און אויסער דעם ריח, וואָס פון איהר האָט געטראָגען, האָבען זיך פון איהר נאָך ארויסגעשפּארט געלע דיטשקעלעך.

א פערגעניגען, אויף מיין וואָרט! — טראכט ברוך און שמייכעלט, און קוקט אויף דער לאנגער, שמוציגער גאס.

פון וואו ניט וואו לויפט נאָך ארויס א פערשפעטיגטער ארבייטער אָדער א פערפוצטע מיידעל, אן ארבייטערין, און איילט זיך צו דער ארבייט. —

— לויפט, לויפט, קינדער! ס'א לעבעדיגע וועלט. לויפט און זאָל אייך גאָט העלפען! — שמייכעלט זיי ברוך נאָך.

א פעדלער, וואָס איז ארויסגעפאָהרען מיט זיין פושקארט האַרט אויף דער נאָסער קופּע, האַלט אויסגעצויגען זיין האַלז און שרייט אין איין קול:

— פרישע „טאָמייטאָס“, ווייבער! פרישע „טאָמייטאָס, ווייבער! פּרישע „טאָמייטאָס“, ווייבער! פרישע „טאָמייטאָס“, ווייבער! פרישע „טאָמייטאָס“, ווייבער! — און עפּעס אלץ אין איין טאָן, און בלויז די איינענע פאָר ווערטער. — פרישע „טאָמייטאָס“, ווייבער! פרישע „טאָ־מייטאָס“, ווייבער! — ווי אַן אווטאָמאַט, ווי א פערשאָלטענער, און אפשר גאָר ווי א משוגענער! — פאַלט איין ברוך'ן. די ווייבער דרעהען זיך דוקא ארום איהם, קויפען, אָבער ער וויל אלץ ניט אויפהערען און ניט ענדערען זיין געוואַלד.

און ברוך דערפיהלט ווי צוצוגעהן צום אידען און ארויפלעגען זיין האַנד אויפ'ן אידען'ס אַקסלען:

— נו, גענוג שוין, ר' איד! ביז וואַנען איז דער שיעור? און ווייסט איהר, רב איד, מען קען דאָך מיינען, אז איהר זיינט גאָר ניט קיין מענש, נאָר א מין פערשאָלטענער הונט, וואָס האָט זיך פער'עקשן'ט און וויל מעהר ניט שרייען, ווי — האַו, האַו־האַו! — — — און די גאַנצע גאַס איז פול מיט שטויב, מיט שמוץ און — — — און מיט אַזעלכע בייזע, פערבימערטע, פערשאָלטענע הינט — — — הינט! און אַלע האַווקען, בילען — — — בילען. און ברוך'ס שמייכעל אויף די ליפּען צוקרימט זיך דערביי שלעכט און גיפטיג בייז. און ער גיט א מאַך מיט דער האַנט, דרעהט זיך אויס און געהט אוועק.

אויף איינער פון די ווייטערע גאַסען בעגעגענען איהם נחום און בינעם.

בינעם האָט איהם גלייך אַנגעכאַפּט:

— וואָס זאָגסטו דערויף, ברוך, ער וויל דאָך מיך אויפעסען פאַר דיינע „פרייע דערפער“! און וואָס טאַקע ווילסטו האָבען מיט דיינע הערפער? פאַר וואָס טאַקע זאָלען מיר בעסער ניט פאָהרען קיין ציון?

ברוך אָבער מאַכט זיך ניט דערפון, און ווענדט זיך מיט ערנסט צו נחום'ען:

— האַלאָ, נחום! וואָס הערט זיך? ווי געהט דאָס מיט דער „אי־דישער פאָהן“?

— אונזער צייטונג בעסערט זיך, — ענטפערט איהם נחום פער־דעכטיג און כאַפּט זיך באַלד דערויף אַרויס מיט כעס אין קול: — וואָס־זשע, איהר אַליין לייענט גאָר ניט די „אידישע פאָהן“?

ברוך מיידט אויס זיין כעס און פרעגט מיט דעם פריהערדיגען ערנסט:

— ניין, איך מיין, ווי געהען דאָס די געשעפטען פון דער צייטונג?

— נישקשה.

— וואָס הייסט נישקשה?

—גאָר ניט, — ענטפערט איהם נחום, און אַלץ מיט אזא טאָן, ווי ער וואָלט גערעדט מיט אַ שונא.

בינעם צושמייכעלט זיך פון דעם ברוך'ן אין פנים אריין. ער טראכט: דו מיינסט טאַקע אין אַן אמת'ן, אז ער וועט דיר פערגעבען די ליעבע פון לאה'ן און דערצו נאָך די נאַרישע פּלענער פון דיינע דערפער. און באַלד כאַפּט זיך בינעם גאָר אַרויס:

— דו ווייסט, ער זאָגט דאָך, אז דו ביזט גאָר אין גאַנצען קיין איד ניט!

ברוך קוקט אפילו ניט אין בינעם'ס זייט, אָבער בינעם דערפיהלט גלייך, אז דערמיט האָט ער ברוך'ן געטראָפען אין אַ פערוואונדעטען פלאַץ און ער רעדט ווייטער:

— און ניט נאָר דאָס. ער זאָגט, אז דו האָסט פיינט אידען, אז דו קאָנסט זיי ניט אָנקוקען, אז צוליעב דעם האָסטו זיך פערקליבען ערגעץ אונטער'ן שטאָדט, און אז די פּלענער פון דיינע דערפער זיינען אויך ביי דיר דערפאר, ווייל דו ביזט אַ שונא ישראל, דיר וואָלט זיך פשוט וועלען מאַכען די אידען פאַר גוים. און היינט דיין שרייבען — מיט וואָס איז דיין שרייבען אידיש?

— און וואס זאגסטו דערויף? — פרעגט ברוך בינעם'ען, ווי דאָס אַלעס געהט איהם גאָר ניט אָן.

— איך זאָג, — ענטפערט בינעם, — אז די מעשה מיט דיינע „פרייע דערפער“ איז פאר דיר ניט מעהר ווי אַ מעשה. און איך ווייס גלאַט ניט, וואָס מען וויל פון דיר האָבען? מיט וואָס איז זי ערגער פון דיינע „רעגנען־מעשיות“?...

— און וואוהין געהט איהר איצט? — פרעגט ברוך סתם אין דער וועלט אַריין.

בינעם קוקט איהם אָן שמייכלענדיג, און נחום זאָגט:

— איך געה איצט דינגען דעם „סענטראַל פּאַלאַס" פאַר אונזער באַל.

— אָבער איהר האָט דאָך נאָך ביז ווינטער גענוג צייט.

— ביז ווינטער איז שוין גאָר ניטאָ אַזוי פיעל צייט, ווי איהר מיינט... — ענטפערט אים נחום מיט סטירדעס און ווענדט זיך גלייך צו בינעם'ען:

— נו, איהר געהט מיט?

— דו דאַרפסט מיך אפשר האָבען? — פרעגט בינעם ביי ברוך'ן.

— איך דאַרף דיך האָבען, אָבער מיר ווילען זיך דאָך מאָרגען טרעפען אויפ'ן אוטינג.

— וואָס־זשע, מיט דיין גובערנאַטאָר האָט זיך גאָר ניט אויס־געלאָזט?

— אָט וועגען דעם וויל איך טאַקע, אַז דו זאָלסט איינרופען אַ מי־טינג פון די „פאַרמערס" אויף נעקסטען דיענסטאָג.

— אָלרייט.

— וואָס, אָלרייט? — פרעגט איהם ברוך איבער.

— איך וועל דאָס שוין בעזאָרגען.

— איז, גוד ביי! — זאָגט ברוך זיך געזעגענענדיג.

— גוד באי! — ענטפערט אויך נחום.

בינעם אָבער שטעלט איהם אָפּ:

— איי, נחום, דאָס איז שוין גאָר ניט שעהן פון דיר! נעכטען האָט דאָך לאה דיך געבעטען, אַז ווען דו וועסט זעהן ברוך'ן, זאָלסטו איהם זאָגען, אַז זי דאַרף איהם נויטיג זעהן?

נחום ווערט צומישט און בלאַס. עס גלאָצען זיך אויס זיינע אויגען און ער זאָגט צוטראָגען:

— זי האָט דאָך דאָס דיך אויך געבעטען... — און... איך האָב גע־מיינט, אַז דו האָסט דאָס איהם שוין געזאָגט!

— אַ גוטען טאָג, — זאָגט ברוך, און געהט אוועק פון זיי.

— איהר זיינט אָבער אַלע מאָל אַזעלכער, — זאָגט נאָכדעם נחום צו בינעם׳ן, אַ ברוגז׳ער.

— ניט כדאי זיך נעהמען צום הארצען פון דעם.

— ניין, אָבער פאַר וואָס זאָל ער מיינען, אַז אַלע זיינען אין איהם פערליעבט?

— „מיינען“, איז ריכטיג, — קריםט איהם בינעם איבער.

— וואָס זשע, איהר רעכענט טאַקע, אַז לאה האָט איהם ליעב?

— מעגסט מיר גלויבען, אַז דו ביזט אַ נאַר.

— איהם, ווייזט אויס, האַלט איהר פאַר אַ חכם.

— רעדט בעסער ניט!

— אַזוי שטאַרק זיינט איהר אין איהם איינגעגלויבט?!

— דאָס איז אַ גרויסער באַרג און מיר אַלע זיינען שטיקלעך שטיינער, וואָס האָבען זיך דאָ און דאָרט אָפּגעריסען פון איהם, וואַלגערען זיך איצט ביי זיינע פיס.

נחום גלאָצט ווידער אויס די אויגען און קוקט אָן בינעם׳ען פערוואונדערט און זאָגט:

— אבי מען קלאָגט זיך, אַז די צייטען פון פאַנאַטיזם זיינען שוין אריבער!...

## קאַפּיטעל 4.

ברוך איז אוועק צו דער ביבליאָטהעק, וואו לאה ארבייט. מוראַב־טענדיג און זעהענדיג פאר זיך די שעהנע, ווייסע בלומען, וואָס לאה האָט איהם נעכטען געבראַכט.

אַט אַזוי טהוט שוין לאה זייט לאַנג: קלייבט זיך אוים אַ צייט, ווען זי איז זיכער, אַז ברוך איז ניטאָ אין דער־היים, קומט צו געהן צו איהם מיט פרישע בלומען, שטעלט זיי אריין אין בלומען־טאָפּ, גיסט איהם אָן מיט וואסער און נאָכדעם זעצט זי זיך אריין אין שטוהל, ניט אויס־טהוענדיג אפילו דעם הוט, און אַזוי זיצט זי זיך אָפּ אַ לענגערע צייט שטיל און אַליין, ביז זי הויבט זיך אויף און געהט אוועק.

ווען ברוך איז אריין אין ביבליאָטעק, איז לאה אין איהר קלאָר־ווייסען קלייד, ווי אויפגעציטערטער און ווייסער געוואָרען. זי איז אָבער געוועזן פערנומען מיט אַ פּאָר בעזוכער און האָט זיך בעשיידען צוריק־געהאַלטען. איינע פון איהרע חבר'טאָרינס איז איהר באַלד געקומען צו הילף און לאה איז מיט שטילע טריט ליעב צוגעגאַנגען צו ברוך'ן:

— ווי קומט איהר עפּעס אַהער אין מיטען טאָג? — האָט זי ביי איהם געפרעגט, צופריעדען אָנגעהמענדיג זיין האַנד.

— דער שאַפּ, וואו איך ארבייט, האָט אָפּגעברענט, אָדער ברענט נאָך!

— וואָס איהר רעדט! כאָטש געוועזן אַן אינטערעסאַנטער פייער?

— זעהר.

— איהר ווייסט צו וואָס איך האָב אייך אַהער גערופען?

— ניין.

— קומט מיט מיר אַרויס אין דרויסען.

ברוך האָט לויט דעם אויסדרוק פון איהר פּנים פערשטאַנען, אַז עפּעס האָט זי איהם צו זאָגען אַזעלכעס, פון וואָס זי רעכענט, אַז ער דאַרף זעהר צופריעדען זיין.

ווען ער איז מיט איהר אַרום אין דרויסען, איז זי מיט איהם אַריבער אויפ'ן טראָטואַר פון דער אַנטקעגענדיגער זייט גאַס און דאָרטען זיך אויסגעדרעהט מיט'ן פּנים צו דער ביבליאָטעק און אויסגערופען מיט אַ מיידעלשער פרייד:

— איהר זעהט אָט די געביידע?

ברוך כאַפּט אַ קוק אויף דער ברוין־גרויער שטיינערנער געביידע מיט די גרויסע, ווייסע פענסטער, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען ספּעציעל לאַנג און ברייט, כדי אין דער געביידע זאָל קענען אַריין וואָס מעהר ליכט, אויף די ברייטע, לאַנגע טרעפּ, וואָס שפּרייטען זיך פונ'ם טראָטואַר ביז די פיער ווייסע מראַמאָרנע זיילען, וואָס שטעהען אַזוי צושטעלט פאַר'ן טיהר, ווי זיי וואָלטען איינגעלאַדען, מען זאָל קומען, מען זאָל געהן.

און לאה רעדט:

— אָט שוין דריי טעג, אַז אַלע אָבענד, ווען איך געה אַהיים, געה איך אַריבער אַהער, קוק פון דאַנען אויף דער ביבליאָטעק און טראַכט: „ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען מיר גיט זיך איין צו פערוואַנדלען אָט די גאַנצע געביידע אין אַ אידישער ביבליאָטעק!“

ברוך האָט פון דעם איינפאַל אַ גוטען שמייכעל געטהאָן, ווי אַ ליכ־טיגער פייער וואָלט זיך אין זיין האַרצען אָנגעצונדען, זיך בעגעגענט מיט איהרע אויגען, דערזעהן, אַז די אַקסעל זיינען ביי איהר רונד, כמעט ווי ביי חנה'ן... און דערפיהלט, ווי אַרויפצולעגען זיין האַנט אויף איהר קאָפּ.

און לאה רעדט ווייטער, און רעדענדיג ווערען איהרע אויגען אַלץ ליכטיגער:

— איהר דאַרפט פאַר מיר נאָר טהאָן איין זאַך, ברוך. אין אייערע פעראיינען אָדער ווען איהר האָלט ערגעץ אַ רעדע, דאַרפט איהר דער־מאָנען, אַז אין דער ביבליאָטעק בעקומט מען אַלע אידישע ביכער, און טאָמער טרעפען זיי ניט אַ געוויסען בוך, וועל איך עס שוין פאַר זיי קריגען, ווייל — איהר פערשטעהט — וואָס מעהר ביכער מען וועט ביי מיר פאָדערען, אַלץ מעהר וועט מען מיר ערלויבען אַריינצונעהמען, און זאָלען מיר די אידישע צייטונגען אויך אין דעם אַרויסהעלפען. דאַן ווערט די געביידע די הויפּט־ביבליאָטעק פאַר אידישע ביכער. נו, טהוט איהר דאָס פאַר מיר?

— זיכער, לאה, זיכער! — זאָגט ער צו איהר און נעהמט זי אָן

פאַר׳ן האַנד עפּעס אַזוי גוט און ליעב, ווי ער וואָלט איהר דערמיט פערזיכערט, אַז זי איז זעהר אַ גוט מיידעל און זעהר אַ וואויל קינד. און אַזוי האַלטענדיג איהר האַנד, האָט ער זי אַריבערגעפיהרט די גאַס און אויפ׳ן וועג איהר פערזיכערט, אַז איהר פּלאַן איז שעהן, און ער האָפט, אַז עס וועט איהר אויך געלינגען איהם דורכצופיהרען, און אַז עס איז זעהר שעהן פון איהר זייט, און אַז עס איז ווירקליך זעהר שעהן פון איהר זייט. און ער האָט זי אַרויפגעפיהרט אויף די טרעפּ, געעפענט פאַר איהר די טיהר און, געבענדיג איהר זיין האַנד צום געזעגענען זיך, האָט ער זי ווידער אַ מאָל אַזוי ווי פון דאָס ניי דערזעהן... מיידלעך דערקענען לייכט אַזעלכע בליקען, און אין דער מינוט ווערט אין זיי אַלעס מיט אַ מאָל גרייט אויף צו ווערען נאָך שעהנער און בעסער... און ער האָט לענגער פערהאַלטען איהר האַנד אין זיינער און צו איהר געזאָגט מיט פרייד:

— איהר ווייסט, איך פיהל איצט, ווי צו נעהמען אייך אויף די הענד און זיך אַוועקטראָגען מיט אייך איבער די גאַסען און אייך ווייזען פאַר אַלעמען: — „זעהט, ווי אַ וואויל און גוט מיידעל זעהט אויס!“

— נאָר ווער לאָזט דאָס אייך ניט?

אָבער פון אָט דער שאלה איהרער האָט זיך ברוך מיט אַ מאָל געענדערט. עפּעס אַ מין גיפטיג פייער האָט זיך מיט אַ מאָל אַ לאָז געטהאָן איבער זיין לייב. — וואָס טהוט ער?... וואָס רעדט ער?... ווער וויים ווי זי פערשטעהט איהם?... און דערצו נאָך אָט די קליינע קינדער, וואָס נעהען אַריין און אַרויס מיט ביכער, — פערשטעהט זיך, מיט ענגלישע, ווייל זיי קענען דאָך מן הסתם קיין וואָרט אידיש ניט לעזען. און זי מיינט, אַז ווען זי וועט האָבען אַ סך אידישע ביכער אין די פּאָליצעס, וועט זי דערמיט ראַטעווען דאָס אידישע פאָלק פון אונטערגאַנג... און אין דער אייגענער צייט ענטפערט ער איהר:

— איהר ווייסט דאָך, אַז איך האָב קיין צייט ניט. אָט איך רעכען שוין באַלד אַריינצוגעהן אין קרויזקאָפּ׳ס קאַפע. דאָרטען וועל איך געוויס טרעפען עטליכע מענשען, וואָס וועלען אייך גערן אַרויסהעלפען אין אייער אַרבייט.

— עפּעס האָט איהר זיך איצט אין איין רגע פערענדערט, ברוך!

אייער פּנים איז געוואָרען אַנדערש, אייערע אויגען אַנדערש, — זאָגט לאה, זיך אַליין אויך ענדערענדיג.

— מן הסתם איז מיר פּלוצלונג אַ שוואַרצע קאַץ איבערגעלאָפען דעם וועג, — זאָגט ער, ווי פון זיך אַליין לאַכענדיג. — אַלזאָ, אַ גוטען טאָג אייך.

— אַגוטען טאָג! איהר וועט דאָך זיין מאָרגען אויפ׳ן אוטינג?

— נעווים.

ברוך איז אַוועק אַ צורייצטער: —

וועד איז דאָס דער, וואָס שפּרייט מיר אַלע מאָל אויס אַ שוואַרצע נעץ פאַר מיינע אויגען?! וועלכער טייוועל?! אָבער כאַפּט דאָס דער פייער! שאַדען קען דאָך געוויס ניט, דאָס וואָס אין דער ביבליאָטעק וועלען צו־קומען נאָך עטליכע ביכער און דאָס וואָס נאָך עטליכע מענשען וועלען זיך נעהמען צום לעזען. און ווער ווייס? — אפשר קען נאָך אַ מאָל דער צופאַל ברענגען, אַז עס זאָל גוט צונוץ קומען! און אין ערגסטען פאַל — ברענט דאָס אויפ׳ן פייער! ברענט דאָס אויפ׳ן פייער!

און איצטער דאַרף מען נאָך וועגען דעם אַריינגעהן אין קרויזקאָפּ׳ס קאַפע! אין אָט דעם ליטעראַרישען גהינם. אַך, צום טייוועל! דאָרטען וועט ער מן הסתם טרעפען דעם שטענדיגען דעבאַטאַנט, רייכער, וואָס ניט זיין געגנער קיינמאָל ניט די מעגליכקייט עטליכע גאַנצע זאַצען צו זאָגען, ווייל ביי דעם ערשטען וואָרט, וואָס מען פּרואווט זיך צו איהם אַרויסרעדען, וואַרפט ער זיך גלייך אַרויף און נעהמט זיך דערווייזען, אַז ער פערשטעהט שוין פון אויסוועניג, וואָס יענער וויל זאָגען און אַז דאָס דערוויייזט טאַקע, אַז די אַלע שרייבער זיינען היפּאָקריטען, ליגנער, אידיאָ־טען! ווייל אַנדערש קאָן גאָר ניט זיין. אַז ניט וואָלטען זיי ניט גע־שריעבען פון קיין נעכטיגע טעג. זיי וואָלטען זיך פערנומען מיט דעם אַרבייטער׳ס לעבען, ווייל נאָר דורך דעם אַרבייטער קען די מענשהייט ערלייזט ווערען.

און ברוך׳ן נעהמט זיך דאַכטען, אַז ער איז שוין אין קאַפע, זיצט ביי אַ טישעל געגענאיבער רייכער׳ן. רייכער׳ן דאַכט זיך, אַז ברוך שטימט מיט איהם ניט איין און ער ציהט זיך אַריבער איבער׳ן טישעל, כאַפּט אָן ברוך׳ן פאַר׳ן אַרבעל און נעהמט איהם אונגעדולדיג ציהען, רייסען: — וואָרט! וואָרט! לאָזט רעדען! איהר ווילט מיר אויסברייען,

אַז דעם קינסטלערס האַרץ איז אַ שפּיגעל, וואָס שפּיגעלט פון זיך אַרויס אַלעס וואָס עס זעהט, אַ יאָ? אַזוי? זעהט איך דאָך, אַז איך האָב געטראָפען. פרעג איך אייך, פאַר וואָס זעהט ער ניט די טויזענדער און טויזענדער אַרבייטער זאָרגען? פאַר וואָס שפּיגלען זיי זיך ניט אַריין אין זיין שפּיגעל? האַ? ענטפערט, נו? — נאָר ענטפערען לאָזט ער ניט, און אַ צוקאָכטער שפּרינגט ער אויף, ציהט זיך אַזש אַריבער איבער'ן טיש, כאַפּט איהם אָן פאַר די לאַצען: — לאָזט, לאָזט, וואַרט! איך וועל פאַר אייך אַליין ענטפערען: — דאָס איז דערפאַר, ווייל זיי זיינען היפּאָקריטען, ווייל זיי שרייבען בלויז פאַר עטליכע פּריוועליגירטע א י י נ צ ע ל נ ע. אַפּילו איבסען. וואָס מיינט איהר איז איבסען?! זאָרגט זיך ניט, ווען ער וואָלט נאָר ריכטיג געקוקט, וואָלט ער ניט געדאַרפט נעהמען אַ גלח אויף אַרויסצוברענגען די אידעען פון „בראַנד“, צו אַן אַרכיטעקטאָר פאַר די אידעען פון אַ „מייסטער סאָלנעס“, און זאָ וויטער. מען קען די אַלע אידעען אַרויסברענגען פון די נויטען פון דעם אַרבייטער, פון זיין לעבען, פון זיין שטרעבען, — קומען נאָך צו געהן אונזערע אידישע שרייבער, וועלכע זיינען אויסגעוואַקסען אין פאָלק, און רעדען אויך פון פוסטע נאַרישקייטען!

ברוך'ן נעהמט זיך דאַכטען, אַז ער פיהלט, ווי דאָס ביינקעל וואָלט אונטער איהם געברענט. און ביי אַ צווייטען טישעל זיצט דער פובליציסט העלשטיין, גרייט אַנצופאַלען מיט פונקט פערקעהרטע טענות און ראיות, אַז די אידישע ליטעראַטור איז קיין ליטעראַטור ניט, ווייל דער אידישער שרייבער ווייס, אַז ער שרייבט בלויז פאַר'ן פאָלק, פאַר'ן אַרבייטער, און ער זעהט מיט אַלע זיינע כחות זיך צוצופּאַסען צו זייערע טעמפּע מוחות, צו זייער וואולגאַרען געשמאַק, און דערצו האָט נאָך דער העלשטיין אַ ווייבעריש פנים און עפּעס אַזעלכע ווייבערישע ליפּען, אַז עס קען פון איהם גלאַט ניט גוט ווערען. און אַזוי וויטער, און אַזוי ביי אַנדערע טישלעך. און מען רעדט און מען רויכערט און מען קנייטשט מיט די אַקסלען, און די לופט איבער זייערע קעפּ איז פול מיט רייך, מיט רויך און מיט קנייטשען — — — און צו וועלכען טייוועל האָבען זיי זיך דאָרטען אַוועקגעזעצט?!

און ברוך דערפיהלט, ווי אַריינצורייסען זיך אינ'ם קאָפּע מיט ווי־טער אין די הענד און זיי נעהמען שמייסען איבער די קעפּ, איבער די

פּנים'ער: — ארויס! ארויס פון דאַנען! גייט צום טייוועל! טהוט עפּעס אַדער לופטערט זיך כאָטש דורך א ביסעל!

און אזוי טראַכטענדיג איז ברוך צוגעקומען צום עלעווייטעד־סטאַנציע, און שוין קויפענדיג פאַר זיך א בילעט אויף צו פאָהרען אהיים, האָט ער זיך פּלוצלונג אומגעקוקט, אַז ער איז אויף דער סטאַנציע... און ער האָט פון זיך א בייזען לאַף געטהאָן, איז אראָפּ פון אַלע טרעפּ און איז אוועק צום קאַפע. און ווען ער איז צו צום קאַפע, האָט ער ווידער דער־פיהלט, ווי ניט אריינצוגעהן, ווי א וואַנד וואָלט זיך פאַר איהם אויפגע־שטעלט און לאָזט איהם ניט, און ער האָט אָנגעבויגען זיין קאָפּ עטוואָס פאַר זיך, דורכגעבראָכען די וואַנד און איז אריין אין קאַפע.

## קאַפּיטעל 5.

ארום די פערשיעדענע טישלעך און טישען זיינען געזעסען און גע־רעדט שרייבער, רעדנער, רעדאַקטאָרען און גלאַט צייטונגס־לייט. זייער רעדעריי, צוזאַמען מיט'ן רויך פון זייערע סיגאַרען, און זייערע בליקען האָבען ברוך'ן א שלאַג געטהאָן אין פּנים. ער איז אריין טיעף אין קאָפּ. דאָס ערשטע, וואָס איהם האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען, איז געווען דער הערר קרויזקאָפּף אליין, וואָס איז געזעסען ביי איינעם פון די טישלעך און געשמייכעלט צו דער מיסס פינקעל, א פערעלטערט מיידעל, וואָס דער־פיהלט זיך נאָך פון מאָל צו מאָל יונג און ווירדיג, און דרעהט זיך ארום צווישען ליטעראַטען מיט פּרעטענזיעס פון א קורטיזאַנקע. זי איז הויך געבויט, האַלט זיך עלעגאַנט, נאָר פון זינט אָן ברוך האָט מיט איהר גע־טאַנצט אויף'ן לעצטען ציוניסטישען באַל, איז ווי נאָר ער דערזעהט זי, נעהמען זיך ביי איהם קנייטשען די נאָז־פליגלען פון איבעל. און איצט נאָך דער הערר קרויזקאָפּף מיט זיין ניעדריגען שטערען מיט די שוואר־צע ברעמען איבער די גרויע אויגען און די פּוכקע, קורצע הענד מיט די נאָלדענע רינגען אויף די פינגער, וואָס זיינען געווען צושפּרייט אויפ'ן טיש און האָבען איהם צוגעגעבען דעם אויסזעהן פון עפּעס א מאָדערנער חיה, וואָס לאַסטשעט זיך!.. ברוך האָט פון זיי גלייך אָפּגעקעהרט זיין פּנים און איז געבליבען שטעהן אויף א ווייל׳ע זוכענדיג מיט די אויגען צווישען די טישלעך.

— אָט איז ער דאָך! — האָט ברוך דערהערט הינטער זיך די שטימע פון דעם שרייבער בלומענקראַנץ. — ברוך, קומט אהער!

ברוך האָט זיך אויסגעדרעהט און דערזעהן בלומענקראַנץ'ען צוזאַ־מען מיט'ן פעטען רעדאַקטאָר בערגער ביי א זייטיגען טישעל.

— קומט אריבער צו אונז! — רעדט ווייטער בלומענקראַנץ. — אָט איך רעד דאָך טאַקע איצטער פון אייך. — איהר מיינט, אז איך בין

שוין אַן אַלטער. איהר האָט אַ טעות. איך בין פון די יונגע! איך בין אַ יונגער, איך בין מיט אייך.

ברוך האָט עפּעס פּלוצלונג און מיט אַ מאָל אַ שמייכעל געטהאָן, און אַזוי שמייכלענדיג איז ער צו צו זייער טיש.

— וואָס אנטלויפט איהר פון אונז? — זאָגט צו איהם דער רעדאַק־טאָר, דערלאַנגענדיג איהם זיין פעטע האנד.

ברוך מאַכט זיך ניט זעהענדיג זיין האנד און זאָגט שמייכלענדיג:

— ווייזט אויס, אַז איך בין ניט איבעריג פערליעבט אין אייך.

בלומענקראַנץ'ס בעוועגליכע אויגען זיינען פון דעם אַ ביסעל צו־שראָקען געוואָרען, נאָר דער רעדאַקטאָר בערגער פערליערט זיך ניט. ער נעהמט דאָס אָן פאַר אַ וויץ, און ענטפערט נאָך דערויף מיט אַ שמייכעל, און זיין האנד, וואָס ברוך האָט ניט דערזעהן, האָט ער דאָס גאָר אויסגע־שטרעקט אויף אָנצונעהמען דאָס גלאָז וואַסער... און שוין האַלטענדיג דאָס גלאָז וואַסער אין האנד, פרעגט ער ביי ברוך'ן מיט אַ גוטען שמייכעל:

— וואָס, ס'איז טאַקע אמת, אַז דער פּרעזידענט פון דער נ'ער רע־פּובליק איז געקומען זיך דורכרעדען מיט אייך וועגען אייערע „דערפער"? און מען זאָגט, אַז ער מאַכט אייך אַ זעהר גוטען „אָפער".

— וואָס, טאַקע ספּעציעל צוליעב דעם געקומען? — פרעגט בלו־מענקראַנץ.

— שרעקט זיך ניט, — זאָגט ברוך מיט אַ לייכטען שמייכעל. — ערשטענס איז דאָס ניט קיין פּרעזידענט פון אַ רעפּובליק, נאָר אַ גובער־נאַטאָר פון איינעם פון די וועסטערן סטייטס, און געקומען איז ער ניט ספּעציעל צוליעב דעם, נאָר ער האָט גלאַט געדאַרפט קיין ניו יאָרק.

— אַז איך זאָג, צו וואָס דאַרפט איהר דאָס אין גאַנצען? — צו־שרייט זיך בלומענקראַנץ. — איהר טאָרט זיך ניט פערנעהמען מיט קיין אנדער זאַך. איהר זיינט אַ שרייבער! אַ דיכטער!...

— יאָ, אָבער וואָס האָט ער מיט אייך גערעדט? וואָס האָט איהר פון איהם ארויסגעקראָגען? — פרעגט זיך אַלץ דער רעדאַקטאָר בערגער.

— אַלעס, וואָס איך האָב פון איהם ארויסגעקראָגען איז: ער מיינט, אַז די היינטיגע אידען זיינען נאָך די גאָר אַלטע העברעער, און, עס זאָל אייך צו קיין חרפה ניט זיין, רבי רעדאַקטאָר, איך האָב פון איהם אויך

אויסגעפונען, אַז ער, דער גוי, קען גוט די ביבעל און האָט פאַר איהר מעהר דרך ארץ, ווי אַזאַ, קיין עין הרע'דיג גרויסער איד, ווי איהר.

דער לוסטיגער דאָקטאָר כּאַווקין, וואָס איז צוגעקומען און זיך אוועקגעזעצט נעבען רעדאַקטאָר, אויסרעכענענדיג, אַז וויבאַלד ברוך זיצט אַנטקעגען איהם, וועט מן הסתם זיין פרעהליך. האָט ביי ברוך'ס „קיין עין־הרע'דיג גרויסער איד" אַ גלעט געטהאָן דעם גראָבען רעדאַקטאָר פאַר זיינע גרויסע אַקסעל ווי אָפּשטויבענדיג איהם און אַרויסגערעדט:

— קיין בייז אויג זאָל אייך ניט שאַדען.

— מיט די היינטיגע „יונגע" איז אַ מאָדנע זאַך, — רופט זיך דער רעדאַקטאָר אָפּ שמייכלענדיג... איך מיין מיט זיי צו זיין אדרבה ואדרבה און צום סוף לאָזט זיך גאָר אויס פערקעהרט. אויף מיין וואָרט, אַז ווען איך האָב דאָס געשריעבען וועגען דער ביבעל און וועגען העברעאיש האָב איך דוקא אין זינען געהאַט אונזערע „יונגע", ווייל איך ווייס דאָך, אַז זיי זיינען אַלע אידישיסטען. און וואָס האָב איך דען געזאָגט? — שרייט ער אויס כּלומרשט אויפגעבראַכט. — איך האָב געזאָגט, אַז אין דער ביבעל זיינען פאַראַן שטעלען, פון וועלכע ניט נאָר אַן אונשולדיג מיידעל, נאָר אפילו אַ רוסישער קאָזאַק קען רויט ווערען. און מיט וואָס ווידער איז דאָס די שפּראַך פון רחב הזונה הייליגער פונ'ם לשון פון אַ ערליכען אידישען אַרבייטער?!

ברוך דערפיהלט אין זיך אַ גאַליגען פייער, נאָר ער שמייכעלט אַלץ, און זאָגט, ווי קוקענדיג פון אויבען־אַראָפּ:

— רב רעדאַקטאָר! איהר זיינט פּשוט אַ גראָבער יונג!

— „גראָב", נישט צו פערזינדיגען! — שרייט אויס דער דאָקטאָר, אויסמעסטענדיג דעם רעדאַקטאָר מיט די אויגען.

— סעי, בלומענקראַנץ! — ווענדט זיך דער דאָקטאָר צו בלומענקראַנץ'ען, וועלכער איז געבליבען זיצען ניט קאָנענדיג זיך געבען קיין עצה, צי רעדען אָדער שווייגען. — טאָמער וואָלטען מיר גאָר אַרויפגעשטעלט אונזער רעדאַקטאָר אויפ'ן טיש און איהם אַ ביסעל אַרומגעטעסעם, וואָלט ברוך אויפגעהערט האָבען טענות צו אונז, פאַרוואָס ער איז אַזוי גראָב?

— וואָס, איהר אויך אויף מיר? — פרעגט דער רעדאַקטאָר מיט אַ נעלעכטערעל, ווי עס וואָלט הייסען: „אָבער גוט אָנגעצווינען"!

— איך אויף אייך?! — רופט זיך אָפּ דער דאָקטאָר. — זאָל מיך

נאָט שומר און מציל זיין! נאָר זאָגט מיר, פּאַני רעדאַקטאָר, פון וואַנען האָט איהר דאָס גענומען, אַז רחב הזונה האָט גערעדט העברעאיש? — —

דער עולם צולאַכט זיך:

— כאַ, כאַ, כאַ! טאַקע! טאַקע!

דער רעדאַקטאָר, ניט וויסענדיג צו דער עולם מיינט דאָס מיט אַן ערנסט, צו אין שפּאַס, אַז רחב הזונה האָט ניט גערעדט קיין העברעאיש, מאַכט זיך כלומרשט אַ וויץ אויף זיין אייגענעם חשבון:

— עט, איך וויים? ביי מיר איז רעכט, אַז וויבאַלד עס איז וועגען דעם דערצעהלט אין חומש, האָט זי מן הסתם גערעדט העברעאיש. אָבער זאָגט מיר נאָר, ברוך, איהר אַרבייט אַלץ אין שאָפּ?

ברוך צועפענט ברייטער זיינע גרויסע אויגען, שמייכעלט און זאָגט:

— אַרימער מיסטער בערגער! וויפיעל זאָרג איהר טראָגט דאָס נעבאַך אויף אייערע אַקסלען! — נאָר וואָס זאָל איך טהון, איך מוז ביי אייך איצט בעטען, אַז איהר זאָלט זיך זאָרגען פאַר נאָך אַ קלייניגקייט: —

— דאָ בעט זיך אַ ביבליאָטעקאַרין, אַז מען זאָל איהר העלפען צוקריגען וואָס מעהר אידישע ביכער אין איהר ביבליאָטעק, און איהר קאָנט איהר אין דעם אַ סך אַרויסהעלפען, ווען איהר זאָלט אין אייער צייטונג דערצעהלען, אַז אין דער ביבליאָטעק געפינען זיך אַ סך אידישע ביכער און אַז דערמיט וואָס דער אידישער עולם וועט אָנהויבען פערלאַנגען פון דאָרט ביכער צום לעזען, וועט ער נאָך געבען אַ מעגליכקייט, אַז די אָבטהיילונג זאָל בעדייטענד פערגרעסערט ווערען, וואָס די אויפזעהערין אַליין וואָלט דאָס זעהר וועלען.

בלומענקראַנץ איז אויפגעשפּרונגען:

— אַי, אַי! דאָס מוז דאָך זיין אַ גאָלדען קינד! אויף מיין וואָרט. איך זאָג אייך, אידען, מיר וויסען גאָר אַליין ניט, וואָסערע קינדער מיר פערמאָגען! קומט, פיהרט מיך צו איהר, ברוך! איך וויל זיך שוין מיט איהר בעקענען! איך וויל איהר דריקען די האַנד!

דער רעדאַקטאָר אָבער דערטרינקט זיין גלאָז קאַפע און זאָגט זיך אָפּ נוטמוטהיג, מיט דעם שמייכעל פון אַ קלוגען:

— איך האָב מורא, אַז די מיידעל האָט דאָס אָט די גאַנצע געשיכטע אויסגעטראַכט צוליעב דעם, אַז זי זאָל ווערען חשוב ביי שרייבער...

— וואָס הייסט?! — זאָגט בלומענקראַנץ אַ ביסעל צושראָקען.

— ווייל אַז ניט, וואָס מאַכט איהר אויס, אַז די גרינהאָרנס וועלען זיך אויסלערנען ענגליש ?!

— געהט, איהר זיינט אַ ציניקער, — כאַפּט זיך בלומענקראַנץ.

— דער אמת איז, — זאָגט ברוך צום רעדאַקטאָר עפּעס מיט אַ מאָדנע קאַלטקייט און שאַרפקייט אין קול, — אַז איך האָב זעהר שטאַרק חשק אייך אַפּצוגיסען דאָס פּנים מיט אָט דעם גלאַז וואַסער, נאָר איהר זיינט דאָך עפּעס אַן עלטערער מענש, און דערצו, האָף איך, אַז איהר וועט פּאָרט געבען אַ נאָטיץ וועגען דעם ענין... טו האָט מיר דערווייל אַ גוטען טאָג.

— אָי, וואָסער אַ היציגער בחור דאָס איז! — זאָגט דער דאָקטאָר, קוקענדיג אויף ברוך'ן מיט אויפגעשפּיצטע אויגען.

— געהט, ברוך, זייט ניט אַזוי אין כעס. ער איז גאָר ניט אַזוי שלעכט. ער האָט דאָס גלאַט געמאַכט אַ שפּאַס. אָט איהר וועט זעהן, אַז ער וועט געבען דעם נאָטיץ.

— וואָס, איהר זיינט טאַקע אויף דער אמת... ע, מאַכט זיך ניט נאַריש! זעצט זיך אַוועק, מיר וועלען זיך נאָך איבערבעטען, — זאָגט בערנער, אַלץ גוטמוטהיג שמייכלענדיג.

ברוך אָבער איז גלייך אַוועק פון טישעל, אויפ'ן וועג נאָך אַ מאָל דערזעהן דעם הערר קרויזקאָפּ'ס שמייכלענדיג פּנים מיט די גאָלדענע רינגען אויף די פּוכקע הענד און נאָך אַ פּאָר אַנדערע פּנים'ער, וואָס האָבען איהם נערוועז נאָכגעשמייכעלט, און שוין ניט ווייט פון טיהר האָט ער זיך אָנגעטראָפען מיט דער עלעגאַנטער מיסס פינקעל.

זי איז איהם אַנגעקומען כמעט אַנטקעגען, אָנציהענדיג די ווייסע הענטשקעס אויף די הענד, וואָס זיינען איהר אַליין, ווייזט אויס, זעהר געפעלען, און האָט זיך שמייכלענדיג אַ ווענד געטהון צו ברוך'ן:

— העלאָ, ברוך! וואָס־זשע, איהר דערקאָגט שוין גאָר קיין מענשען ניט ?!

ברוך האָט איהר געענטפערט אויף איהר בעגריסונג, איהר געגעבען די האַנד, זיך ענטשולדיגט, און דערביי געקוקט אין איהרע שמייכלענדיגע אויגען, אויף איהרע ליידענשאַפטליכע ליפּען, אויף איהר הוט „אַ־לאַ־נאַפּאָלעאָן". — — —

באַלד אָבער האָט זיך פון אַ טישעל אהויב געטהאָן בינעם, וועלכען

ברוך האָט גאָר ביז איצט ניט געזעהן און האָט א לאַך געטהאָן ברוך'ן גלייך אין פּנים אריין. גלייך מיט בינעם'ן האָט זיך אויך א הויב געטהאָן דער דעבאטאנט רייכער, שוין האַלטענדיג בינעם'ען פאר'ן ארבעל און שרייענדיג: ווארט, ווארט! אָט הערט זיך נאָך איין. — בינעם'ען איז דאס, ווייזט אויס, גאָר געפעלען געווארען און ער האָט זיך נאָך מעהר צולאכט און איז זיך לאנגזאם, הינטען ארום, ארויף אויפ'ן בייג־קעל. דער אַלטער רייכער האָט שוין געהאלטען אזוי ווייט אין זיינע טענות, אז ער האָט אַלץ ניט אָפּגעלאָזט בינעם'ס ארבעל און זיך גע־הויבען צו איהם מיט זיין גרויען קאָפּ, מיט'ן גרויען שפּיציגען בערדעל. בינעם איז אָבער גלייך ארויף אויפ'ן טיש. פון אלע טישלעך האָט מען זיך מיט א מאָל א הויב געטהאָן, איינע מיט א געלעכטער, אנדערע גלאָט ניט וויסענדיג וואָס דאָ קומט פאָר... דאָ ערשט איז דער אַלטער רייכער צו־מישט געוואָרען. זיין ווייסער פּנים איז בלאַס געווארען און ער האָט זיך גלייך גענומען זידלען: משוגע'נער! און דערזעהענדיג אויך ברוך'ן, האָט ער שוין גענומען שרייען:

— משוגעים! דעקאדענטען! מען קאָן דאָך מיט אייך קיין גלייך ווארט ניט רעדען! מען דארף אייך פערשפּארען אין משוגעים־הויז!

---

ברוך איז ארויס פון קאפע, ווי מען וואָלט איהם פון דאָרטען ארויס־געוואָרפען, און דעם גאנצען וועג אהיים איז ער געפאָהרען, ווי ער וואָלט מיט זיך א שווערע וואונד געפיהרט. און ווער איז ער דאָס אין גאנצען? — קומט ער צווישען יענע מענשען, פערליערט ער זיך, ווערט נאריש און פאַלש. ניטאָ מעהר קיין רוים, קיין ווייטקייט. שפּרייטסט אויס די הענד און דו הערסט דאכט זיך, ווי די נעגעל דראפּען אין א דנאָ — כאָטש בויג זיך צו מיט'ן קאָפּ און גריזשע דעם דנאָ מיט די צייהן. אָבער, וואָס צום טייוועל, גיט איהם ארעכט זיך אזוי צו פערהאלטען צו מענשען? — — — וואָס גיט איהם א רעכט זיי צו משפּט'ען?...

נאָר ווען ברוך איז אריבערגעטראָטען די שוועל פונ'ם לאנגען, האַלב־דונקעלען קאָרידאָר פון זיין הויז, וואָס איז גלאָט געפלאסטערט מיט קליינע קוואדראט־שטיינדלעך, פּונקט ווי ספּעציעל געמאכט אויף צו גליטשען זיך, האָט ער מיט א מאָל פון זיך אַלעם אראָפּגעטרייסעלט, געגעבען א צוויי,

דריי האסטיגע שפּאַן און זיך ווי אַ צופריעדענער אינגעל אַ גליטש געטהאָן איבער׳ן גאַנצען לייגג פון קאָרידאָר.

לאַלא — דער בעל־הבית׳טעס הונד, — האָט נאָך, זייענדיג ביי זיך אויפ׳ן ערשטען שטאָק, דערקאַנט פון דעם גליטש, אז ברוך קומט, און ער איז מיט אַ צופריעדענער איבערגעבענהייט אַראָפּגעלאָפען פון אַלע טרעפּ אנטקעגען ברוך׳ן.

## קאַפּיטעל 6.

**אויף מאָרגען צום אוטינג האָט ברוך פאַרשפּעטיגט.**

און אַז ער איז צוגעקומען צום באַרג, האָט ער אַ קוק געטהאָן אויפ׳ן וועג, וואָס פיהרט אַרויף און אַ שמייכעל געטהון.

— צו וואָס דאַרף ער אָט דעם וועג, וואָס דרעהט זיך און בויגט זיך, אַזוי תּם׳עוואַטע, ביז ער קומט אַ מאָל אַרויף, אַז ער קען דאָך קלעטערן גלייך אַרויף.

און ער האָט זיך גענומען קלעטערן, ווי אַ קאַץ צווישען די בוימער איבער שטיינער.

אויפ׳ן מיטען וועג האָט ער אָנגעטראָפען אויף אַ סטיינגע-שלאַנג. די ברוינע שלאַנג מיט די דינע געלע פּאַסיקלעך האָט זיך פלוצלונג פאַנאַנדער-געוואָרפען, זיך אַ הויב געטהאָן אַריבער, האַלב אָפּבויגענדיג צו איהם איהר פלאַטשיג קעפּעל מיט די רויט-גרינע אויגלעך און האָט אַרויסגע-שטעקט צו איהם איהר צוצווייגטע צונג.

— פּול — פּול — פּול — דו שעהנע בחור׳טע ! — האָט ברוך צו איהר אויסגעשריען אַ צופריעדענער און אויסגעשטרעקט צו איהר זיין האַנד.

האָט די „בחור׳טע" זיך אַ כאַפּ געטהאָן צוריק, זיך אַ שליידער גע-טהאָן אַהער, אַהין. איז אַריין צווישען אַ קופּע שטיינער און — ניטאָ מיך.

אַ ווײלע איז ברוך געשטאַנען אַ פערוואונדערטער, און נאָך דעם אַ שפּיי געטהאָן.

— טפו ! דו טייוועל ! און אַז דו ווילסט ניט, דאַרף מען ניט !

און ער האָט גענומען קוקען אַרויף צווישען די בוימער, איבער די שטיינער. — אָה, ער האָט נאָך אַ גאַנץ ווייטען מהלך !

און ער האָט זיך ווידער גלאָזט קלעטערן אויף זיין פריהערדיגען שטייגער.

און אז ער איז אַרויף אויפ'ן באַרג, האָט ער אָבגעווישט דאָס פער־פלאַמטע פּנים און גענומען קוקען אַ צופריעדענער, ווי ווייט אונטערען באַרג שפּרייט זיך די גרויסע שטאָדט. — פון ערשטען בליק זעהן זיך בלויז שטיקער ווענד, לעכער פון פענסטער, קוימענס, ווי לאַנגע זיילען, בוימער... און די גאַנצע שטאָדט זעהט אויס ווי רואינען פון אַן אַ מאָל געוועזענער גרויסער שטאָדט.

— צום טייוועל! — ס'אַרא וועלט דאָס איז! — שרייט ער אויס, און ער דרעהט זיך אום, נעהמט זוכען מיט די אויגען און דערזעהט באַלד די קאָמפּאַניע דאָרט ערגעץ אַרויף, אויפ'ן גראָז צווישען די בוימער.

— און וויפיעל מיידלעך! גאָט מיינער! וואו האָבען זיי דאָס אָנגענומען אזוי פיעל?!

און צווישען זיי זעהט זיך אָן די שטאָלצע חנה, אין אַ הימעל־בלויען קלייד, וואָס פּאַסט אזוי שעהן צו איהר ווייסען, מילד־ווייסען פּנים.

אַלע ליגענדיג און זיצענדיג זעהען איהם אויס, ווי אַ טשערעדע, ווי אַ שעהנע, פאַרביגע טשערעדע.

— האַ־הו־ו־ו! — שרייט ברוך אויס -- האַ־הו־הו!

— אַ, ברוך! ברוך! — שפּרינגען זיי אַלע אויף און לויפען איהם אנטקעגען:

— פון וואַנען האָט איהר זיך גענומען?

— דורך וואַנען זיינט איהר אַרויף?

— ברוך!

— ברוך!

— פאַר וואָס האָט איהר פערשפּעטיגט?

און ברוך'ס ענטפער אויף די אַלע שאלות איז:

— ווי שעהן איהר זייט דאָס אַלע. איהר און די קליידער אייערע, ווען איהר שפּרינגט אָט אזוי, אונטער דער זון אויף אַ הויכען באַרג אַנטקעגען מיר! — עס האָט דאָך נאָך די וועלט, ביז אייך, נאָך ניט געזעהן אזעלכע זיהן און טעכטער, אזעלכע ציגען ווי איהר זייט.

— כאַ־כאַ־כאַ! — צולאַכען זיך אַלע אויף איין מאָל. — וואָס זאָגט ער? — ציגען! ציגען! כאַ־כאַ־כאַ!

— חנה! — שרייט אויס ברוך. — וואָס זייט איהר דאָרט געבליבען שטעהן אין שאָטען? קומט אַהער! דאָ איז דאָך דאָ אזויפיעל זון, חנה!

און חנה, די שלאַנקע, אין איהר בלויער פּרינצעס, מיט די ווייסע קרוזשעוועס, האָט בלויז אַ קוק געטהאָן מיט איהרע ווייטע אויגען אויף ברוך'ן און אויף דער פאַרביגער געזעלשאַפט, וואָס איז מיט איהם ווי אין זון פערטרונקען, און זי האָט אַ שמייכעל געטהאָן און אויפגעהויבען איהרע שעהנע לאַנגע הענד צום בוים, וואָס איבער איהר קאָפּ און האָט זיך גאָר גענומען ב'רעכען אַ צווייגעל...

ברוך איז פון דעם ווי צומישט געוואָרען, האָט צוואָוואָרפען זיינע בליקען: — דאָ און דאָרטען האָבען זיך געהויבען שטיינער, פעל־זען, העכער און ניעדריגער, און האָבען אויסגעזעהן ווי צוקנייטשטע, גרויע כוואַליעס, וואָס זיינען נאָך אַ מאָל, אַ מאָל אָנגעלאָפען אויף דעם גראַז און האָבען זיך פער'חידוש'ט, האָבען זיך פערקוקט ארויף צום הימעל און זיינען אזוי פערגליווערט און פערשטיינערט גע־וואָרען. די בוימער: זייערע שטאַמען, זייערע צווייגען מיט די בלעטער האָבען איהם אויסגעזעהן ווי רייכע שטיקערייען אויף דער בלויער לופט, וואָס שאָטענען אוים זייער צווייגהאַפטען געוועב אויפ'ן גרינעם גראָז. און אויף דער אנדערער זייט קומט דעם הימעל'ס בלויקייט צו צום באַרג'ס ברעג אזוי נאָהענט, אַז עס דאַכט זיך, ווי פון דאָרטען הויבט זיך אָן אַ וואַסער, אַ ווייט, אונענדליך־ווייט, בלוי וואַסער — — — — און חנה, אַ ווייסע, אַ בלויע שטעהט זיך אויפ'ן ווייך־גרינעם גראָז אונטער דעם שאָ־טענדיגען בוים און ברעכט זיך אַ צווייגעל...

— שטעהט טאַקע בעסער דאָרטען! — שרייט ער אוים. — אזוי איז נאָך שעהנער, חנה! — האָט חנה אויף איהם אָנגעשטעלט איהרע אויגען און איהר שמייכעל און געפרעגט:

— וואָס? איהר שרייבט איצט?!...

אַ שאָטען איז דורכגעלאָפען איבער ברוך'ס שמייכלענדיגען פּנים. דער עולם האָט דאָס בעמערקט און אַלע האָבען גענומען פּאַטשען:

— הורא! הורא! בראַוואָ!

— בראַוואָ, בראַוואָ! — שרייט אויך ברוך אַליין. — נאָר אויב שוין יאָ אזוי, איז טאָ לאָמיר כאָטש עסען.

— עסען, עסען, עסען! — שרייען אוים עטליכע מיידלעך.

— אָט דאָס זעהסטו, ברוך, איז שוין דוקא אַ קלוגער פערלאַנג... —

רופט זיך אָב בינעם, און פונקען פון א שטעכיגען געלעכטער צינדט זיך דערביי אָן אין זיינע אויגען.

— אָי, אָי, ס׳אַרא גלענצענדע אידעע! — שרייט אוים ביילקע, אונ־טערשפּרינגענדיג צו חנה׳ן, און חנה ענטפערט מיט איהר שמייכעל, האלב קוקענדיג אויף ברוך׳ן:

— ווי פרעהליך איהר זייט דאָס היינט, ביילקע!

— ס׳הייסט... אזא יאָהר אויף מיר, ווי קלוג ער איז, — זאָגט מאַקס, זיך ווענדענדיג צו אַלעמען. — און איהר ווייסט? — מיר האָבען דאָך דאָ אויך ביער.

— טאַקע! — שרייט אימיצער אוים.

— טו צובינדט די קלומקעס! — קאָמאַנדעוועט ברוך. — קומט, חברה! צוערשט וועלען מיר אריינעסען און נאָכדעם וועלען מיר שוין, ווי ניט איז, איבערקעהרען דעם בארג מיט׳ן קאָפּ אראָפּ.

און אז מען האָט זיך אויסגעזעצט עסען, האָט זיך ברוך פּלוצלונג דערמאָנט.

— איהר ווייסט, מיך האָט נאָר וואָס בעגעגענט א שלאַנג.

חנה האָט עפּעס אָהן א שום אורזאכע א ציטער געטהאָן, אויפגעהויבען אויף איהם צושראָקען איהרע אויגען און איז באַלד דערויף רויט געוואָרען.

— נו־ו?! — פרעגט אימיצער פון עולם.

— זי האָט זיך גענומען בויגען צו מיר אזא ציטערו־יגע, אזא שמאָל־צע, אָבער ווי נאָר איך האָב צו איהר אויסגעשטרעקט מיין האַנד, האָט זי זיך מישב געווען און איז גאָר אין גאַנצען אַנטלאָפען.

— אייערע גליקען!...

— טאַקע!

— וואָס איהר רעדט!?

— ס׳אַרא מאָדנע זאַך מיט דיר, מיין פריינד, — רופט זיך אָפּ בינעם. — מיר דאַכט, אז דאָס איז שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, ווי דאָס טרעפט מיט דיר פונקט דאָן, ווען דו שטרעקסט אוים די האַנד...

ברוך גיט בלויז א קוק אויף בינעם׳ען און פרעגט ביי מאַקס׳ען:

— און וואָס זאָגסטו דערויף, מאַקס?

— וואָס? — פרעגט מאַקס, נעהמענדיג זיין גלאָז ביער אין האַנד.

— דו טרינקסט דאָך ניט? חנה זאָגט, אַז דו טרינקסט ניט... לחיים, לחיים!

— הערסט אַן איינפאַל! און ווי אַז מיר ווילט זיך איצט אַ גלאָז ביער?

— וואָס, איהר טרינקט דען? — פרעגט איהם חנה, אַזוי ווי בייז און עטוואָס דערשראָקען. — — —

ברוך'ן האָט אַ רייץ געטהאָן דאָס, וואָס מאַקס ווייס דורך איהר, אַז ער טרינקט ניט, און דאָס, וואָס זי מאַכט דעם אָנשטעל פון „אַ פערזאָרגערין", און אויפ'ן אָרט פון צו ענטפערען איהר, האָט ער אויסגעשריען:

— העי, בינעם! דערלאַנג נאָר דיין גלאָז ביער!

— גיט איהם אַ גלאָז ביער, — רופט זיך אָפּ חנה, מיט אַזאַ טאָן, ווי זי וואָלט געגעבען אַן ערלויבעניס, און ווי זי וואָלט זאָגען: וועמען אַרט דאָס?..." נאָר ווען בינעם האָט זיך גענומען דערלאַנגען זיין גלאָז ביער צו ברוך'ן, האָט זיך חנה אויף אַ ווײַלע צושמייכעלט נערוועז, און באַלד אָנגעכאַפּט בינעם'ען פאַר'ן האַנד און מיט אַ קינדערשער פערעקשנט'קייט גענומען שרייען קינדעריש צוציגען:

— ער טר־י־נ־נקט נישט!

ביילקע איז אויפגעשפרונגען, אויסגעשטרעקט איהר האַנד און זיך איבערוויקענדיג מיט בינעם'ען, האָט זי געזאָגט:

— בינעם! גיט בעסער מיר דאָס גלאָז ביער!

בינעם גיט איהר איבער, און ביילקע נעהמט דאָס גלאָז ביער און טראָגט עס צו גלייך ברוך'ן:

— טרינקט, ברוך!

ברוך האָט אַ ווײַלע אָנגעקוקט די מיידעל און נאָכדעם האָט ער ארויפגעלעגט זיין האַנד אויף איהר קאָפּ און געזאָגט צו איהר לאַנגזאַם:

— איהר זייט אַ גוט און קלוג מיידעל, נאָר איך טרינק ניט.

ביילקע בלייבט שטעהן פאַר איהם מיט'ן גלאָז ביער אין האַנד:

— וואָס הייסט? — פרעגט זי און קוקט אויף איהם פערוואונדערט.

— איהר פערשטעהט, איך טרינק קיינמאָל ניט.

— געהט, איהר זייט אַ שלעכטער, — זאָגט זי, אַראָפּלאָזענדיג די אויגען.

— איך — אַ שלעכטער! — וואָס פאַלט אייך איין?! — זאָגט ברוך, זי כמעט אַרומנעהמענדיג.

— יאָ, איהר זייט אַ שלעכטער, אַ שלעכטער, אַ שלעכטער מענש!...
— זאָגט זי, ווי זי וואָלט מיט איהם איצט אונטערפיהרען אַן אַלטען חשבון.

— חנה! — ווענדעט זיך ברוך צו חנה'ן, און ער לאָזט ביילקע'ן ניט אַרויס פון זיינע הענד. — בין איך טאַקע אַ שלעכטער?

— כאַ־כאַ־כאַ! — שרייט אויס חנה, מיט פערוואונדערט צועפענטע אויגען. — פון ווען אָן האָט איהר זיך דאָס אויסגעלערענט אַרומצונעהמען אַ מיידעל?

— וואָס פאַר אַ נאַרישקייטען! — שרייט אויס ברוך און ווערט רויט.

חנה האָט דאָס דערזעהן מיט איהרע גרויס־צועפענטע אויגען און איז אויך גלייך רויט געוואָרען.

ברוך האָט אַרויסגעלאָזט ביילקע'ן פון זיינע הענד, און אָננעהמענדיג בלויז איינע פון איהרע הענד, געפרעגט:

— ניט אמת, אַז חנה זעהט נאָך אויס אַ סך שעהנער, ווען זי ווערט מיט אַ מאָל אַזוי פּלוצלונג רויט?... אָה! — איהר, הייסט דאָס, זייט אויך רויט געוואָרען?! — זאָגט ער צו ביילקע'ן.

— גאָט מיינער! ס'אַרא שלעכטער מענש איהר זייט! — האָט ביילקע אויסגעשריען, אויפפאַטשענדיג מיט די הענד.

און בינעם איז מיט אַ מאָל אויפגעוואַקסען צווישען זיי, ווי פון אונטער דער ערד און האָט אויף זיי אַלעמען אויסגעפּלאַצט מיט אַ מורא'דיגען, פוסטען לאַכען. — — —

דער עולם האָט זיך איבערגעקוקט.

---

מאַקס האָט געוואָלט אַ פּאָר מאָל עטוואָס זאָגען, אַריינוואַרפען אַ וואָרט, נאָר ער האָט אַלץ מורא געהאַט, טאָמער וועט דאָס אַרויסקומען ניט אַזוי... און חנה מענה'ט דאָך מיט איהם נאָכדעם, אַז אין אַזאַ פאַל, איז בעסער ווען מען שווייגט". און זי איז דאָך טאַקע גערעכט, ווייל וואָס וויים ער, וואָס זיי רעדען דאָרטען? נאָר אָט דאָס, וואָס טאָמער קריגט מען ניט מאָרגען קיין „דזשאָב" איז טאַקע שלעכט, און ער כאַפּט זיך אַרויס:

— אויף מיין וואָרט, ברוך... ווי מיינסטו? מיר קריגען מאָרגען ארבייט? א?... — דאָ בעגעגענט ער זיך מיט חנה'ס אויגען, און ער קען זיך אָבער שוין ניט אָפּשטעלען און ער רעדט ווייטער: — איך מיין... איך ווייס... וואָס זאָגסטו?... ס'וועט דאָך זיין זעהר אַ מיאוס'ע מעשה...

חנה שמייכעלט אפילו, אָבער מאַקס קען פאַרט לאַנג ניט קוקען אין איהרע אויגען, אָפּשטעלען קאָן ער זיך אָבער אַלץ ניט:

— אַ מיאוס'ע מעשה, — רעדט ער ווייטער. — הערסט, ברוך, איך זאָג דיר — ווען אָט אָ די פּלענער דיינע וואָלטען נאָר ניט געווען קיין באָבע מעשות, איז אזא יאָהר אויף מיר... דאָ איז מען דאָך עפּעס אַזוי ניט זיכער... אַז דער רוח זאָל דאָס וויסען. איך מיין...

— אָט אַ פּנים, מאַקס, אַז פאַר דיר וואָלט אויך געווען בעסער ניט צו טרינקען, — רייסט איהם חנה איבער.

— איך ווייס?... אַ? וואָס האָב איך דען געזאָגט? — — — —

בינעם צולאַכט זיך ווידער...

— וואָס לאַכט איהר, בינעם?! — שרייט אויס לאה, וואָס האָט די גאַנצע צייט זיך ווי גאָר ניט צוגעקוקט צו דעם, וואָס דאָ קומט פאָר און אַלץ פערבראַכט מיט אַנדערע, זייטיגע...

חנה'ס האַרץ איז מיט אַ מאָל ווי אָפּגעבריהט געוואָרען פון לאה'ס אָננעהמען זיך.

פאַר אַלעמענס אויגען האָט מיט אַ מאָל ווי אויפגעציטערט לאה'ס זאָנדערבאַרע ליעבע צו ברוך'ן.

ביי נחום'ען האָבען פון דעם אויפגעגלאַנצט די אויגען און ער האָט מיט אַ גאַליגען שמייכעל אַ זאָג געטהאָן:

— בינעם'ען טהוט הנאה, וואָס ברוך האָט צוגעקראַגען אַ נייעם אָנהענגער פאַר זיינע „פרייע דערפער".

ברוך אָבער האָט זיך מיט אַ מאָל אַהויב געטהאָן און, ווי אָראָפּוואַר־פענדיג פון די אַקסלען עפּעס, וואָס מוז אַרונטערגעוואָרפען ווערען, האָט ער אויסגעשריען:

— וועל, חברה, גענוג זיך נאַריש געמאַכט! קומט, לאָמיר זיך עפּעס נעהמען טהאָן!

אַלע האָבען זיך מיט אַ מאָל דערפיהלט ווי בעפרייטע, זיינען אויפגעשפּרונגען פון זייערע פּלעצער און זיך גענומען שפּיעלען.

מען האָט געשפּיעלט אין באַל, אין קאַץ־און־מויז און גלאַט אַזוי ארומגעלאָפען, געקלעטערט, געשפּרונגען.

חנה האָט אין די אַלע שפּיעלען קיין אַנטהייל ניט גענומען. זי האָט זיך גלאַט אַזוי ארומגעדרעהט צווישען עולם, ווי אַן עלטערע, קליגערע שוועסטער...

---

עס איז געוואָרען פאַרנאַכט.

דער עולם איז נאָך ארומגעשפּרונגען און געטומעלט.

ברוך און מאקס האָבען אין א זייט פון אַלעמען געשפּיעלט צווישען זיך אין „סטרעיט" באַל: דער הארטער, ווייסער באַל איז מיט א האסטיגער שנעלקייט אומגעפלויגען איבער דעם לאנגען שטח פון איינעם צום צווייטען. אויסציהענדיג ווי א גלייכען שנור, א רונדען ווייסען פּאַס, און האָט זיך הילכיג אפּגעקלאַפּט — אָט אין ברוך'ס הענט, אָט אין מאקס' הענט.

נחום, לאה און דער יונגער מאַלער — מענדעל, האָבען זיך פערקליבען ניט ווייט פון זיי און געשמועסט צווישען זיך וועגען די לעבעדיגע ביבלישע בילדער צום קומענדען באַל. צווישען די ביבלישע בילדער האָבען זיי אויך אריינגערעכענט הערצעל'ס בילד: „ביים טייך". לאה האָט דערמאָנט, אַז ברוך איז לעצטען יאָהר געווען זייער אונצופריעדען מיט הערצעל'ס בילד. נחום איז פון דעם געוואָרען אויפגערעגט:

— מאַלע וואָס ברוך זאָגט!....

און מענדעל האָט זיך דערמאָנט, ווי ברוך האָט איהם מיט כעס און ביטערקייט געזוידעלט: דיין סמאַטיסט האָט געטויגט אויף כפּרות. אין דער פיגור האָט געפעהלט רוים און ווייטקייט. עס איז נאָך ווייניג וואָס דו, ציוניסט מיינער, האָסט איהם אוועקגעשטעלט אַ קעניגליך שטאָלצען. — שטעהענדיג אָנגעלעהנט אָן צאַם פון בריק האָבען זיינע אויגען געדראַפט קוקען אויפ'ן וואסער מיט אַזעלכע בליקען, פון וועלכע מען זאָל זעהן, אז דער טייך לעבט און ציהט זיך לאנג און ווייט — — — רוים און ווייטקייט האָט זיך געמוזט פיהלען ארום דער פיגור. זי האָט געדאַרפט מאַכען דעם איינדרוק פון אַ פלוצלינג אָנגעפלויגענעם אָדלער, וואָס האָט זיך דאָ נאָר אויף אַ ווײַלע אָבגעשטעלט — עס האָט זיך געדאַרפט פיהלען, אז דאָס איז איינער פון די וואָס קומען אַראָב פלוצלינג פון ערגעץ אַ רוים, פון ערגעץ

א ווייטקייט, טראָגען זיך דורך פארביי אונז, שפרייטענדיג ארום זיך רוים און ווייטקייט און מיט אמאָל בלייבען זיי ניט, טראָגען זיך אָפּ, פליהען אוועק ערגיץ אין רוים, אין ווייטקייט אריין".

און מענדעל האָט א קוק געטהאָן אין ברוך'ס זייט, מיט וואָסער א חשק ער ווארפט דאָס דאָרט און כאפּט דעם באַל, און ער האָט א שמייכעל געטהאָן, אראָפּגעריסען פון זיך דעם הוט און איהם א שליידער געטהאָן צו ברוך'ן.

ברוך האָט איבערדעם פערפעהלט צו כאפּען דעם באַל. און דער באַל איז אראָפּגעפאַלען ווייט פון איהם און איז א פרייער אוועקגעשפרונגען איבער'ן גראָז. עטליכע מיידלעך האָבען זיך גענומען יאָגען נאָכ'ן באַל, האָבען איהם אויפגעכאפּט און זיך מיט איהם גענומען אומוואַרפען צווישען זיך.

— אהער דעם באַל! — האָט ברוך גענומען שרייען צו די מיידלעך. און דערזעהענדיג ווי מענדיל לויפט נאָך זיין הוט, האָט ער איהם אויפגע־כאפּט און איהם א שליידער געטהאָן ארויף אויף א בוים. דער הוט האָט זיך אפּגעשלאָגען אָן די צווייגען פון בוים און גענומען פאַלען צוריק, האָט זיך ברוך ווידער א יאָג געטהאָן נאָכ'ן הוט. מענדעל אָבער איז איהם פערלאָפען דעם וועג.

— מאקס! מאקס! — האָט ברוך גענומען שרייען צוהאַלטענדיג מענדלען.

דער עולם איז זיך צונויפגעלאָפען. מאקס האָט זיך א לאָז געטהאָן, אויפגעכאפּט דעם הוט און נאָך איידער מענדעל איז אנגעלאָפען צו מאקסען, האָט זיך דער הוט שוין געטראָגען איבער אלעמענס קעפּ און פון אלע זייטען האָבען זיך גענומען הערען געשרייען:

— אהער! אהער! אהער!

און די הוט האָט זיך גענומען טראָגען פון א צווייטען צו א דריטען און צו א פיערטען און מענדעל איז אומגעלאָפען ווי א פער'סם'טער און זיך גע־פּרוּווט אין איין וועג כאַטש ביי אימיצען ארונטעררייסען א הוט, אָבער עס געהט נישט... און אַט האָט שוין ברוך ווידער דעם הוט און פער־מעסט זיך איהם ווידער ארויפצוואַרפען אויף א בוים. בעפאַלען איהם די מיידלעך פון אַלע זייטען, הענגען זיך אויף איהם אָן, כלומרשט — זיי ווילען דאָס איהם ניט לאָזען, ער זאָל ארויפוואַרפען דעם הוט,

און ער ווערט פערטרונקען אין זייערע קולות, אין זייער: ברוך! ברוך! ברוך! און אָט האָט ער אַרונטערגעכאַפּט אויך ביי מאַקס'ען די הוט — דער עולם האָט שוין צוויי... מען וואַרפט, מען שליידערט זיי פון איינעם צום צווייטען, און פאַלט אַריין אַ הוט צווישען די מיידלעך, שלאָגען זיי זיך אַלע צונויף אין איין קופּע מיט אַ קווימשען, מיט אַ לאַכען, און וואַרפט זיך צווישען זיי אַריין ברוך, ווערט שוין גאָר אַ ווילדער טומעל... און נאָכדעם קלאָגט איהם אַ מיידעל פאַר חנה'ן, אַז ער איז שוין צופיעל צולאָזט.

און חנה, זיך האַלטענדיג אין דער ראָלע פון אַ עלטערע און קלוגערע שוועסטער, הערט אויס, בערוהיגט, פערענטפערט, און פון איהרע ווערטער טראָגט זיך אַ מין צופריעדענע צושטימונג:

— גאָר ניט, גאָר ניט. דאָס איז נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אַזאַ וואוילער, אַזאַ שטאַרקער, אַזאַ לעבעדיגער... און די מיידעל, וואָס קלאָגט, ווערט בעסער, הויבט אויף איהם אויף פון אַ זייט איהרע אויגען און דערזעהט זיין הוט, גיט זי מיט אמאָל אַ שפּרונג צו איהם, רייסט אַרונטער דעם הוט און לאָזט זיך לויפען. ברוך לאָזט זיך נאָך איהר, און זי לויפט מיט אַ געשריי, מיט אַ פערשייטען לאַכען, לויפט איבער'ן גראָז, דרעהט זיך ריהרעוודיג צווישען די בוימער, קוויטשעט און שפּרינגט איבער די שטיינער. און ווען ברוך יאָגט זי אָן אויפ'ן ברעג, וואו עס רייסט זיך אָפּ דער באַרג, לאָזט זי אַרויס אַן אונערוואַרטעטען, כלומרשט פערצווייפעלטען געשריי און פאַלט אַריין אין זיינע שטאַרקע הענד.

— אויף מיין וואָרט, אַז ער איז שוין טאַקע גאָר צופיעל צולאָזט, — קלאָגט זי זיך ווידער פאַר חנה'ן.

און אַזוי טרעפט דאָס מיט אַ צווייטער, מיט אַ דריטער, צוויי, דריי אויף איין מאָל, און ברוך'ן געפעלט זייער קלאָגען זיך, און דאָס, וואָס זיי קלאָגען זיך גראַדע פאַר איהר, פאַר חנה'ן.

אָט יאָגט ער זיך נאָך דער קליינער ביילקע. מיט אַ געלעכטער און קוויטשעריי פערלויפט זי צו חנה'ן און בעהאַלט זיך קינדעריש הינטער איהר קלייד, און אַז ער לויפט אָן אַ פערפלאָמטער, שטעלט זיך חנה פאַר איהם אוועק אַ שיינענדיגע מיט אַ שטאָלצען, ליעבען שמייכעל און זאָגט:

— איהר וועט דאָך אונז טאַקע מיט אַן אמת'ען צולאָזען אַלע מיידלעך! וואָס איז דאָס היינט מיט אייך?

כאַפּט ברוך אָרום מיט זיין האַנד חנה'ס בויגיגע טאַליע:

— חנה! קומט לאָמיר לויפען! איך און איהר, חנה!

— נאָך דאַס פעהלט אייך!... — שרייט חנה אוים פערוואונדערט, שמייכלענדיג און לייכט בויגענדיג איהר טאַליע אַריבער זיין האַנד.

— חנה, חנה, חנה! — שרייט ברוך אַרויס פּלוצלונג, דערפּיהלענדיג א ווילדען רים אין הארצען, און ער פערוואַרפט פיבערהאַפט־שנעל איינע פון איהרע הענד אַרום זיין האַלז, נעהמט אַרום איהרע קניען, גיט זי מיט א מאָל א הויב אויף און לאָזט זיך מיט איהר לויפען ווי א צומישטער.

זי רייסט זיך, ראַנגעלט זיך און שרייט צושראָקען.

— וואָס טהוט איהר?! וואָס איז דאַס מיט אייך?! לאָזט מיך אָפּ! לאָזט מיך אָפּ, זאָגט מען אייך! איך זאָג אייך: לאָזט אָפּ! מיין גאָט! איהר זייט פון זינען!...

*

ביילקע איז געבליבען שטעהן אליין, ווי אַן אויסגעמאַלענע אין איהר ראזען קלייד צווישען די טונקעלע ביימער און איהרע אויגען האָבען פער־וואונדערט און צושראָקען נאָכגעקוקט ווי ברוך טראַגט מיט זיך חנה'ן אַלץ טיעפער און ווייטער אין וואַלד.

די קאָמפּאַניע האָט זיך צושאָטען פּאָרווייז אויף פערשיעדענע פּלע־צער פון באַרג. עטליכע האָבען נאָך געטומעלט דאָרט, אַרויף, די זון האָט זיך געבאָדען ניט ווייט פון זיי אין דער בלויקייט וואָס נאָך'ן באַרג און זייערע קולות האָבען דורך דעם געקראָגען אַ בעזונדער פאַרב און קלאַנג.

די זון איז אַלץ נידעריגער געשוואומען איבער דער גרויסער בלויקייט, ביז זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ גרויסען בוים וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן ברעג פון באַרג און זיך גענומען דורכקוקען דורך זיינע צוואַוואַק־סענע צווייגען. איהרע שטראַהלען האָבען זיך אין פּאַסען דורכגעשפּאַרט דורך'ן בוים און די גאָלדענע פּאַסען האָבען זיך פערטשעפּעט אָן בוים און פעלז און גענומען מיטשלעפּען דעם באַרג ערגעץ אַהין ווייט אין דער בלויקייט.

ביילקע האָט פון דעם אַ ציטער און אַ שמייכעל געטהאָן:

אין ברוך'ס אַ מעשה'לע געהט דער אַלטער מכשף אַרוים פון וואַלד. עס איז פאַר־נאַכט. נאַר־וואָס נאָך אַ רעגען. די פעלדער אַרום וואַלד זענען גרין און פייכט און דער מכשף געהט אַרוים פון וואַלד גרוי און ווייס. אויף די פעלדער וואָס אַנטקעגען איהם שטעהט אַ גרוים־צוואַוואַק־סענער בוים און די אונטערגעהענדע זון שפּאַרט דורך דעם בוים דורך איהרע לאַנגע גאָלד־רויטע שטראַהלען און די זון זעהט אוים דעם מכשף ווי אַ גאָלדענער פויגעל, און איהרע שטראַהלען — דאָס איז דעם פויגעל'ס גאָלדענער עק, וואָס טשעפּעט זיך אָן אין וואַלד און פעלד און אין איהם און שלעפּט זיי מיט זיך אין דער וועלט פון נאַכט... און דער מכשף פערשפּרייט זיינע הענט און דאַנקט און לויבט און בענשט דעם גוטען

גאָלדענעם פויגעל, פאַר וואָס ער פליהט מיט זיי איצט אין דער וועלט פון נאַכט, אין דער וועלט פון רוהּ און פריעדען — — —

ניט אמת, ווי עמיצער וואָלט איצט נאָכגעמאַכט ברוך׳ס אַ מעשה׳לע? — האָט ביילקע דערהערט הינטער זיך.

ביילקע האָט זיך אויסגעדרעהט און פאַר זיך דערזעהן בינעם׳ן, זיין בלאַס פּנים מיט די שמייכעלדיגע רויטע ליפּען, און זי האָט זיך מיט אַמאָל צולאַכט:

— כאַ־כאַ־כאַ! ס׳אַרא מאָדנער איהר זייט, בינעם. איהר וואַקסט דאָך אויס עפּעס ווי פון דער ערד.

— ענטשולדיגט, ביילקע, איך שטער אייך פּיעלייכט?

— חלילה, וואָס פאַלט אייך איין — ענטפערט ביילקע.

— נו, און ווי געפעלט אייך אונזער ברוך? ניט אמת, אַ פייערדיגער יונג? אַ? — פרעגט זי בינעם.

ביילקע אָבער צולאַכט זיך עפּעס אַזוי פּלוצלינג און זאָגט:

— איהר ווייסט, וואָס איך האָב געהערט וועגען אייך?!

— וועגען מיר? וואָס? — פרעגט בינעם פערוואונדערט.

— אַז איהר פערליעבט זיך אין אַלע מיידלאַך, וואָס פערליעבען זיך אין ברוך׳ן.

— וואָס הייסט?

— איך וויים אויך ניט, וואָס דאָס הייסט — זאָגט ביילקע, נאָך אַלץ לאַכענדיג.

בינעם קוקט אָן ביילקען. — זי איז אַ ראָזעווע און איהר קלייד איז אַ ראָזעווע, נאָר דער אָפּגעלעגטער קאָלנער און די קנעפּ, איהרע האָר און איהרע אויגען זיינען שוואַרץ — — —

— און דאָס פּאַסט אייך דוקא שעהן — זאָגט ער צו ביילקען — נאָר פון דעסטוועגען וואונדער איך זיך, פאַר וואָס אייער קלייד איז ניט קיין הימעל־בלויע.

ביילקע צולאַכט זיך:

— כאַ־כאַ־כאַ! פאַר וואָס עפּעס בלוי?

— ווייל בלוי און ווייס — ענטפערט בינעם — איהר ווייסט — דאָס דערמאָהנט אייך באַלד אָן רוים און... אין ווייטקייט — — — —

— גאָט מיינער! ס'ארא לשון איהר נוצט דאָס — מע זאָל גאָר אָפּגעהיט ווערען. — זאָגט ביילקע און לאַכט פון בינעם'ען — און דאָס איז דאָך מן הסתם אַלץ דערפאַר, וואָס חנה'ס פרינצעס איז אין בלוי און ווייס? — — — —

— ניין, חלילה. — זאָגט בינעם און שפּאַרט זיך אָן אין'ם בוים, וואָס איז צוואוואַקסען איבער איהם און איבער ביילקען. — דאָס איז גאָר איבער אַ געשפּרעך וואָס איך האָב אַמאָל געהאַט מיט ברוך'ן. — איך האָב איהם פאָרגעוואָרפען, אַז ער איז אַ קריסט און דאָס, פערשטעהט זיך, איז געווען, ווי איך וואָלט איהם אַ וואָרף געטהאָן אַ גיפטיגע שלאַנג אויפ'ן הארצען, ווייל איהר ווייסט, אַז ער איז דאָך אַ מאָדנער מענש, ער האָט אַ מאָדנע פעהיגקייט צו פערגעסען אין זאַכען, פון וועלכע ער וויל ניט טראַכטען. נו, און מיט'ן וואָרט „קריסט" דערמאָהנט מען איהם גלייך די פּאָגראָמען און נאָך אַזעלכע גוטע זאַכען. און איהר ווייסט, נאָך זיין מיי־נונג איז דאָך אויף דער וועלט איבערהויפּט קיין קריסטען ניטאָ, אויסער פּיעלייכט עטליכע מאַנאכען און נאָך אַ פּאָר מענשען, וואָס מען קאָן זיי איבערצעהלען אויף די פינגער.

ביילקע רייסט איבער בינעם'ען:

— ס'איז אמת, אַז זיין מאַמע איז משוגע געוואָרען נאָך'ן פּאָגראָם?

— געוויס, זי איז דאָך נאָך ביז איצט אין משוגעים הויז. און ווען איהר זאָלט נאָך וויסען ווי שווער עס איז געווען צו גלויבען אַז אין יענעם דאָרף וועט עס זיין אַ פּאָגראָם. די פויערים האָבען זיי דאָך אַלע אַזוי ליעב געהאַט. און ברוך'ס זיידע איז דאָך ביי זיי געווען כמעט ווי אַ פאָטער.

— יאָ — רייסט איהם ביילקע ווידער איבער — איז וואָס־זשע האָט איהר געוואָלט דערצעהלען — — — איהר האָט דאָך געוואָלט עפּעס דערצעהלען וועגען רוים און וועגען ווייטקייט, דאַכט זיך.

— יאָ — ענטפערט בינעם — איך האָב דאָס איהם פאָרגעוואָרפען אַז ער לעבט אַזוי, פּונקט ווי זיין קעניגרייך איז ניט פון דער וועלט, און, אַז איבער דעם זאָגט ער זיך דאָס אָפּ פון לעבען און פון זאַכען, און אַז ער גלויבט נאָך מן הסתם אין תחית המתים, איז ער דאַן אויף מיר אין כעס געוואָרען און האָט מיר אַזוי געזאָגט: — „ערשטענס ביזטו אַ פערד. און צווייטענס, גלויב איך ניט אין תחית המתים, ווייל איך גלויב, אַז די וואָס קוקען אין רוים, אין דער ווייטקייט — די שטאַרבען גאָר ניט און

ווייסען ניט פון שטאַרבען, און אַלץ פון וואָס זיי טראַכטען און וואָס זיי בענעהרען — זעהען זיי נעבען זיך, און ניט אין קיין אַנדער רייך".

משה האָט געזעהן דאָס געוואונשטע לאַנד, כאָטש ער איז פערבלי־בען אין דער מדבר; משה, אָט דער איינציגער, אָט דער ריעזיגער משה, וועלכער בלייבט אין דער מדבר, ווייל ער וויל זיך ניט צושיידען מיט'ן רוים, מיט דער ווייטקייט, און ווייל די אַלע אַנדערע קליינינגקייטען וועט שוין יהושע קאָנען פערזאָרגען אָהן איהם. — — — און זיין גאָט איז מיין גאָט און זיין תורה איז מיין תורה. די תורה פון דער וועלט, די תורה פון לעבען, ווייל אויסער'ן לעבען הערען אויף אַלע אמת'ן, דו הערסט וואָס מען רעדט צו דיר? ! — די תורה וואָס בינדט צונויף די ערד מיט'ן רוים און מיט דער ווייטקייט.

פאַר ביילקען איז דער ענין שוין אביסעל צו טיעף, נאָר פון דעסט־וועגען כאַפּט זיך ביי איהר ארויס:

— און אָט דערפון, ווייזט אויס, נעהמט זיך, וואָס אין זיינע מעשה'לאך, איז פאַראַנען אַזוי פיעל נאָהנטקייט און ווייטקייט.

— יאָ, יאָ: נאָהנטקייט און ווייטקייט — רופט זיך אָפּ בינעם — איהר האָט זעהר גוט בעמערקט.

— אָבער איהר ווייסט — — —?

— וואָס? — פרעגט בינעם.

— מיר דאכט — זאָגט ביילקע — אז ער איז נאָר ניט אזא „היילי־גער" ווי איהר אַלע מיינט.

— וואָס הייסט?

— עס הייסט — זאָגט ביילקע אָפּ זיכער און פילדרייטיג.

— ניין, בעלא, איך...

— איך היים ביילקע, ניט בעלאַ — רייסט איהם ביילקע איבער — און איהר ווייסט? — גיט זי זיך פּלוצלונג אַ כאַפּ און קוקט מיט אַ שמיי־כעל בינעם'ען גלייך אין די אויגען אריין. — אָט ווען איך קוק אויף אייך, דערמאָהן איך זיך גאָר, אז אייער ברוך האָט דאָך אויגען ווי ביי אַ קינד.

— איאָ אזוי? אַ? — — — —

באלד אָבער גיט זיך ביילקע מיט אמאָל אַ ריס:

— אָבער ער איז אַ שלעכטער. ער איז אַ שלעכטער מענש — שרייט זי אויס מיט גאַל, און איהר שמייכעל פערשווינדעט. — און איהר אַליין זענט עפּעס אויך אַזאַ מאָדנער. אין די אויגען, זעה איך, לאַכט איהר פון איהם, איהר קריכט צו איהם מיט די פיס אין הארצען, און אונטער די אויגען מאַכט איהר איהם פאר אַ גאַנצען נביא.

— וואָס, איהר זייט אויף מיר אין כעס? — פרעגט בינעם אַ צו־טומעלטער.

לאה מיט נחום'ען זענען פערבייגעגאַנגען און ביילקע'ס רוגז האָט זיך מיט אַמאָל איבערגעבראָכען מיט אַ שמייכעל; געשמייכעלט האָט זי פון דעם, וואָס עס האָט אויסגעזעהן — לאה געהט און נחום שלעפּט זיך נאָך... און פון דעם, וואָס בינעם איז נאָך מעהר צוטומעלט געוואָרען ווען ער האָט דערזעהן לאה'ן און נחום'ען...

---

און ברוך איז דערווייל געלאָפען דורך די בוימער מיט זיין חנה'ן אויף די הענט. און ער האָט זיך מיט איהר אָפּגעשטעלט ווייט פון אַלע — ביי דעם אייזערנעם צוים, וואָס נאָך'ן „אָדלער פעלז".

אַ מינוט האָט ער אויף איהר געקוקט און דערביי געפיהלט די גלאַט־קייט און ווארעמקייט פון איהרע שלאַנקע פיס און ער האָט זיי גענומען פּרעסען צו זיך נאָך שטאַרקער. און זי האָט זיך אַלץ געריסען און זיך געסטאַרעט צו זיין בייז:

— אָבער לאָזט שוין אַמאָל אָפּ! לאָזט אָפּ!

אָבער ברוך האָט איהר פּלוצלונג אַ הויב געטהאָן העכער פון אייזער־נעם צוים און גענומען בייז פאָדערען:

— גיט אַ שמייכעל! גיט אַ שמייכעל ווי אַ קינד! אז ניט — פאַלט איהר!..

און ער אַליין איז ווי פערפרוירען געוואָרען פון שרעק, ווייל דער קלאַנג פון זיין שטימע האָט איהם אַליין געזאָגט פעסט און זיכער, אז — — — —אָט, אָט, נאָך אַ מינוט, נאָך אַ רגע און זי פאַלט, פאַלט פון אָט דער שווינדערליכער הויך — — —

זי האָט אין זיינע הענט אַ לייכט ציטער געטהאָן און גלייך דערויף גענומען שמייכלען, געהאַרכזאַם, מיט דעם שמייכעל פון אַן אונשולדיג קינד.

— אָבער, ווי ווערט מען אַזוי צובאַלעוועט? גאָט מיינער! — האָט זי אַרויסגעזאָגט שמייכלענדיג. געוואָלט האָט זי מיט די ווערטער זיין שטרענג און פערטויבען איהר געהאַרכזאַמקייט, אָבער אַרויסגעקומען איז דאָס עפּעס אַזוי וואַרעם, אַזוי ליעב... אַז אַט — זאָל ער זי נאָך האַלטען — — — —

א צופריעדענער האָט ער זי אַרונטערגעשטעלט נעבען זיך, זאָגענדיג:

— אַט אַזוי זיינט איהר מיר אַ וואוילע!

— געהט צום טייוועל! — האָט זי האַלב ערנסט אַ זאָג געטהאָן. נאָכדעם האָט זי זיך גענומען קוקען אויף איהם דורכדרינגענדיג, שטרענג:

— איך וויל ניט, אַז איהר זאָלט צוגעהן צו מיר נאָהנט! איהר הערט?!

ברוך, אָבער, האָט זי אָנגענומען פאַר'ן האַנט העכער פון עלענבויגען און אַריינגעקוקט איהר גלייך אין די אויגען, און געזאָגט:

— חנה, שמייכעלט אַט איצטער, עס וועט דאָך זיין אַזוי שעהן... שמייכעלט איצטער — אַט, גלאַט אַזוי זיך. אַליין — — — —

און חנה האָט ניט אויסגעהאַלטען, זי האָט זיך געפיהלט ווי אַ „גע־כאַפּטע" און זי האָט גענומען שמייכלען האַלב פערשעמט, זיך אָפּגעדרעהט אויף אַ זייט און אַ ביסעל אַראָפּגעלאָזט איהר שעהנעם קאָפּ און אָפּגעזאָגט שטיל, מיט אַ קינדערשער מינע:

— געהט צום טייוועל!..

— חנה! איהר זייט דאָך נאָך אַ קינד, אַ חנקע! מיר זענען דאָך נאָך אַלע קליינע קינדער, צולאָזטע, גליקליך־נארישע, חנה! און וואָס איז דאָס היינט פאַר אַ זומער! אַזאַ זוניגער, ווילדער?!

און וואָס איז דאָס פאַר אַ מאָדע געוואָרען, קליידער וואָס פערשפּיע־לען זיך פון אויבען ביז אַראָפּ? און נאָך מיט אַזעלכע גרויסע, פערלמו־טערנע קעפּ.

און פאַר וואָס איז דיין קלייד גראָדע אַ בלויע?

די פּעטליעס זענען האַלב רונדע, מיט אַ ווייסינק־זוימעל און פאַר־וואָס זענען אַט אָ די פּערלמוטענע קנעפּ און די בלויע פּעטליעס, אַזוי ריכטיג גלייך?.. און דערלויפען ביז'ן סאַמע ברעג פון קלייד?..

און פאַרוואָס איז דאָס בלויז אויף איין זייט?

און גראַדע אויף דער לינקער? און אַט דאָס מילך־ווייסע זוימעל, בויגט זיך און שלענגעלט זיך נעבען די פערלמוטענע קנעפּ און לויפט שנעל איבער דיין רונדער, לינקער ברוסט, איבער דיין שלאַנקען, לינקען פוס.

פאַר וואָס נאָר איבער דיין לינקען?.. זיינען דען ביי דיר ניט ביידע ברוסטען אַלץ איינס שעהן?

זיינען דען ניט ביי דיר ביידע פיס אַלץ איינס שלאַנק?

און דיינע האָר זיינען צושויבערט און פאַלען אויף דיין ווייסען, ליכטיגען פנים.

אַט נעהמען דיינע הענט פערריכטען די האָר, און דיין טאַליע ווערט נאָך רייצענדער, לענגער... אין די בלויע אָרבעל איז אַריינגעאַרבייט דאָס שעהנע ווייסע געוועב און עס שלאָגט זיך דורך די בלענדענדע לויטערקייט פון דיינע שעהנע רונדע הענט.

און איך בין מיט'ן קאָפּ און מיט די אַקסלען העכער און שטאַרקער פון דיר.

און אין מיר רייסט זיך איצט: פייער, חנה, פייער!

— געה אַוועק! געה אַוועק!

און ברוך כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענט פאַר די אייזענס.

און דערפיהלט ווי אַפּצורייסען אַט די אייזערנע צוים!

און חנה שטעהט און קוקט אויף איהם מיט איהרע ווייטע אויגען און שמייכעלט...

לעגט ברוך ארויף זיינס אַ האַנד אויף איהרע וויכען, רונדען אַקסעל.

זייערע אויגען בעגעגענען זיך און חנה ציטערט אויף, לייכט שמייכ־לענדיג...

חנה! — — — ער נעהמט אַרום איהר טאַליע, זי גיט זיך אַ בויג און פאַלט צו צו איהם. אַט איז זי נעבען איהם, אַ וואַרעמע, איינגאַנצען אָן אויסגעצויגענע — — — טוליעט זיך...

— חנה! חנה!.... נאָר דאָס הארץ האָט אין איהם מיט אמאָל אַ פער־צווייפעלטען ציטער טהאָן.... אן אנדער כח, וואָס איז גרעסער און שטאַר־קער פון דער ליידענשאפט, האָט זיך אין איהם אויפגעכאַפּט. די אויגען האָבען זיך ביי איהם פלוצלינג אָנגעצונדען בייז, די ליפּען האָבען גענומען שמייכלען און פון מויל האָט זיך אַרויסגעריסען: — ל י ל י ת!!

האָט חנה א שטאַרקען ציטער געטהאָן און זיך גענומען רייסען:

— לאָזט אָפּ!

ער האָט זי אָפּגעלאָזט און אויף זיין פּנים האָט זיך געשפּיגעלט כמעט א טייוולּיש לאַכען:

— אַט צוליעב דעם ווערען דאָס אַלע פּרויען געבוירען?

— ווילדער בחור! וואָס האָט זיך אייך געחלום׳ט?! לענט זיך צו א קאַלטען קאָמפּרעס צום קאָפּ! — — —

---

זי האָט זיך אויסגעדרעהט און איז אוועק.

ער האָט איהר נאָכגעקוקט...

נאַכטיג...

גראָז, בוימער, שטערען... און עס דערוויייטערט זיך דאָס בלויע קלייד... אַט איז דאָס שוין ניטאָ, און אַט בעוויייזט זיך דאָס ווידער אין׳ם אבענד, צווישען די בוימער — — — און פון דא און דארט שווימט, פון מאָל צו מאָל, ארויס בינעם׳ס קאָפּ: — צופּאַטלעטע האָר, א בלאַס פּנים, רויטע ליפּען, אויסגעטשירעטע ציין, וואָס לאַכען — — — לאַכען גלייך אין פּנים אריין — — —

ערגעץ נעבען א שטיין ליגט די קאָמפּאַניע א מיעדע, א מיידעל פּערציהט דאָרט דעם פּראָלעטאַרישען המבדיל:

וויי־טער אר־בייט, ווי־דער אר־בייט!...

ווי־דער דרע־העו די מאַ־שי־נען!

די איבריגע נעהמען איהר אַרויסהעלפען...

די טענער טרייסלען זיך אויף, נעהמען זיך ציטערדיג פלעכטען, מישען זיך איבער, גיסען זיך צונויף אין א הארציג־צואוועהטאָגטער כוואַליע.

די כוואַליע נעהמט זיך שפּרייטען איבער די גראָזען און איבער שטיי־נער, איבער נאָהנטע און וויטע בוימער, און דער כאָר צואוואַקסט זיך, ווערט נאָך אַלץ גרעסער און גרעסער, דער גאַנצער בארג, דוכט זיך ברוך׳ן, ווערט פול מיטאַלטע אידישע פּנים׳ער, גרויע בערד, האַרפען... די קלאַנגען פּערזיפּצען זיך שווערער, דריקענדער, — דאָס זינגען מיט די אונטערגע־הענדע דורות, ציהען מיט׳ן אַלטען אידישען ניגון דעם נייען זונגאַגדיגען

המבדיל... די לעצטע סטרונע... צו וועלען דען די קינדער פון אַט דעם דור אידיש קענען ? צו וועלען זיי אידיש וויסען ? ..

ברוך דרעהט זיך אויס, קוקט אַראָפּ פון בארג, ווייט, ווייט אַראָפּ, עס ליעגט צוואוואָרפען די גרויסע שטאָדט, ברייט און ווייט, נאַכטיג... דעבער, דעבער... שפּיצען, טורעמס און איבער זיי ציהט זיך און שפּרייט זיך אַ געדיכטער, ווייס־גרויער נעבעל. דורך דעם נעבעל שלאָגען זיך דורך טויזענדער און טויזענדער עלעקטרישע פייערען און קוקען ארויס ווי שטע־רען, ווי לבנות פון אַ טיעפען ים.

אַ ווינטעל.

עס רוישען די בלעטער, און אַט דאָס פערפלוכטע, אַט דאָס פער־שאָלטענע זינגען!

איהר וועט דאָך דאָרטען באַלד צוקוועטשט ווערען פון אייערע איי־גענע טענער! אייזלען, אייזלען! אייך איז איצט שווער זיך אומצוקעה־רען אין אייערע ענגע שמוציגע גאַסען און געסלאַך ? אַ ? שווער ? .. נאָר איהר זייט פערשאָלטען ? פערשאָלטענע!

און די גאַנצע שטאָדט אונטען, קוקט ארויף מיט איהרע טויזענדער פייערען.

און אין זיין הארצען פערנעהמט זיך עפּעס מורא'דיג, שווער; און זיין הארצען, פּיהלט ער, פּרעסט זיך איצט אַ ים, אַ ים פאר אַ שטורעם. און די גאַנצע שטאָדט איבער'ן שטאָדט זעהט אויס ווי אַ ים פאַר'ן שטורעם.

ווייט הינטער איהם דערהערט זיך אַ קנאַקען. חברה האָבען, ווייזט אויס, בעשלאָסען צו בלייבען נאָך אַ פּאָר שעה, און האָבען צו־לעגט אַ פייער. דורכזיכטיגע, גאָלדענע שאָטענס נעהמען שפּרינגען אין דער נאַכטיגער לופט, טאַנצען אויף די בוימער, אויף'ן גראָז.

— כאַ־כאַ־כאַ! פייער, פייער! — צולאַכט זיך פּלוצלונג ברוך. און מיט אַזאַ מאָדנעם געפיהל, ווי דער פייער וואָלט דאָס אין זיין אייגע־נעם הארצען אויפגעפראַהלט — פייער! פייער! — — —

# קאַפּיטעל 7.

נאָך אין וויג פלעגט ער קענען אַפּליגען שעה'ן לאַנג און קוקען אויפ'ן פייער פון לאָמפּ מיט א מורא'דיגען ערנסט.

ווי נאָר מען פלעגט אנציגדען די לאָמפּ פלעגען דעם קינד'ס אויגען ווערען גרעסער, משונה'דיג־גרויס! — און מען פלעגט איהם ניט קענען אָפּרייסען פונ'ם פייער. און פלעגט מען אויסדרעהען דאָס וויעגעל פונ'ם לאָמפּ, אָדער פערשטעלען פון איהם דאָס פייער, פלעגט ער זיך צוּוויינען, און האָט ער אין גרעסטען געוויין דערזעהן פייער, פלעגט ער באלד אנט־שווייגען ווערען, ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געוויינט, כאָטש אין די אויגען, מיט וועלכע ער קוקט אויפ'ן פייער, בלישטשען נאָך לאַנג די טרעהרען.

אָדער עס פלעגט א מאָל טרעפען: — ער ליעגט זיך ביי דער מאַ־מע'ס ברוסט וואויל, פיין; די מאַמע גלעט מיט איהר פרייער האנד זיין קעפּעל. ער האַלט מיט איין האנד די ברוסט צו זיך און זויגט, נעהמט זיך די מאַמע מיט איהם חן'ען:

— לאָז אָפּ, דו ממזרוק דו! האָסט מורא די מאַמע וועט טראָגען פערקויפען, א?! האָסט מורא? א דו, דו, דו!!!

די מאַמע פערגעהט זיך אַזש פון פערגעניגען, לויפט צו צום טאַטען:

— חיים! זעה נאָר, זעה נאָר ס'אַרא פרעסער דיין זוהן איז שוין אויסגעוואקסען, זעה נאָר, ווי ער האַלט עס מיט זיין גרויסער לאַפּע די ברוסט און וויל זי גאָרניט אָפּלאָזען! אָפּלאָזען וויל דאָס ניט! און ווי דאָס קוקט א ביסעל מיט די קלוגע, קלאָרע אויגען! וואָס קוקסטו אזוי?! א? וואַ־אַ־ם? — — — דו לאַכסט גאָר? — — — — לאַכסט פון א מאַמען? פון א מאַמען? דו פערשייטער בחור דו! אַ־אַ־א? וואָס? רעד א ביסעל, נו שוין, נו!

און דאָס קינד לאָזט אַרויס די ברוסט פון מויל, האַלט זי אָבער נאָך אַלץ צו מיט'ן הענטעל און לאַכט צו דער גליקליכער מאַמען, וואָס בוינט

צו איהם איהר שעהנעם קאָפּ און רעדט צו איהם „ווי צו א גרויסען“, לאַכט אויך צום טאַטען, וועלכער איז אַזש פערשטומט פון פרייד. אַלע זיינען דורכגענומען מיט א ליעבליכער ווארעמקייט, מיט א הארציגען פייער, נאָר אין מיטען דער גאַנצער שמחה — דערזעהט נאָר דאָס קינד די לאָמפּ — ווערט עס מיט א מאָל ערנסט, ווי אַן אַלטער, פערקוקט זיך אויפ'ן פייער מיט אַן אויסדרוק פון איינעם, וועמען עס איז עפּעס זעהר, זעהר קשה. — — —

און עס דאַכט זיך ברוך'ן, אַז ער אַליין געדענקט נאָך יענע קינדער־צייט, און אַזוי קלאָר, פּונקט ווי אַט ערשט, א מינוט צוריק, איז ער א קליין קינד געווען. וויל ער, איז ער דאָס נאָך איצט אויך, און האָט נאָך זיין שעהנע, ווייסע מאַמע, מיט איהר רונדען, ליעבען פּנים, מיט רויטע, פרישע ליפּען, און גרויסע שווארצע אויגען, שווארצע ברעמען, געדיכטע, שווארצע האָר, ווייכע הענד און אַזעלכע ווייכע, ווייסע ליעבע ברוסטען. און ער טהוט מיט אַט דער מאַמען וואָס נאָר ער וויל. — וויל ער, וועקט ער זי אויף אין מיטען דער נאַכט, זי זאָל פאַר איהם זינגען איהרע האַר־ציגע ליעדער, אָדער זי זאָל איהם נעהמען אין איהר ווארעם בעט אריין. און וויל ער, מאַכט ער גאָר זי זאָל זיך צוואויינען אין מיטען דער נאַכט; און זי וויינט מיט אַזא ווארעמקייט, פון וועלכער שטיינער קענען צור־געהן. און עס כאַפּט זיך אויף פון שלאָף דער טאַטע צושראָקען:

— וואָס פאַר א געוויין?! א? וואָס? דאָס קינד איז חלילה ניט געזונד? וויל ניט זויגען? ווארפט זיך? האָט היץ? הא? מאַכט א גאַנצע נאַכט מיט קיין אויג ניט צו? — — — זאָל איך לויפען נאָכ'ן דאָקטאָר? אָדער, איך וויים — — — אפשר גאָר אָפּשפּרעכען א גוט־אויג? א?!

און דאָס הויז הויבט באַלד אָן געהן „כאָדאָראָם“. עס ווערט א טומעל, מען קלאַפּט מיט די טיהרען, עס קומט אריין אין ווייסען כאַלאַט דער גוט־אויג שפּרעכער, דער גוטער, ליעבער זיידע — — — דערווייל אָבער האָט מען שוין אָנגעצונדען די לאָמפּ. און ווי נאָר דאָס קינד דערזעהט דאָס פייער, פערגעסט ער אין זיינע „אָנשטעלען“ און אין אַלץ, וואָס עס קומט ארום איהם פאָר, ווייל זיין קעפּעל ווערט באַלד פערנומען מיט א וויכטיגען ענין, ווייל די קינדערשע אויגען זעהען איצט פייער, פייער!

אָדער — עס פלעגט טרעפען א מאָל, אין מיטען דער נאכט ווערט א שטאַרקער גערודער, אַלע וואַרפען זיך דורך פון שלאָף, דאס גאנצע דאָרף איז אויף! מען צועפענט ברייט די אויגען: דער הימעל פאַר'ן פענסטער ברענט, און מוזשיקעס, פערטונקען אין רויטען שיין, לויפען אום מיט העק, מיט עמערס, שלעפען פעסלעך, שפּאַנען פערד, לויפען אום צופּאַטעלטע פון הייזעל צו הייזעל און קלאַפּען אַריין אין די פענ־סטער: — פייער! פייער! און עס כאַפּט זיך אויף פון שלאָף די מאַמע, ווייס, צושראָקען, שפּרינגט אַרויס פון בעט, כאַפּט דאָס קינד אויף די הענד און נעהמט זיך מיט איהם אַרומלויפען. —

— מיין קינד, וועה איז מיר! וועה איז מיר!

או אָט עפענט זיך אַ טהיר או עס בעוויזט זיך דעם זיידע'ס גרויע באָרד:

— מען דאַרף זיך ניט שרעקען, — שרייט אַריין דער זיידע א צו־טראָגענער. — ס'איז ווייט פון דאַנען. גאָרניט דאָ אין דאָרף, מן הסתם אין כוטאָר ערגעץ — — — לויף ניט אַרום א נאַקעטע. נאַ, כאַפּ אויף זיך אַרויף א שאַל. חיים איז אוועקגעלאָפען רייטענדיג — — — ס'איז גאָר ניט, מיין קינד. נאַ שטעל זיך אָט־אָ דאָ־אָ, ביים פענסטער. איך קום באַלד אַריין. שטיל איין דאָס קינד.

און די מאַמע מיט דער גרויסער שאַל אויף די אַקסלען שטעלט זיך צום פענסטער, דאָס קינד קוקט אַרויס פון אונטער דער שאַל, זיי קוקען ביידע אַרויס דורכ'ן פענסטער. — דאָס דאָרף נעהמט ווערען שטילער, לעדיגער — — — דער טומעל, די קולות טראָגען זיך אָפּ אַלץ ווייטער, אַהין צום פייער. און דאָרטען ווייט, איבער די שטרויענע דעכער, צו־טאַנצען זיך די פלאַמען, שפּרינגען און רייסען זיך אַלץ שטאַרקער און העכער, און דער הימעל איז רויט פון דאָרטען אָן ביז העט, העט אַרויף.

און איבער'ן דאָרף שפּרינגען אום רויטע שאָטענס, טאַנצען איבער די הייזלעך, אויף די דעכער, אויף די ווייסע ווענד, אויף די שוואַרצע פענסטער, איבער די וועגען. — — —

ערגעץ ביי א טויער שטעהט אַן אַלטע גויע, קוקט צום פייער און צלמ'ט זיך — — — בעפאַלען זי די רויטע שאָטענס... בלייבט זי שטעהן א צוטומעלטע, ווערט פערגליווערט — — — מיט איין האַנד ניט דער־צלמ'ט אין דער לופטען, מיט די אויגען צושראָקען געווענדט צום פייער

— — — ציטערט פון דעם אויף ברוך'לס מאמע און דערפיהלט, אז דאָס קינד אונטער'ן שאַל איז נעבען איהר ווי פערשטיינערט געוואָרען:

— ברוך'ל!... גאָט איז מיט דיר;! קינד מיינס! טהייערינקער ברוך'ל! גאָט איז מיט דיר! גיב אַ קוק אויף דער מאמען! ברוך'ל!

אָבער זיינע אויגען קענען זיך ניט אָפּרייסען פון דעם פייער — — — עס דאכט זיך, אז דאָס קינד איז גאָר דאָרטען — — — אז זיין נשמה באָדט זיך איצט אין פייער.

---

נאָכדעם, ווען ער איז אַ ביסעל עלטער געוואָרען, פלעגען אויף איהם פונקט אזא מאָדנעם איינדרוק מאכען די רויטע פארנאכטען. —

דאָס אינגעלשע הארץ ווערט פערציטערט און די אויגען נעהמען קוקען אונרוהיג, ווי נאָר די לופט הויבט אָן ווערען טונקעלער; פון די גערטנער, פון דער ערד נעהמט זיך הויבען דער טומאַן, ווי אַ שכור'ער, ווי אַ שווער פערוואונדעטער, הויבט זיך, וואקעלט זיך, פאלט צו און הויבט זיך ווידער אויף — — — און דאָרטען אויפ'ן עק הימעל, וואָס איבער'ן וואלד, צוברענען זיך גרויסע פייערען און מיט אזא שטארק־קייט, אז עס איז שווער דעם אָטהעם צו כאַפּען — — — דער טומאַן ווערט רויט, דאָס גאנצע דאָרף, צום וואלד צו, ווערט איינגעוויקעלט אין אַ רויטען נעבעל און באלד וועט אויך אָנהויבען ברענען דער וואלד, דער פאַסטוך איילט די טשערעדע פון וואלד ארויס, יאָגט זיך נאָך איהר נאָך אַ פערפלאָמטער, פערלויפט פון אַלע זייטען, קנאַקט מיט זיין לאַנגען בייטש, און פון יעדען קנאַק דאכט זיך ציגדט זיך עפּעס אָן, און ער שרייט משונה ווילד:

— האו־רו! האו־רו־רו!! האו־רו־רו־רו!!!

און די בהמות לויפען, ציהען אויס זייערע מיילער און מוקען: — מא־א־א־א־א־א! די חזירים פּלאָנטערען זיך צווישען זייערע פיס און קוויטשען ווי פער'סמ'טע, און די ציגען, און די שאָף, ציהען אויס צי־טעריג זייער מע־מע־עע! און אַלעמענס קולות הילכען אריין אין דאָרף, צוטראָגענדיג וואלד און פארנאכטיגע רויטקייט. — אנטרונענע פון דער וואלד־שריפה דערצעהלען זיי און שרייען: פייער, פייער! און פון אונ־טער זייערע פיס הויבט זיך אַ דיקער, רויטער שטויב, הויבט זיך שווער

און ברייט איבער זיי און נאָך זיי, זיך קנייטשענדיג אין דיקע, רויטע פאַלדען.

און דער קלויסטער־גלאָק קלינגענדיג צו מנחה, ציהט אויס פער־שרפה'ט זיין באַ־אַ־אַ־אַם! באַ־אַ־אַ־אַם! — —

און דער צוגליהטער הימעל גיט זיך דערביי אַ וויעג און ריהרט זיך אָן אינ'ם ווייכען ברעג פון דעם גרינעם וואַלד און באַלד בעוועגט זיך איבער איהם אַ רויטע זוים, די זוים צושפרייט זיך איבער דער גאַנצער לענג פון דעם גרויסען וואַלד, און זי נעהמט זיך שליידערען, וואַרפט זיך און צושפרייט זיך אַלץ ברייטער און ווייטער, ביז דער גאַנצער וואַלד פער־שפרייט זיך מיט אַ פייערדיגע רויטקייט, און דאַן נעהמט זיך די רויט־קייט אַראָפּלאָזען שטופּענווייז. — צוערשט ברענען די שפּיצען, און באַלד זיינען שוין די בוימער ביז האַלב אין פייער, און דאָס פייער לאָזט זיך נאָך אַלץ נידעריגער און נידעריגער. — אָט ברענען די שטאַמען און אָט כאַפּען זיך שוין אָן די טרוקענע בלעטער, וואָס אויף דער ערד, און דאָס פייער נעהמט זיך שוין רייסען פון אונטען אַרויף, דער גאַנצער וואַלד נעהמט ראַש ברענען, פּלאַקערען, זיך וויעגען אין פלאַמען.

דער גרויסער ריעז פערשפּעטיגט זיך אויף דער יאַגד און קוקט זיך נאָר פּלוצלונג אַרום, אַז דער וואַלד ברענט! — — — לאָזט ער זיך שנעל לויפען צו זיין שלאָס — צו דער שעהנער בת־מלכה, ער לויפט צווישען די פלאַמען, ברעכט אויפ'ן וועג מיט זיינע הענד ברענענדיגע בוימער אויף רעכטס און אויף לינקס, מאַכט זיך אַ וועג דורכ'ן וואַלד, ער זעהט זיך אָבער אין מיטען דערינען אַרום, אַז ער האָט פערלאָרען דאָס „גליקס־פינגעריל" — אַז ער בלאָנדזשעט — — — אַז ער וועט שוין דעם וועג קיינמאָל ניט געפינען! — — — כאַפּט ער פאַר כעס אָן אַ ברענענדיגען, הונדערט־יאָהריגען דעמב, רייסט איהם אַרויס מיט די וואָרצלען און נעהמט זיך מיט איהם וואַלגערען די איבעריגע דעמבעס. אַזוי לויפט ער אַרום אַ צורייצטער, וואַרפט זיך אַרום מיט'ן ברענענדיגען דעמב אין די הענד און ברעכט מיט איהם די אַנדערע ברענענדיגע בוימער; די בוימער פאַלען, קראַכען און צוברענען זיך נאָך קנאַקענדיגער און אָט בלייבט ער שטעהן אַ פערמאַטערטער, ס'פאַלט איהם אַרויס דער דעמב פון די הענד, אַ ווײַלע קוקט ער זיך אַרום צוטומעלט, און באַלד פּרואווט ער זיך ווידער לויפען — — — אָבער וואוהין? — אין וועלכער זייט?

— — — עס צינדען זיך אָן זיינע אויגען רויט און ווילד, עס רייסט זיך פון איהם ארויס א ווילדער: וואַ־אַ־אַ־אַה!!! און אַט כאפט ער זיך אָן מיט זיינעביידע הענד פאר זיינע געקרייזעלטע, רויטע האָר, גיט זיך א צאפּעל און פאלט צווישען די ברענענדע דעמבעס —

און דערווייל צינדט זיך טאַקע אָן דעם גרויסען ריעז'ס שלאָס, וואָס שטעהט ווייט אין טיעפען וואלד. די פלאַמען דערגרייכען שוין ביז צום גאָלדענעם טורעם, וואו עס איז געפאנגען די בת־מלכה, וואָס ברוך'ל זעהט פאר זיך אלע מאָל: איידעל, בלאַס אין ווייסע קליידער, מיט בלאָנדע האָר, גרויסע בלויע אויגען, מיט א ליעבען שמייכעל אויף די שעהנע פרישע ליפּען: כמעט אין גאנצען ווי חנ'קע — — — איצט אָבער לויפט אַרום די בת־מלכה א צושראָקענע, פון איין פענסטער צום צוויי־טען — — — דער גאנצער וואלד איז פלאַם־פייער, דער הימעל איבער איהר איז פייער, פייער! — — — און פאר מורא פערמאכט ברוך'ל די אויגען אזוי פעסט, אז ער פערקריצט אזש מיט די צייהן. דאַן אָבער דערזעהט ער פאר זיך דאָס בילד נאָך דייטליכער: אַט רייסט זיך גאָר אָפּ דער גאָלדענער טורעם און הויבט אָן ארומשווימען איבער די פלאַמען פונ'ם ברענענדיגען וואלד, ווי איבער כוואַליעס פון א ברויזענדען רויטען ים.

און די שעהנע בת־מלכה פאלט צו צום קריסטאַלענעם פענסטער, קוקט ארויס צו ברוך'לען א פערציטערטע: — וואָס וועט זיין ברוך'ל, וואָס וועט זיין?! — — —

---

און דער זיידע איז איצט אין וואלד — ווייט, ווייט אין וואלד און ער הערט ווי עס קנאַקט, הילכט און קנאלט און ער מאכט זיך ניט וויסענ־דיג. ער זיצט פערטראַכט אויף א „פּיען" ניט ווייט פון קאנטאָר און מאכט זיך ניט וויסענדיג. — זאל זיין, אז מען האקט נאָך אין דער נאָהענטער „דעליאַנקע" — — — און דאָס הילכט אין'ם פאַרנאַכטיגען טיעפען וואלד אזוי מאָדנע צו פוהרען פאהרען ערגעץ אין מיט'ן וואלד, מיט דער „אביעזדקע" — קנאַקען די פערדאַרטע צווייגלעך אונטער זייערע רע־דער — — וואלקען, בלוטיג־רויטע, ברענען איבער'ן אויסגעהאַקטען שטיק וואלד. פער'כישפ'ט רויט ברענען די פענסטער פון קאנטאָר. עס זעצט פון זיי די רויטקייט אזוי שטארק, אז עס איז אונמעגליך אין זיי אריינצוקו־

קען. ליכטיג רויטע פלאַמען שלאָגען זיך דורך צווישען די בוימער, מען וואלט געקאנט מיינען, אז דאָס גאנצע דארף אין טהאָל האָט זיך אנגעצונדען, מען הערט אפילו ווי צושראַקענע, ווילדע קולות ברעכען אוים פון מאָל צו מאָל: נאָר דעם זיידען ריהרט דאָס ניט, ער זיצט זיך אלץ פערטראַכט, טיעף, אליין. — איהם לאָזט אלס ניט צורויה די מעשה מיט'ן גייען בית־המדרש: — אָבגעברענט געווארען דער אלטער — — אזוי לאנג געשטאַנען לעדיג דער פּלאַץ — פערוואקסען געווארען מיט דערנער; ביז גאט האָט געהאָלפען, מע האָט זיך געשטעלט בויען — — — אליין געשענקט פאר דריי הונדערטער געהילץ, און נאָך וואָס פאר א געהילץ! —מע זאָל חלילה ניט נארען. און היינט נאָך א חוץ: צוויי קנאקענדיגע פינף־און־צוואנציגער. און נאָך מיט וואס פאר א ווארימקייט, מיט וואס פאר א פרייד! און צום סוף לאָזט זיך אוים: עס וואַקסט אויף עפּעס א פרעמדע זאַך! — — — עס איז גאר ניט דאָס — — — גאָט זאל ניט שטראַפען פאר'ן רעיון. — אָבער דער אלטער איז דאָך געוועזן אזא שווערער, און ערנסטער — — — און דאָס? — — — גאָט זאל ניט שטראַפען פאר די רייד, אויסגעוואקסען עפּעס אזא יונגער „צוצעק" א ווייסער, מיט א בלעכענעם היטעל, אהן א ברעקעל דרך־ארץ — — — טע! — ס'הייסט גייע יאָהרען, גייע בתי־מדרשים! — טראַכט זיך דער זיידע און פיהלט דערבייט ווי איהם בריהט אין הארצען. עס ברענט דאָרט, עס רייסט זיך פון דאָרט א ביטער־צורייצטער פייער! פייער!

און ארום איז שטיל.... א ווינטעל ציהט, ריהרט שטילט אָן זיינע גרויע האָר. פאר איהם ליגט א נאָר וואס אויסגעהאקטער בוים. ליגט אויסגעצויגען ווי א לעבעדיגער. שפּאַרט זיך אָן אויף זיינע דיקע, נאָך ניט אונטערגעהאקטע צווייגען, א פּאָר פערשפּעטיגטע פויגעלאך שפּרינגען אום און פּיסטשען איבער די אויבערשטע צווייגען, די בלעטער פליסטערען, וויעגען זיך שטיל — — — דער זיידע פערקוקט זיך אויף'ן בוים: מעסט איהם אוים מיט'ן אויג: פון אונטען וועט מען דארפען אפּשניידען אן אָנדערהאַלבען אַרשינאָווע קלאָטץ, נאָך דעם, א דריי אַרשין, פון וועלכע מע וועט קענען „ארויסכאַפּען" צוויי פּלאַסטען אין דריי ריינע ווערשקאַווע ברעטער; העכער וועט מען אפשר קאָנען „ארויסציהען" א „ברוסאָק" פון צוויי און א האלב ארשין און דאָס איבריגע צו האקען אין קלאַפטער. און ארום שטעהט נאָך וואלד אויף יאָהרען און יאָהרען — — —

און — — — די מעשה מיט'ן בית־המדרש געהט פארט ניט ארויס פון קאָפּ—דאָ און דארטען שטעהען פּעניעס פון אונטערגעזעגטע בוימער און קוקען „פּערטייעט" מיט זייערע ווייסע קעפּ — אָט, אָט און זיי וועלען דאכט זיך אלע אויפשפּרינגען, און אלע אין ווייסע טליתים! — — —

דאָ און דאָרטען זיינען אָנגעוואָרפען קלעצער, שפּענער, קופּעס זעגאַכץ דאָרטען ארויף זיצט אויף א קלאָץ אברהם, הנ'קעס טאטע, דעם זיידענס רעכטע האַנד, און קאכט וועטשערע. האלט א מעסער אין זיין האנט און שיילט קאַרטאָפעל. איבער'ן פייער, אויף דריי צוזאַמענגעשטעלטע שטע־קענס, הייגגט דאָס אייזערנע קאָך־טעפּעל. ס'ווינטעל ציהט אפּ אין א זייט דעם בלוי־גרויען רויך; אביסעל ווייטער נעהמט זיך דער רויך שפּרייטען ברייטער, ברייטער, צושפּרייטער און דינער איבער'ן געהילץ, איבער די נאָהענטע בוימער, און בלייבט אויף זיי הענגען, ווי א דינער, דורכזיכטיגער זייד — — נעבען אברהם'ען שטעהט א פולער עמער טים פרישען וואסער, עס ליגט א קופּע אנגעקליבענע שפּענער. פון'ם פייער ציהען זיך רויטע, שפּיציגע פלעמלאך. אין אברהם'ס שווארצע באָרד ווייזען זיך שוין ווייסע האָר — קלערט דער זיידע — — — נעכטען האָט אברהם אונטערגעשאָרען זיינע וואנסען, זעהן זיך ארויס אצינד א פּאָר נאקעטע, בלאסע ליפּען. — עס דערהערט זיך דאָס אנקומען פון א פוהר, און אָט בעווייזט זיך טאקע די פוהר אויף'ן וועג צום קאָנטאר. העבט זיך דער זיידע אויף אנטקעגען דער פוהר און פרעגט נאָך אלץ אין רעיונות פערזונקען:

— א שטשאָ טאק פּאזדנא, איוואן? !

איוואן קריכט ארויס פון וואגען מיט דער בייטש אין האנד, ווענדט זיך צום זיידען, ווי צום איינציגען מענשען אויף דער וועלט, וועמען ער וועט גלויבען, — אז אָט, זאל דער זיידע זעהן, ער, איוואן, האָט זיך נעכ־טען אויפ'ן יאריד געביטען מיט'ן פערד, און קאן זיך נאָך אלץ קיין טאָלק ניט דערשלאגען, צו האָט ער זיך אפּגענארט צו ניט, און ער וויל וויסען דעם אמת'ן אמת. — — —

דער זיידע געהט צו, בעטראכט דאָס פערדעל, וואס שטעהט זיך אזוי וואויל־יונגעריש, מיט א פערשייטקייט פון א נייעם — — — דאָס פער־דעל האָט גאנץ שטארקע פיס, ניט קיין אלטע ציין אין מויל, איז ריהרעוור־

דיג. דער זיידע טרעפט, אז איוואן האָט געדאַרפט צוצאָהלען א צעהן רובעל. איוואן ענטפערט, ער האָט נאָר צוגעגעבען אכט.

— הייסט דאָס — בעשליסט דער זיידע צו איוואן׳ס פרייד — אז דו האסט זיך ניט אפּגענאַרט.

אברהם איז אויך דאָ דערביי. אויך זיין מיינונג איז, אז איוואן האָט זיך ניט אפּגענאַרט, און דערצו טאַקע, אויסגעביטען אן אלטען אויף א יונגען. „אן אלטען אויף א יונגען" ! — הערט דער זיידע..... און עס טראָגט זיך אזוי דער געשפּרעך איבער׳ן וואלד און לאָזט זיך הערען צוריק פון ערגעץ ווייט, ווייט צווישען די ביימער — — — ווי עטליכע לצים וואָלטען זיך דאָס דאָרטען פערשטעקט און ביי זיך אבגעמאכט איבערצו־קרימען יעדען וואָרט.

און ווי נאָר איוואן פאָהרט אוועק, בלייבט דער זיידע ווידער אליין — — — מיט איין האנד נעהמט ער אָן זיין ווייסע באָרד, די אנדע־רע פערלייגט ער אין גאַרטעל און דערמאָהנט זיך : עס האָט געברענט דער אלטער בית־המדרש ! — — מען זעהט, עס ברענט א בית המדרש ! נו ! ? — — — און ווען חלילה — — — דער היינטיגער — די שעה זאָל ניט זיין — — — וואָלט דאָס אויך אויסגעזעהן, ווי עס ברענט א בית־המדרש ?..

---

דער טאַטע פּאָרעט זיך איצט אין קלייטעל. אין שטוב איז פאָרנאַכ־טיג, טונקעל. אין קיך אין נאָך טונקעלער ; פון דעם איינציגען פענסטער שפּארט זיך אריין א בלאסליכער, ווייסער שיין, און אָט ביי דעם שיין זייעט איצט די מאמע איבער די פרישע נאָר־וואס אויסגעמאלקענע מילך און צוגיסט זי אין קריגעלעך.

— מאמע !

— וואָס איז, מיין קינד ?

— פאר וואס איז נאכט ?

— וואס הייסט ?....

— מאמע, דו ווייסט ניט ?

— וואָס ווייס איך ניט ?

— פאר וואס איז נאכט ?

— גאָט איז מיט דיר, וואס הייסט, פאר וואס איז נאכט ?

— זי — זי וואַקסט אויס פון דער ערד?.....

—אַ — אַזוי גאָר. — דאָס ווילסטו וויסען? — וואָס דאָס קינד טראַכט זיך! ווידער מיט זיינע שאלות! האָסט דאָס נאָך ניט געפרעגט דעם זיידען?.... און דערווייל טראַכט די מאַמע און דערמאַהנט זיך דעם זיידען'ס קלוגע תרוצים. און באַלד ווערט דאָס ביי איהר פאַרטיג: —

— ווייסט דאָך, אַז גאָט האָט בעשאַפען די וועלט. יאָ — — — — איז ווען גאָט האָט בעשאַפען די וועלט — — — האָט ער בעשאַפען די וועל—לט.... און ער האָט געמאַכט אַזוי, אַז די נאַכט, וואָס איז נעכטען געשטאָרבען, האָט איבערגעלאָזט אַזעלכע קליינע אייערלאַך, וואָס ניט אַלע קאָנען זיי זעהן — — — — נו — — — — אַ! — און ווען די אייערלאַך ווערען אַלט אַ טאָג, אַ גאַנצען טאָג, העבט זיך אָן פון זיי אויספּיקען אַ שפּאָגעל נייע פינסטערניש — — — —

— אַ? — — — — גאָט!! — ער איז אַ גרויסער, אַזאַ, אַזאַ גרויסער!....

— און אַ גוטער, מיין קינד, זעהר אַ גוטער.

און עס ציטערט דערביי אויף אַ וואַרימקייט, פון אַ ווייכען, אַ גוטען, אַ האַרציגען פייער; ס'נעהמט די מילך אין די קרינגלעך זיך ווייך רונצעלן. עס בעוויזען זיך שטילע, ווייסע רעדער.

יאָ, גאָט האָט בעשאַפען די וועלט און ער איז אַ גרויסער, אַזאַ, אַזאַ גרויסער. —

---

נאָך די רויטע פאַרנאַכטען פלעגט איהם די נאַכט, די שוואַרצע פינסטערניש, זיין ווי מיט אַ רויטען שטויב פערשאָטען, און פערמאַכט ער די אויגען, דאַן ברענט די נאַכט, ברענט אַזוי פייערדיג רויט. די ברענענדיגע רויטקייט נעהמט אַרום די ווייסע דאַרפישע הייזלאַך, די געפלאַכטענע הילצערנע פאַרקענס, די גערטנער, יעדער בלעטעל, יעדער גרעזעל, וואו אַ בוים, וואו אַ פויגעל־נעסט, נאָר זיי צינדען זיך פון דעם ניט אָן. דאָס פייער האָט צו זיי קיין שליטה ניט. — קאָן זיין, דאָס גאַנצע דאָרף איז פיעלייכט אָפּגעריסען געוואָרען פון דער וועלט און איז פערוואָרפען געוואָרען ערגעץ, אין אַ ווייטען רויטען מדבר, וואו אַפילו די לופט איז רויט — — — און קיינער ווייסט ניט פון דעם, און וואו ניט וואו שפּאַרט זיך נאָך פון אַ קוימען, ווי געוועהנליך, אַ גרויסער רויך — — — דער רויך הויבט זיך פון

די קוימענס לכתחילה אין גלייכע זיילען, הערבער אבער פערלירען די גרויע זיילען זייער גלייכגעוויכט און הויבען זיך אָן בויגען אהין און אהער, קרויזען זיך און ווערען צוריסען אי שטיקער, און גרויע שטיקער נעהמען שוועבען דורך דער רויטער לופט, טראגען זיך צום ראָז־רויטען, ווייטען הימעל, צו די גאָלד־געלע פינקלענדע שטערען. און עס שעפּט ווער וואַסער פון ברונען, דער באַלקען בויגט זיך און סקריפּעט, ווי ס׳וואָלט א ווילדע גאַנז אָדער אַן אַנדער ווילדער פויגעל זיך דורכפליהענדיג צושריען. און דער צווייטער עק פון באַלקאַן הויבט זיך אַלץ העכער צום הימעל און זיין שווערער קלאָץ וויגט זיך אין דער לופט ווי א גרויסער בעוועגליכער פלעק. און פון די נאָהענטע בוימער פליהען אראָפּ די געלע זומער־זשוקעס און פון זייער זשומען ווערט די דאָרפישע נאכטיגע לופט פולער און געהיימניספול בערעדעווודיג. און קינדער טומלען, יאָגען זיך ארום, שפּיעלען נאָך אין כאפּערלאך, באלד וואַרפען זיי דאָס שפּיעל און נעהמען זיך יאָגען נאָך די זשוקעס. מע לויפט ארום מיט די היטלען אין די הענט, און ווי נאָר א זשוק פליהט דורך עטוואס נידעריגער, גיט מען א שפּרונג אונטער, דערלאַנגט א פּאטש מיט דעם היטעל, און עס ווערט איבערגעריסען דער זשומען פונ׳ם זשוק, דער זשוק שלאָגט זיך אָפּ אָן דער ערד, נאָך איידער ער האָט צייט צונויפצולייגען זיינע פיעלע פליגלען.

שפּעטער דערהערט זיך א פערדיש הירזשען, א טופּען פון פיעלע פערדישע פיס און א געזונטער פרעהליכער געשפּרעך פון יונגע מענשען. דאָס פיהרען די בעל־הבתישע שקצים זייערע פערד אויף נאכט אין פעלד. און ערשט נאָך דעם, אז זיי פאהרען שוין איבער, דערהערט זיך מיט אמאָל פון ערגעץ א שטארקער געלויף פון דריי פּיער ווייסע פערד, וועלכע זיינען ביי די העלזער אנגעטשעפּעט איינער אינ׳ם צווייטען. דאָס איילט אזוי שטארק א פערשפּעטיגטער שייגעץ, וועלכער וויל אניאָגען די איבעריגע, און די נאקעטע, פרייע פערד פאלגען צופריעדען, טראגען זיך אזוי שנעל, אז עס בלאָזען זיך אויף און אָפּ זייערע ווייסע גריוועס, זייערע עקען. אויפגעבלאָזען איז דעם שייגעץ׳ס העמד, זיינע ברייטע פּלודערען. זיין שטרויענער „קאפּעליוש“ איז אראָפּגעפלויגען אויף הינטען און שפּרינגט אונטער אויף׳ן בענדעל, וואס ארום האלז, א שווארצליך־גרויער שטויב, ווי א רויך איבער א שטיקענדיגען פייער, רייסט זיך פון אונטער די ווייסע פערדישע פיס, פון אונטער די אויסגעצויגענע ווייסע לייבער און

אינ'ם שטויב לויפט נאָך, ניט אנגעבינדען, א יונגער לאשאק און שרייט און שפּאַלט די לופט מיט זיין יונגען הארציגען הירזשען. — צו שטארק איז דער לויף פון זיינע דינע פיס. דער שייגעץ אין זיין שטארקער איי־לעניש, דרעהט אוים זיין פערפלאַמטען פּנים אויף צוריק און שרייט צום לאַשאק: קסיאָ! קסיאָ! קסיאָ!.... — באלד וועלען מיר זיי אַניאגען, באַלד! קסיאָ, קסיאָ, קסיאָ! — — — —

עטליכע הינד ווער'ען אויפגעטרייסעלט פון דעם שטארקען טומעל, און די אזוי אויך אויפגערודערטע לופט הויבט אָן קלינגען מיט זייער אויפגערייצטען: האוו, האוו! —

און נאָכדעם פּלעגט זיך ברוך'ל אויפטרייסלען און דערזעהן, אז ניט רויט, נאָר שווארצלעך־בלוי איז די נאכט, שווארצלעך־בלוי דער הימעל. עס שוועבען אום וואָלקען... שטערען... און א לבנה, וואָס איז אויף ארי־בער האלב ווי צוגעדעקט מיט א „פּאָקרישקא“, און נידריגער און ברייי־טער האָט זיך אָט דער הימעל צואוויקעלט איבער די שטרויענע דעכער.— אָט דארטען שוועבט א ווייס וואלקענדיל, וועט זיך דאָס געווים באלד פער־טשעפּען אין דעם שפּיץ פון הויכען מאַפּאָל, אָדער נאָך פריהער, — אָן דעם טויבען שטיבעל, וואס איבער מיכטאָרא'ס דאך — — — און הייז־לאך נאָך הייזלאך, און דעכער נאָך דעכער ציהען זיך אויף יענער זייט אראָפּ אין טהאָל אריין און הויבען זיך פון דארט ווידער בארג ארויף — — — ער פערקוקט זיך אויף דעם מאָדנעם אויסבייג וואס אי־בער די דעכער, עפּעס אזוי „מאָדנע“, אָט פונקט ווי אומיסטען, צוליעב דעם געמאכט. — — —

און דארט — אויפ'ען בארג, נאָהענט צום שטעדטיל וואוינט חנ'קע מיט איהר מאמען. א? יאָ? — — — דארמען, וואו עס לויכט זיך נאָך אָט אין יענעם פענסטער, א — ? — — — און ער לאָזט זיך צו דעם בארג היי, וואס אין זייער הויף. — פון דארטען וועט ער בעסער זעהן.

ווי נאָר ער קומט אריין אין הויף, טאַנצט איהם אנטקעגען זייער באקסער — א ווייסער הונט מיט ברוינע פלעקען — דרעהט מיט'ן האָרי־גען ווידעל און ווארטשעט צופריעדען, לעקט איהם די הענט, ווארפט זיך צו דער ערד. שפּרינגט אויף איהם מיט די פאדערשטע פיס; ווערט ברוך'ל געריהרט פון דעם הונט'ס חבר'ן זיך, און נעהמט אָן זיינע פאָדער־שטע פיס און פערלעגט זיי צו זיך אויף די אקסעל. נאָכדעם נעהמט ער

אַרום דעם הונט׳ס קאָפּ מיט זיינע הענטלעך און טוליעט איהם צו זיך: אַ, דו גוטער באָקסער! דו טייערער! האָסט זיך פערביינקט, אַ? און דער גרויסער הונט ציטערט אזש. אַן אויסגעצויגענער אין דער לײנג אויף די הינטערשטע פיס, האַלזט ער מיט די פאָדערשטע דעם קליינעם ברוך׳ל, ברומט אונטער און לעקט מיט׳ן צונג זיין נאַקען, און אויף דער ערד ליגט אויסגעצויגען זייער שאָטען — אַט ווי זיי האַלזען זיך און וויעגען זיך, אַזוי האַלזט זיך און וויעגט זיך דער שאָטען.

און אַט לאָזט ער זיך מיט׳ן הונט לויפען צום באַרג היי: אַנו, ווער וועט גיכער! — און אַט זיינען זיי שוין אויפ׳ן באַרג, פון וואַנען די הייזלאַך זעהען אויס שיטערער. עס זעהען זיך דורך: פלויטען, און געס־לאַך און בוימער — — — אַט איז דאָס געסעל, וואָס הויבט זיך באַרג אַרויף, אַט איז דאָס שטיבעל מיט פענסטער, וואָס לויכטען נאָך.

און חנ׳קע איז אין אַ ווייס קליידעלע — — — אָדער ניין, זאָל זיין, אַז זי איז אין איהר בלוי קליידעלע מיט די ווייסע שטערענדלאַך — — — די האָר זיינען ביי איהר צולאָזט אויף הינטען, און אויפ׳ן קאָפּ טראָגט זי אַ שלייף פון אַ בלויער לענטע, בלויע, גרויסע אויגען, געדיכטע ברעמען — — — דאָס פּנים׳ל איז פריש, עטוואָס בלאַס, ווי נאָר וואָס אויסגעוואַ־שען — — — דער בת־מלכּה׳ס שמייכעל אויף איהרע שעהנע ליפּען — דער בת־מלכּה׳ס האָר זיינען גאָלדענע און חנ׳קעס ווערען אַלץ שוואַר־צער... נו, איז וואָס?... אַ בת־מלכּה דאַרף האָבען געלע האָר, אָבער חנ׳קע דאַרף טאַקע האָבען שוואַרצע.... אַזוי איז נאָך שעהנער...

און חנ׳קע שטעהט און וואַרט — זי ווייס, אַז ערגעץ שטעהט ברוך׳ל אויף אַ הויכען באַרג. און אַז באַלד וועט ער בעפעהלען, וועט זיך צו איהם אַראָפּלאָזען דער ווילדער, שוואַרצער אָדלער מיט די בלוט־רויטע אויגען.

דער שוואַרצער אָדלער האַלט ווילד צועפּענט זיין ביין־ווייסען שנאָבעל, שטעקט מיט כעס אַרויס זיין שפּיציג רויטען צונג, קוקט מורא׳דיג מיט די רויטע אויגען; ער וויל ניט פאָלגען, ער וויל ניט. אָבער אַז ברוך׳ל הייסט —! — — —

און ברוך׳ל זעצט זיך אַרויף אויף אַט דעם גרויסען שוואַרצען אָדלער און דער אָדלער צושפּרייט זיינע גרויסע שוואַרצע פליגעל אין דער נאַכט און טראָגט איהם צו חנ׳קע׳ן.

און אַט אַזוי איז שוין חנ׳קע אויך מיט איהם, און זיי פליהען דורך

הימעל און שטערען. און ווי נאַר עס קומט צו דער האנד א שעהן שמעטערענדעל, טשעפּעט דאָס ברוך׳ל אָן אָן איהרע שווארצע לאָקען, ווערען איהרע לאָקען אָנגעשנורט מיט שטערען, און זיי טראָגען זיך שיינענדיג אין דער לופטען און וויספּערען — — — און ברוך׳ל רייסט פונ׳ם הימעל די שעהנסטע שטערען און מאכט א שנור ארום איהר ווייסען האלז, בראַסלעטען אויף איהרע ווייסע הענט און אויך איהרע שיך בעפּוצט ער מיט שטערען, און חנ׳קע פּרעסט זיך צו איהם און שמייכעלט צו איהם מיט איהרע פרישע ליפּען, קוקט אויף איהם מיט איהרע בלויע אויגען.

— חנ׳קע, לאָמיר ראטעווען, לאמיר בעפרייען די שעהנע בת־מלכה!

— וואס איז, ס׳איז איהר דען שלעכט ביים גרויסען ריעז? זאגסט דאָך, אז ער האָט זי ליעב.

— זי בייִנקט אבער.

— נאָך וועמען?

— נאָך איהר טאטען, נאָך איהר מאמען.

— בייִנקט איך אויך נאָך מיין מאמען, יאָ.

— ביזט דאָך א גוטע — דו ביזט דען א שלעכטע? — — —

— אז איך בייִנק אָבער נאָך מיין מאמען!?

— זעה, מיר זיצען דאָך ביידע אויפ׳ן גרויסען, שווארצען אדלער; זעה, ווי גרויס עס שפּרייטען זיך זיינע ברייטע, שטארקע פליגלען. ווי זיי רייסען זיך און פּאטשען: פּה! פּה! פּה! — — — און ווייסט? — זיין בויך איז דאָך ווייס, טאָקע ווי א ווייסער פּוך. דאָס איז ער נאָר פון אויבען אזוי מורא׳דיג שווארץ. און מיר פליהען דאָך דורך הימעל און שטערען, און דיינע האָר האָב איך בעדעקט מיט שטערען, און ארום דעם האלז — זיינען שטערען, און ארום דיינע הענד — שטערען און שטערען אויף דיינע שיך. און אָט נעהם איך דיך ארום און אָט גיב איך דיר א קוש — — — — וואָס? האסט זיך דערשראָקען?! — — — די שטערען וועלען ניט דערצעהלען דיין מאמען — זיי האָבען דיך ליעב, און דער הימעל רעדט ניט — — — און דעם אדלער וועל איך באשווערען. און גאָט —? ער איז דאָך אזא גוטער — — — זיי נאָר דו א גוטע און לאז מיך ראטעווען די בת־מלכה.

וועסט נאָכדעם זי קושען? יאָ....

— אויף מיין ווארט, אז ניט. ווי איך בין א אידיש קינד, אז דאָס

טהו איך נאר דיר. נא דיר נאָך איינעם — — — א? נו, איצט זעהסטו שוין?! — — —

— אוי, ברוך'ל, ביזט א—ז—א גו—ו—טע—ע—ע—ר! — ציהט זי אויס געריהרט און וויקעלט ארום איהרע ווייבע, ווארעמע הענטעלעך ארום זיין האלז. און אין ברוך'לס הערצעל צאַפּעלט מיט אמאָל אויף א בלויאינק־צארט פייערל. און ער גיט אזש א ציטער און פאלט שיער ניט ארונטער פון בארג היי. — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפגעטרייסעלטער און צארטער כאפּט ער ארום דעם הונט:

אוי דו באַקסעריל! באַקסעריל! באקסעריל!

און אין א ווײַלע ארום טענה'ט ער צום הונט, אז ער מוז זעהן שלום ווערען מיט חנ'קעס קעצעל, ווייל ביז'ל וואנען איז דער שיער?! און איהר קעצעל איז דאָך טאקע אזא שעהן, שווארץ קעצעל מיט א קלאָהר־ווייס בייכעל, ווייסע לאפּקעס, ווייס אונטער'ן העלזעל און ווייסע, שעהנע וואָנסען. און היינט היינגט דעם נאָך חנ'קע אויף א רויטען באנד אויפ'ן העלזעל. און דאָס פּאסט דאָך דעם קעצעל אזוי שעהן! הערסט, וואס איך זאָג דיר, אז פון היינט אָן און ווייטער זאלסטו זיך מיט דעם קעצעל מעהר ניט איינרייסען, אז ניט! שרייט ער אויס און טראָגט אונטער א פעסט־געמאכטען קולאַק צו באקסער'ס פּנים אזוי, אז דער הונד פערזשמורעט אזש די אויגען, ציהט אָפּ דעם קאָפּ און זעצט זיך אזש צו פאר שרעק — — הערסט וואס מען רעדט צו דיר?! אָט אזוי, אָ, זאלסטו מיר געדענקען!

אויף דער שוועל פון טהיר, וואס פיהרט צום הויף, בעווייזט זיך חנ'קע. אין דער לינקער האנד האלט זי אונטערגעקליעבען איהר קליידעלע, ווי א גרויסע — — — און טאקע אינ'ם בלויען קליידעלע מיט די ווייסע שטערען — — — חנ'קע הויבט אויף איהר שעהנעם שטאלצען קאָפּ: הו — אזש אויף אזא הויכען בארג היי קאנסטו ארויפקריכען!?

— א גרויסע מציאה! — — —

— קאָנסטו פון דאָרט זעהן אונזער שטוב.

— אויף וואס דארף איך אייער שטוב?! —

— נו, איז וואס? — — —

— א גאנצע זאך! — — —

— — — — — — — — — — — —

— סאיז טאקע שטערען אויף דיין קליידעלע? טאקע אמת'ע שטערען?

נו, יאָ, אזוי זאגט די מאמע. וואָס איז? — — — דו האסט דען ליעב שטערען?

— הי־הי־הי! וויפיעל שטערען אין הימעל! — ענטפערט ער און פעררייסט דעם קאפּ ארויף. — — —

— וואלסט בעסער אנגעזאגט דיין באקסער, אז ער זאל מיר נימ צו־רייצען דאָס קעצעל. — יאָ!

— העסט, אז זי האָט א משוגען קעצעל, איז איהר באקסער שולדיג!

— באלד עפּעס שטעלט דאָס אן א פּאָר שווארצע אויערען, און די קעצענע אויגען, צוציהט די שטעכיגע וואנסען און הארבעט אויס דעם רוקען משוגענערווייז: און זי טהוט דעם נאָך אָן א רויט בענדעל! — — —

— עס געפעלט דיר ניט דאָס קעצעל? ! — — —

— הם, א שעהן קעצעל!

פון דעסטוועגען האָט דיין באקסער מורא פאר דעם! יאָ.

— מיין באקסער מורא! ? — — —

יא, יא, ער טאנצט ארום קעצעל, האווקעט, ווארפט זיך צו דער ערד, אָבער צוגעהן צו דעם נאָהענט האָט ער טאַקע מורא. יאָ.

— דאָס איז דערפאר, וואס איך הייס איהם ניט, אבער, ווען איך זאל איהם נאָר א זאג טהאָן, הויבט ער דאָך אויף זיין לאפּע און צורייבט דיר דאָס קעצעל אויף שטיקלעך — — — — — — — — — — — — —

אין א קורצע ווײלע ארום, הויבט זי אויף איהרע אויגען צו איהם ארויף, וואו ער שטעהט דארטען אויפ'ן בארג היי, וואו עס ליגט לעבען זיינע פיס דער גרויסער הונד, און אין איהרע אויגען שטעהען טרערען —

— אוי, ס'ארא לענטע אין דיינע האָר! טאקע א זיידענע?....

זי אבער שטעהט נאָך א ווײלע און ענטפערט ניט. און נאָך דעם נעהט זי גאר אין גאנצען אוועק.

ברוך'ל קוקט איהר נאָך און זעהט, ווי זי געהט זיך דאָס אוועק אזוי נדלות'דיג — זי וויל איהם שוין גאר ניט ענטפערען! — — — און ער דערפיהלט, אז עס בלאזט א ווינטעל — — — אז דער ווינטעל נעהמט ווייך דורך זיינע האָר, גליטשט זיך דורך איבער זיין ליב, און נעהמט זיך דורכגעהן די הייעלאך פון בארג, יעדער הייעלע בעזונדער — — — דער

באַרג דערפיהלט דאָס און גיט א ציטער. גיט אויך ברוך׳ל א ציטער, און עס כאַפּט זיך אויף דער הונד אויף די פיס — וואס איז? הא? — — — — נעהמט איהם ברוך׳ל ארום, בויגט זיך צו צו איהם, פערמאַכט די אויגען און דערזעהט: ווידער רויט — — — עס איז רויט. עס ברענט, עס איז פייער. אלעס איז פייער, פייער! און דערצו פליהט פון ערגעץ אַן א פערשפּעטיגטער זשוק. דער זשוק פליהט און האלט צולאזט אלע זיינע פליגלען און זשומט. פון זיין זשומען ציהט זיך א רויטער שנור — — — אויפ׳ן וועג בעגעגענט ער זיך מיט נאָך א זשוק און זיי זשומען אריין איי־נער דעם צווייטען עפּעס אזעלכעס, פון וואָס ברוך׳ל גיט זיך צושראָקען א שטארקען צאַפּעל.... די זשוקעס צופליהען זיך באַלד, דער אהין, דער אַהער, און ציהען זייערע רויטע שנורען אין פערשיעדענע זייטען: זשום, זשום, זשו־ם...

ברוך׳ל עפּענט אויף א פּאָר צושראָקענע אויגען — די נאַכט איז קלאָר, די נאַכט איז בלוי. — און וואס איז מיט דיר ברוך? ! — — — —
— — — פייער? — — — פייער — ? — — — —



# II. ווינטער

## קאפיטעל 8.

אויף מאָרגען נאָכ'ן „אוטינג", האָט מען זיך געלאָזט זוכען „דזשאבס" און מען האָט זיך ארומגעזעהן, אז עס פאנגט זיך אן „גאָר די רעכטע סלעק", א קריזיס גאָר. באנקען האָבען גענומען אנזעצען, און טעג האָבען אנגעהויבען געהן אזעלכע שווערע, פערוואלקענטע.

— וואס הערט זיך עפּעס, מאקס? — פרעגט ברוך בעגעגענדיג זיך מיט איהם.

מאקס קוקט איהם אָן א צורודערטער.

— גוטער ברודער! עס פייפט. הערסט? — עס פייפט אין אלע ווינקעלעך! הערסט, וואס מע זאגט דיר? — עס איז צרות, עס איז גרויסע צרות.... און ס'איז אזא פערדראסיגע זאך — רבונו של עולם! אויף וואס פאר א וועלט לעבען מיר? וואס הייסט דאָס, א מענש, א געזונטער, א שטארקער, וואס וויל ארבייטען, זאל פּלוצלינג בלייבען אָט אזוי אָ? אָן עק מיט אַ סוף. און דאָס, וואָס די באנקען האָבען גענומען אָנזעצען, דאָס, זאָגט מען, איז זעהר אַ שלעכטער סימן, און דאָ וועט דאָך שוין באלד אנקומען דער ווינטער, הערסט, אויף מיין ווארט — — — ווען דיר וואלט זיך טאקע איינגעבען דיין פּלאן, איז אזא יאָהר אויף מיר,

נאָר אז — — — דו האסט זיך אזוי איינגע'עקשנ'ט, — ווילסט דוקא פיער דערפער אויף איין מאָל און אין יעדען דאָרף ניט ווייניגער ווי צוויי הונדערט מענשען, און יעדער איינער זאָל דיר איינצאָהלען אזא סומע געלד. כאָטש דו ביזט אפילו גערעכט, ווייל דאַן ביזטו מיט אלעם זיכערער, ווייל, אז דו האָסט, ס'הייסט איך מיין, אז די באַנק האָט שוין אזוי פיעל געלד און אזוי פיעל מענשען, און אז זי בויט שוין אוים פיער פינף דערפער, און יעדער איינער איז זיך א בעל הבית אויף זיין אייגענער פארם און די באַנק העלפט איהם נאָך אוים אי מיט געלד אי מיט מאשי־נען, און העלפט איהם נאָך אוים צו פערקויפען און קויפען, דאַן פער־שטעהט זיך, איז מען מיט אלעם זיכערער. און דאָס, וואס דו ווילסט דוקא, אז ס'זאָל זיין ווייט פון א גרויסער שטאָדט, איז אויך מן הסתם פון זיכערקייט וועגען. איאַ? וואס? מיינסט איך פערשטעה ניט? און דערצו טאקע זוכסטו דאָך יענע ווייטע פלעצער, וואו עס זאָל זיין פלאַץ פאר נאָך און נאָך דערפער, און מיט דער צייט קאַן זיין, וואלט מען דאָך טאקע געקאָנט בילדען אן אידישען שטאָאט. וואס?—אָך, ווען דאָס וואָלט זיך דיר איינגעגעבען! און איך וואונדער זיך טאקע, פאר וואס חנה — — — נו, איך ווייס — — —

מאקס ווערט אנטשוויגען און געהט א לענגערע צייט נעבען ברוך'ן און שווייגט. נאָכדעם כאַפּט ער זיך ווידער:

— א, צו אלדע גוטע יאָהר! אז איך הויב זיך אָן דערמאהנען: — ווער איז צו מיר גליך? עפּעס גאָר א קליינינגקייט! — חתונה געהאַט מיט אזא מיידעל ווי חנה. איך האָב דאָך אלע מיינע יאָהרען וועגען אָט אזא מיידעל געטראכט.... אז איך בין אריין אין דער „אָרגאניזאציע“, האָב איך דעם ערשטען מאָל אזא מיידעל געזעהן — — — און נאָכדעם— ווי! ? — — און אז איך בין אָנגעקומען אהער קיין אמעריקא — — — — ווייס איך וואס — — — און אויף וואס, האָב איך געקלעהרט, דאַרף מען גאָר אין גאנצען חתונה האָבען? וואס איז? מען קריגט ניט, אז מע דאַרף? און ערשט איצט, אז גאָט האָט מיר געהאָלפען, — געה, זויס, געה ריכט זיך, געה ווייס, אז איך וועל זיך דאַרפען פרעגען: צו וואָס האָב איך דאָס געדאַרפט, נו יא, אדרבא, זאג, צו וואס!

ברוך ענטפערט ווי־ניט־ווי, פּרואווט זיך איהם געבען צו פערשטעהן,

ווי מיאוס עס איז געווען זיין פריהערדיג לעבען, אז א מאן מעג זיך צוזאַ־מענקומען מיט א פרוי בלויז, ווען ער האָט צו איהר דאָס נויטהיגע רע־ליגיעזע געפיהל, ווייל אז ניט, געהט ער צו דער פרוי, פונקט ווי א חזיר צו דער קארעטע — און...

דאָ אבער רייסט איהם מאקס מיט אמאָל איבער:

— גוט וואס דו האסט מיך דערמאהנט, אויף מיין ווארט. דו ווייסט, אָט א די מיידעל — ביילקע — וואס האָט דיר אויפ׳ן „אוטינג" אלץ געשריען, אז דו ביזט א שלעכטער. נו, דו ווייסט דאָך, איך האָב דיר שוין דערצעהלט פון איהר. זאלסט נאָר איצט זעהן! — זי איז דאָך טאקע פערליעבט אין דיר. דו ווייסט? זי זאגט, אז דו האסט אויגען, ווי ביי א קינד. אויף מיין ווארט. און אז ווען דו וואלסט נאָר וועלען, זאגט זי, וואלט זי איהר לעווינ׳ען אוועקגעווארפען און וואלט געווארען דיינע א כלה מיט אלע אידישע פיטשעווקעס. — וואָס הייסט, זאגט איהר חנה, דו זאגסט דאָך, אז ער איז א שלעכטער מענש? — ווייס איך וואס, זאגט זי, איך וואלט איהם געלאזט, ער זאל מיך אויפעסען אָט אזוי — זאגט זי — וואָלט איך איהם אונטערגעטראגען מיין האנד צום מויל — נא. עס! עס מיך אויף אין גאנצען, אין גאַנצען! און זי רעדט פון דיר טאקע נאָר ווי פון היץ.

— אָט אָ די מיידעל, וואָס איז רויט געוואָרען אין מיינע הענט?! — פרעגט ברוך, זיך דערמאנענדיג — — —

— יאָ, און אָט א דאָס, וואס זי איז רויט געווארען, האָט זי אויך דערמאהנט. זי ווערט גאר קיינמאָל ניט רויט, זאגט זי. — אבער וואס קריכען מיר אזעלכע נארישע געדאנקען אין קאָפּ, ברוך, ברוך! זאג אדרבא דו, וואס טהוט מען, וואס עס איז קיין ארבייט ניטא? בעטראַכט נאָר, עס וועט דאָך זיין אזוי שלעכט. איך ווייס.....

— ביזט נערעכט, מאקס, א דאָס, וואס דו האסט ניט קיין ארבייט איז טאקע זעהר שלעכט. אבער פיליכט, אפשר מאָרגען. מע דארף גוט זוכען.

---

אזוי אבער איז דאָס אוועק א וואך און צוויי, א מאָנאט, און מעהר פון א מאָנאט. נאָך דעם האָט עפּעס מאקס יא געקראגען א „דזשאב". ער

האָט אָבער אויף איהם קוים אָפּגעאַרבייט א צוויי דריי וואָכען און איז וויע־
דער געבליבען אָהן ארבייט. און דאָ איז שוין טאַקע אָנגעקומען דער ווינטער.
און מאקס איז געווארען פון טאג צו טאָג אלץ מעהר נידערגעשלאָגען,
אלץ מעהר פערצווייפעלט און אין הארצען האָט ביי איהם אזוי מאָדנע
געקאכט, און ער האָט זיך איינפאך קיין ארט ניט געקענט געפינען. באלד
עפּעס פלעגט ער א ווילדען שפּיי טהאָן פאר זיך, ווי ער וואלט דאָס אויף
עמיצען געשפּיגען מיט גאל.

## קאַפּיטעל 9.

איינמאָל, פאַרנאַכט, ווען מאַקס איז געקומען פון גאַס א דערשלאָ־גענער, מיט נאָכגעלאָזטע הענט און א פערלאָרענער זיך א וואָרף געטהאָן אויף דער סאָפּקע, איז צו איהם צוגעגאַנגען חנה און געזאָגט:

— מאַקס! ווייסט — איך האָב דאָך פאַר זיך געפונען ארבייט!

— וואָ־א־אס!!

— ביי מיין ארבייט איז דאָך גאַר איצט „ביזי"!

חנה!... וואָס הייסט.... וואָס רעדסטו?! חנה!

ער האָט זיך אויפגעהויבען און האָט איהר ניט געקאָנט קוקען גלייך אין פנים אריין, האָט ער זיך צוריק אראָפּגעלאָזט אויף דער סאָפּקע און איז געבליבען זיצען אזוי, ווי א פערטויבטער. די אויגען האָבען געקוקט פאַר זיך.

און ביי חנה'ן אויף די ליפּען האָט זיך איהר שמייכעל בעוויזען. —

זי האָט זיך צוגעזעצט צו איהם. אָבער דאָס מאָל האָט זי אליין ארויפ־געלעגט איהרע א ווייסע, וואַרעמע האַנד ארום זיין האַלז און גענומען רע־דען צו איהם ווי אַן עלטערע שוועסטער:

— נאַר איינער, וואָס איז אז א ווייב העלפט אמאָל ארויס?

מאַקס האָט א לענגערע צייט ניט געקענט ענטפערען. נאָכדעם אבער האָט ער זיך גענומען טענה'ן, כמעט בעטען:

— וואָס הייסט, א ווייב זאָל אויף מיר ארבייטען? — — — פאַר וואָס? איך בין דען קראַנק? צו איך וויל דען ניט ארבייטען, צו בין איך דען חלילה געוועזען א שלעכטער, ניט קיין פלייסיגער ארבייטער? און איך וויל דאָך איצט אָננעהמען אבי־וואָסער ארבייט. און דערצו אָט, אָט, פּי־לייכט נאָך מאָרגען, פיליייכט נאָך מאָרגען... און ביי ברוך'ן וועל איך שוין מעהר קיין סענט ניט לייהען — — — העדסט, אויף מיין ווארט — חנה! אויף מיין ווארט! — מאָרגען ארום ניין א זייגער דאַרף ער דאָ

זיין אבער דאָס איז, ווייל מיר דארפען צוגעהן אין א פּלאַץ וועגען ארבייט.

באַלד אָבער האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פון טהיר־גלעקעל.

חנה האָט אביסעל צושראָקען א טראַכט געטהון: „ווער קאָן דאָס זיין?“ און אויפ׳ן ערגסטען פאַל האָט זי זיך פערפּאַנצערט מיט איהר שמייכעל און איז אַוועק עפענען די טהיר.

דער קארידאר איז שוין געווען ווי אָנגעפילט מיט דונקעלהייט, און פון זיין דונקעלהייט איז ביילקע מיט איהר ראָזעווען פּנים און מיט איהרע אין רינגען געקרויזטע שווארצע האָר, ווי ארויסגעשוואומען אינ׳ם שיין פון די נאָך ליכטיגע צימערען מיט פראָסט און פרישער פייכקייט אין די אויגען.

— האַלאָ, בעללאַ! — האָט זי חנה בעגריסט, שמייכלענדיג, און האָט זיך מיט איהר פערנומען אין א צווייטען צימער.

— האַלאָ! חנה, וואס מאכט איהר עפּעס? אך ס׳א פראָסט עס נעהמט דאָס אויף נאכט, א פערגניגען!

און ביילקע נעהמט זיך פאַנאַנדערשפּילען איהר ווינטער־ראָק און רעדט ווייטער:

— ווי עס געהט דאָס אונזערע ציוניסטען! — די גאנצע צייט האָט דאָס געהאַלטען אין איין רעגענען, אז עס האָט זיך אויסגעדאכט, היינטיגען ווינטער וועט שוין גאר ניט אויפהערען צו רעגענען, און פּונקט איצט, פאַר זייער באַלל, האָט דאָס מיט אמאָל אנגעהויבע נעהמען פרעסט איינס נאָכ׳ן אנדערען. און וואס איז עפּעס דער מעהר מיט אייער מאַקס׳ן?

— גאר ניט — זאָגט חנה מיט א שמייכעל און נעהמט צו דעם ראָק פון ביילקעס הענט.

ביילקע נעהמט אויך ארונטער דעם הוט פון קאָפּ, נעהמט ארויס א קאַם פון די האָר און בעסערט זיך מיט איהם צו די לאָקען, און זאָגט:

— איהר ווייסט, איך רעכען, אז עס וועט זיין זעהר א שעהנער באַל.

— יאָ, איך רעכען אויך אזוי — זאָגט חנה און דער שמייכעל פון איהרע ליפּען פערשווינדעט ניט, און אָט געהט זי גאָר נאָהענט צו צו ביילקע׳ן און דערפיהלט דערביי אין זיך א פּלוצלינגע ליידענשאַפט צו ביילקע׳ן — איהר נעהמט זיך דאכטען, אז ניט זי, נאָר ברוך קוקט דאָס איצט אויף ביילקע.... און ביילקע זעהט אוים, ווי א יונגערע נאָר וואס

דערוואַקסענע שוועסטער... און חנה דערפיהלט, ווי צו מאַכען עפּעס אַ בעוועגונג, און זי נעהמט צוריק אַרויס דעם קאַם, וואָסביילקע האָט נאָר וואָס פערשטעקט אין קאָפּ און שטעקט איהם איבער אין אַן אַנדער פּלאַץ, עס זאָל אויסקוקען בעסער, שעהנער — — —

ביילקע טוליעט זיך צו צו חנה'ן און פרעגט:

איאַ, חנה, איך בין אַ שעהן מיידעל!

— זעהר! — ענטפערט איהר חנה.

— און איהר וועט דאָך זיין אויפ'ן באָלל?

—יא! — ענטפערט איהר חנה — ברוך וועט מן הסתם אויך זיין.

— טאַקע! — שרייט אויס ביילקע — אָי וועט דאָס זיין גוט! וועט איהר זעהן, ווי מיר וועלען טאַנצען! איך האָב דאָך אַזוי ליעב טאַנצען, און היינט ווען איהר זאָלט נאָך זעהן ווי מיר פּאַסט מיין סאַמעטען קלייד! און וואָסער אַ קלייד וועט איהר אָנטהאָן?

— מיין ליכטיג בלוי קלייד מיט'ן ווייסען גאַז.

— ברוך האָט טאַקע זעהר ליעב בלוי?

— וואָס פאַלט אייך איין? — זאָגט חנה אַלץ שמייכלענדיג — מיר פּאַסט בלוי, ווייל איך בין אַ ווייסע. און איהר ווייסט — זאָגט חנה, מיט אַ מאָל ווערענדיג גאָר פרעהליך — איך שטעל זיך דאָך שוין מאָרגען אַרבייטען!

טאַקע! אַ שאָד, וואָס איהר האָט ניט געוואָלט געהן אַרבייטען אין דעם שאָפּ, וואו איך אַרבייט. פּונקט איז היינט געוואָרען ליידיג אַ פּלאַץ נעבען מיר און איך האָב אַ גאַנצען טאָג געטראַכט, אַז עס וואָלט געווען זעהר גוט, אויב איהר זאָלט וועלען אַנקומען אין אונזער שאָפּ און דערצו מיין איך אַלץ, אַז ביי אונז איז פאַר אייך אַ סך בעסער, ווייל איהר קאָנט דאָך נאָך דעם שאָפּ פון אַמאָל און די „פּאָרליידי" וואָלט אייך געוויס באַלד פערדרעכענט פאַר אַן „אַלטער האַנד" און איהר וואָלט דערפאַר געקאָנט אויסמאַכען מעהר ווי אין אַ נייעם פּלאַץ.

— עס דאַכט זיך אייך אומזיסט אַזוי אויס, ביילקע. אַ גוטע האַנד מאַכט אומעדום גוט אויס.

— איהר זייט אפשר געערבכט — זאָגט ביילקע און נעהמט אַרום חנה'ען פאַר דער טאַליע און פרעגט:

— זאָגט מיר דעם אמת, חנה, ווי מיינט איהר, ברוך וועט מיט מיר וועלען טאַנצען?

— דאָס דאַרפט איהר ביי איהם פרעגען — זאָגט חנה און פרעגט גלייך מיט אַ שמייכעל:

— וואָס־זשע, איהר האָט זיך טאַקע מיט אַן אמת פערליעבט אין ברוך'ן?.....

— איך ווייס ניט, חנה, איהר הערט.... ס'איז עפּעס אזוי.... נאַר וואס?.... — און ביילקע ווערט מיט אַ מאָל ווי אפּגעגאסען מיט פייער און צולאכט זיך פּלוצלינג: כא, כא! עס פּלאַנטערען זיך ביי מיר די ווערטער! איאַ איך בין אַ נאַריש מיידעל?

פּלוצלינג אָבער דערהערט זיך ביי דער טהיר אַ הילצערנער געלעכטער. די פרויען ציטערען אויף, דרעהען זיך אום און דערזעהען בינעם'ען נעבען זיך.....

חנה ווערט אין כעס און ווערט רויט:

— איהר ווייסט דאָך, בינעם, אז איך האָב פיינט אַט אַ די שטיק אייערע!

— אָבער גאָט איז מיט אייך, חנה! דאַרטען זיצט מאַקס מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ און ווייס ניט, וואו ער איז איצט אין דער וועלט, און דאָ האָט איהר זיך פאַררעדט און זיך אויך, ווייזט אויס, פערגעסען, וואו איהר זייט ערגעץ אין דער וועלט — — — און קיין פייער צינדט איהר ניט אָן, מן הסתם פון שטימונג וועגען — — — —

מאַקס האָט דערהערט ווי בינעם פער'מסר'ט איהם, אַז ער זיצט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ, איז ער אויך צוגעקומען צו זיי און ברוגז'לעך גענומען טענה'ען:

— ווער זיצט דאָס מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ? וואס הייסט.... וואָס.... וואס איז דאָ?... אַ יאָ, חנה, מען דאַרף שוין טאַקע אָנצינדען פייער? —

— יאָ, צינדט אָן פייער, און איך וועל געהן מאַכען טיי. איהר וועט דאָך בלייבען אויף טיי, בינעם? — זאָגט חנה זיך גלייך איבערבעטענדיג מיט בינעמען.

— „שור", „שור"! — זאָגט בינעם אַ צופריעדענער און אַ לאַכענ־

דיגער פון דעם, וואָס חנה, די שעהנע שטאָלצע חנה האָט זיך אויף אַזאַ אופן געווענדעט צו איהם.

חנה איז אוועק אין קיך צוגרייטען דעם טיי. דער טאָן פון בינעם'ס „שור", „שור" האָט זי אַזוי ווי דורכגעשטאָכען און איבער עפּעס אַ סבּה איז דאָס ביי איהר צונויפגעבונדען געוואָרען מיט'ן מאָרגענדיגען באַלל.... דער באַלל, ביילקע, לאה, ברוך, בינעם, נחום, דאָס אַלעס האָט זי איצט געגומען בריהען, ווי זי וואָלט אין זיך איינגעשלונגען הייסע קוילען. זי וועט אויפ'ן באַלל ניט געהן, זי וועט ניט! און ברוך וועט אויך ניט געהן. ניין. זי וועט דאָס ביי איהם פּשוט בעטען, וועט ער איהר צוליעבטהאָן. יאָ, זאָל ער מאָרגען פערברייננגען ביי איהר אין הויז. יאָ, זי האָט דאָך איהם שוין לאַנג אַזאַ זאַך ניט געבעטען. זאָל ער פאַר איהר דערצעהלען פון זיינע מעשיות, וואָס ער טראַכט צום שרייבען. ער האָט דאָך שוין פאַר איהר אַזוי לאַנג גאָרניט דערצעהלט. יאָ, און מאָרגען איז דאָך דער ערשטער טאָג, וואָס זי שטעלט זיך אַרביימען. און דערפאַר טאָקע בעט זי איהם, אַז ער זאָל פערברייננגען דעם מאָרגענדיגען אָבענד מיט זיי. יאָ, „ווייל מאָרגען איז דאָך דער ערשטער טאָג, וואָס זי ווערט צוריק אַ מיידעל!"— גיט איהר מיט אַמאָל אַ בליץ אויף אין קאָפּ. און עס ווערט איהר פון דעם מיט אַמאָל אי פרעהליכער, אי לייכטער. עפּעס אַ שווערקייט שווימט אָפּ פונ'ם האַרצען און זי קוקט דערויף ווי אויף אַ גליקליכען געדאַנק: — יאָ, יאָ, — מאָרגען ווערט זי צוריק אַ מיידעל, אַ מיידעל! יאָ!

---

נאָכ'ן טהיי האָט בינעם בעגלייט ביילקע'ן אהיים. אַ לענגערע צייט איז בינעם געגאַנגען מיט ביילקען און בייז געשוויגען.

— וואָס שווייגט איהר בינעם? — האָט ביי איהם ביילקע געפרעגט.

בינעם שווייגט.

— וואָס, איהר זייט אין כעס אויף מיר? — האָט ביילקע ווידער גע־פרעגט.

— אויף אייך ניט. ניין. נאָר אויף אונזערע אידישע פרויען.

— וואָס הייסט?!

— האַ, איהר ווייסט גאָר ניט, וואָס דאָס איז אַזעלכעס!

ביילקע לאַכט און זאָגט:

— וואס־זשע, איך בין ביי אייך קיין פרוי ניט, צו איך בין קיין אי־דישע ניט?

— וואָס זאָל איך אייך זאגען, מיר דאכט זיך, אז איהר קאנט נאָך ווערען א גוט מיידעל. אדער אפשר איז דאָס, ווייל מיר וואלט זיך וועלען, איהר זאלט דאָס זיין...

ביילקע צולאכט זיך. איהר געלעבטער גיסט אפּ בינעמען מיט א ציטערדיגער ווארימקייט. זיין שטימע ענדערט זיך, ווערט אביסעל ווייכער און ווארימער, ער נעהמט זי אָן אונטער דער האנד און זאגט איבער:

— איהר ווייסט, ביילקע, מיר וואלט זיך זעהר וועלען, אז איהר זאלט דאָס זיין.....

— אָבער מיט וואס זיינען ביי אייך חנה, אָדער לאמיר זאגען, לאה, שלעכט?

— איהר רעדט אזוי נאַאיוו, ביילקע, זיי זיינען דאך דאָס טאקע די, וואָס בעווייזען, אז אונזערע פרויען זיינען די נידריגסטע, וואס די וועלט פערמאגט נאָר. שטעלט אייך פאר ביי די גוים, ווען א אזא מיידעל, ווי חנה, איז פערליעבט אין אזא מאן ווי ברוך, און דערצו נאָך אזוי שטארק פערליעבט, וועט זי חתונה האָבען פאר עמיצען אנדערש? און דערצו נאָך פאר מאקסען? ניין, זי וועט פארזיצען, אדער זי וועט גאר אוועק אין מאָנאסטיר, ווייל אויב זי וואלט געהאנדעלט אנדערש, וואלט זי אויף זיך געקוקט, ווי אויף א גאסען־פרוי. א היינטיגע אידישע טאָכטער אָבער האָט גענוג ש כ ל. זי וועט זיך אזוי ווייט ניט ב ע נ א ר ע ש ע ן. זי וועט חלילה ניט פערזיצען ב י ז׳ן ג ר ו י ע ן צ אָ פּ...

ביילקע צולאכט זיך:

— ווי אין כעס איהר זייט דאָס. און וואס זאגט דערויף ברוך?

— ער זאגט — ביי איהם געהט דאך דאס שוין אריין אין „אונזער אונטערגאנג" — אונזער היינטיגע פרוי איז פערוואנדעלט געווארען אין א ז י, וואס וויל מיט איהר לייב מאכען דעם בעסטען געשעפט, בעזונ־דערס די פרוי, וואס פאהרט פון דער אלטער וועלט אהער. די בעסטע פון זיי פאָהרט דאך אהער מיט א בעהאלטענעם געדאנק, אז עס וועט זי אויפ־באפּען עפּעס א רייכער, א מיליאָנער, און וועט זי אריינפיהרען אין זיין

פּאַלאַץ מיט דיענער און דיענסטמען און דערפּאַר טאַקע וועט זי איהם „ליעב האָבען“ און וועט זיך מיט איהם לייגען אין זיין גאָלדען בעט. איהר דאַרפט ענטשולדיגען, טאָמער איז דאס געזאגט אביסעל צו שאַרף, ווייל עס ווילט זיך דעם אומגליק פשוט אנשפייען אין פּנים אריין. און איך זאג אייך, אז ברוך איז גערעכט, ווען ער זאגט: „אונזערע היינטיגע טעכטער פּעהלט לחלוטין גאט אין הארצען. די צאינה וראינה, וואס האָט געהייליגט און געלייטערט אונזערע מאמעס, האָט אויף זיי אויפגעהערט ווירקען, און אויב עס וועט ניט געשאַפען ווערען אזא מין נייע ליטעראטור, וואס זאל פאר אונז צוריק ראטעווען די עהרליכקייט פון אונזערע אידישע טעכטער, זייגען מיר פאַרלוירען, ווייל מענשען, וואס זיינען ניט אנגעביג־דען אין קיין העכערער וועלט, האלטען אין איין פאלען און ווערען אלץ שמוציגער, ביז זיי ווערען אין גאנצען בלאטע“.

ביילקע׳ן געפעלט, וואס בינעם כעס׳ט זיך, וואס ער רעדט דאָס צו איהר מיט אזא וויכטיגען טאָן און זי צולאכט זיך און זאגט:

— אָבער ווי געפעלט אייך דער מיליאָנער, וואס חנה האָט פאר זיך אויפגעזוכט?....

— ניין, ביילקע, ערשטענס גיבען זיך דאָך ניט אלעמענס חלומות איין, און צווייטענס איז דאָך דאָס ביי חנה׳ן געווען א חשבון גאָר פון אן אנדער סארט. און דערצו איז נאָך דאָס חתונה־האָבען מיט מאקסען ביי איהר געווען ווי א מין צוגעטראכטער שמייכעל, מיט וועלכען זי האָט זיך געגומען קוקען אויף ברוך׳ן און אויף אונז אלעמען.... איהר האָט זיך צוגע־קוקט צו איהר שמייכעל? — פאַראַן אזא וואסער־חיה׳לע, וואָס האָט זעהר א שוואַכען רוקען, גאָר א נישקשה׳דיגען מויל און הערנער, און דערפאר, אלע מאָל, ווען דאָס קומט אין בעריהרונג מיט די אנדערע, וועלכע זיינען שטארקער פאר דעם, האלט עס פאר זיי שטענדיג גרייט דעם מויל און די הערנער, און דרעהט זיך די גאַנצע צייט אזוי, אז מען זאָל חלילה ניט דערזעהן דעם שוואַכען רוקען...

פון דעסטוועגען האָט איהר, ווייזט אויס, נאָך פאַרט ליעב חנה׳ען!

— ווילט זיך ביילקען זאגען. אבער זי דערזעהט, אז זיי זיינען שוין נעבען איהר הויז — עס קאָן זיין, אז ביי איהר זיצט איצט לעווין — דערמאַהנט זיך, און זאָגט:

— אַט דאָ וואוין איך, אויפ׳ן צווייטען שטאָק, רעכטס.

בינעם קוקט זי אָן....

— גוד־ביי! — זאגט זי איהם, געבענדיג די האנד — קומט פון דעסטוועגען אמאָל ארויף צו מיר. אפשר....

אָבער בינעם האָט שוין מעהר ניט געהערט און איז אוועק....

ווען ביילקע איז ארויף, האָט זי ביי זיך געטראַפען לעוויג׳ען.

## קאַפּיטעל 10.

אין דער דאָזיגער נאַכט האָבען די איינוואוינער פון ניו יאָרק, זיך לעגענדיג אויף זייערע געלעגערס, דערפיהלט, אַז דער פראָסט קרעפטיגט זיך, קומט צו זיך אַלץ מעהר און מעהר, און אין־דער־פריה, ווען זיי האָבען זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין איבער דער שטאָדט געלעגען אַ ווייסער ווינטער.

— כאַ־כאַ! ווי גוט דאָס איז, ווי גוט דאָס איז! — האָט חנה אויס־געשריען גאַנץ פריה אויפשפּרינגענדיג פון בעט און דערזעהענדיג דורכ'ן פענסטער די ווייסע שטאָדט.

— זעהסט, מאַקס, ווי שעהן עס איז צוליעב מיר געוואָרען אין דרויסען. גאָט ווייס, אַז היינט געה איך צו דער אַרבייט, נעהמט ער און שפּרייט פאַר מיר אויס זיין וועלט אין ווייסען, און ווי זאָגט אונזער ברוך: זיי געבענשט מיין גאָט, זיי געבענשט!

— חנה, אפשר וואָלסטו נאָך היינט ניט געגאַנגען צו דער אַרבייט. פיליינט — — —

— אַ, הער מיר אויף דיינע נאַרישע שטיק! — זאָגט זי כלומר'שט אונגעדולדיג און נעהמט זיך אָנטהאָן — האָסט געהערט אַביסעל, איך וויל אַרבייטען, לאָזט ער מיך ניט. וואָס מיינסטו בין איך דיר? הערסט!

— איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט מיר גאָר מעהר איבעררעדען וועגען דעם. דו פערשטעהסט, מיר ווילט זיך פּשוט צוריק ווערען אַ מיידעל. שטעל זיך פאָר, ווי גוט דאָס איז. אין גאַס און אין שאַפּ איז מען אַ מיידעל און מען לעבט ווי אַ מיידעל און מען פיהלט ווי אַ מיידעל און אין דער היים האָט מען זיך אַ מאַן. אַזאַ גוטען, אַ וואוילען. דאָס איז דאָך אַ לעבעדיגע וועלט, מאַקס, ניט אמת?

מאַקס שמייכעלט, איהר צוליעב — — —

און חנה'ן פאַלט איין: וואָס איז דאָס! עפּעס איז זי, דאַכט זיך, היינט אין גאַנצען ברוך'יש געשטימט. רעדט, דאַכט זיך, אויף זיין אופן!... אָבער זי פערטרייבט דאָס באַלד.

— הערסט, וואָס מיר איז גאָר איינגעפאַלען, מאַקס? ווערליג די פענ־סטער זיינען פערפרוירען, איז ווייזט אויס אין דרויסען א גוטער פראָסט, און עס וואָלט געווען אַ יושר, מיר זאָלען היינט גאָר אריינכאַפּען אַ גליטש! (ווידער דאַכט זיך איהר אויס, אַז זי רעדט ווי ברוך...) און ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגען, דו וועסט זיך דאָך היינט זעהן מיט ברוך'ן, איז, מאַך מיט איהם, אז מיר זאָלען זיך היינט אבענד טרעפען אויפ'ן סקייטינג רינג אין פּארק. ער וואוינט דאָך ניט ווייט פון דאַרטען. און דו נעהם מיר ארויס מיינע „סקייטס", שאַרף זיי אָן און מאַך מיר, אַז זיי זאָלען גלאַנ־צען, ווי די שפּיגעלעך, ווייל, פערגעס ניט, אַז איך בין דאָך היינט אויפ'ן איז דיין מיידעל! — וועסטו זעהן, ווי מיר וועלען דאָס היינט אַ לעב טהאָן!

— נו, און אויפ'ן באַלל? ! — פרעגט מאַקס פערוואונדערט.

— עי, נאַר, ווער דאַרף דאָס האָבען דעם באַלל זייערען? ! זאָג ברוך'ן אז איך האָב דאָס ביי איהם געבעטען, הערסט? און דו זאָלסט מיר נאָר קיין נאַר ניט זיין.

מאַקס שמייכעלט אונטער, ווען ער בעגעגענט זיך מיט איהרע אויגען. זי אָבער זעהט די געמאַכטקייט פון דעם. זי נעהמט זיך פּרואווען פערשיע־דענע אנדערע מיטלען, אָבער עס געהט ניט... און שוין אן אנגעטהאָנענע צום ארויסגעהן, פאַלט זי פּלוצים אויף אַ פּלאַן: זי געהט ראַש צו צו איהם, כאַפּט איהם אָן פאַר די הענט און נעהמט כלומר'שט בייז פאָדערען:

— גיב אַ לאַך! גיב אַ לאַך!

מאַקס, וואָס האָט זיך געהאַט פון אנפאַנג דערשראָקען פון איהר פּלוצלינגען בייזען קעהר, דערהערענדיג, אז דאָס איז אין גאַנצען צוליעב אַ לאַך, האָט זיך טאַקע גאַנץ האַרציג צולאַכט.

— העכער, העכער! — האָט זי געגומען שרייען נערוועז, זיך דער־מאָהנענדיג, אז אויך דער איינפאַל איז ברוך'ס, ברוך'ס! — „וואָס וויל ער פון מיר האָבען? !" — איז איהר דורכגעפלויגען אין קאָפּ — וואָס האָט ער זיך דאָס מיט אַמאָל אריינגעזעצט אין מיין פלייש און בלוט? ! — —

און מאַקס לאַכט און לאַכט. און לאַכענדיג שרייט ער אויס, אַט דאָס איז איין אנפאַל פון אַ....

— מיידעל — כאַפּט זי אונטער.

— נו, גוט, זאָל זיין אַ מיידעל, זאָל זיין אַ מיידעל.
— נו, גיב מיר נאָך אַ קוש פאַר'ן אוועקגעהן.
— וואָס הייסט? איך וויל דאָך דיך בעגלייטען צום שאַפ.
— ניין, איך וועל געהן אליין, ווי אַ מיידעל.
— וואָס הייסט?... וואס.... אדרבא.... איך מיין....
— ניין, איך וועל געהן אליין.

## קאַפּיטעל 11.

פאַר ברוך'ן האָט זיך דער מאָרגען אנגעהויבען „עפּעס אזוי מאָדנע":

די לעצטע פּאָר נעכט איז ער וועניג געשלאָפען, און די נאכט פאַר דעם מאָרגען האָט ער בלויז פּאַרטאג געכאַפּט א דרעמעל. גאַנץ פריה האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און איז ארוים אינ'ם ווייסען דרויסען און דערזעהן, ווי עס ווארט אויף איהם א גרויסע גאָלדענע זון. ניט ווייט פון איהם אין פּאַרק ליגט אויפ'ן שנעע צוליינגט א גרויסע גאָלדענע זון און ווארט אויף איהם, ווי זי וואָלט זיינער א געטרייער הונט געווען. — און דאָס הארץ פאַרגעהט זיך אזש ביי איהם פון ליעבע און פרייד, און ער צושמייכעלט זיך ווי א דערוואקסענער פון א קינדערישען, חוצפּה'דיגען איינפאַל: — „די זון ווארט אויף איהם! און ווי זיינער א געטרייער הונט!" און דער פּאַרק, און די בערג, און די בוימער זיינען ערשט אויפ'ס ניי צוליעב איהם אויפגעוואקסען, אלע אין ווייסען, אלע אין ווייסען. זיי וואקסען נאָך, זיי צעוואַקסען זיך ערשט איצט פאַר זיינע בליקען, און אָט, וויפיעל ווייסע בערג, וויפיעל פערשנעעטע בוימער! ווי זיי שפּרייטען זיך און בויגען זיך. דער ווינט בלאָזט שטאַרק און פראָסטיג. און אויף א קליינעם ווייסען בערגעל ליגט זיין גרויסע גאָלדענע זון און ווארט, און שיקט צו איהם אראנזשגאָלדענע שאָטענס. די גאָלדענע שאָטענס ציהען זיך צו איהם ציטערדיג — צופריעדען איבער'ן צאַרט ווייסען שנעע און קושען זיינע פיס. — זיי געבענשט דו פרישער, זוניגער, ווינטער-פריהמאָרגען! זיי געבענשט!

ער לאָזט זיך געהן צו דער סטאַנציע פון דער אויבערשטער שטאָדט-באַהן, און דער שנעע שפּיעלט אוים אונטער זיינע פיס זיין יעדען טריט: טריט-טראָט, טריט-טראָט, טריט-טראָט! טריט-טראָט! און עס דאכט זיך נאָך, ווי פויגעל פּיסשען, ווי טויבען וואָרקען, פידלען שפּיעלען. און דער ווינד נעהמט ארום, האַלזט און גלעט, וואַשט און ווישט און קושט דאָס פּנים, די אויגען, די הענט. — זיי געבענשט! זיי געבענשט, פאַר פראָסט און ווינט, פאַר שלאָף און שנעע. —

ער איז אריין אינ'ם עלעווייטעד־באהן.

דער באהן — אַ קייט וואַגאָנען אָנגעשלאָסען איינער צום צווייטען — נעהמט זיך יאָגען אין דער הויך, אויף זיין אייזערנער בריק. די זון לויפט איהם נאָך פון צווישען די בוימער פון פּארק, שפּרינגט איבער די בערג, פערלויפט אָפּט אויפצופריהער... און עס זעהען זיך אונטער דער בריק פעלדער, הייזלעך מיט פערשנעעטע דעכער און זיין זון, זיין גרויסער גאָלדענער הונט שפּרינגט איהם נאָך. זי שפּרינגט און קאטשעט זיך איבער די ווייסע פעלדער, איבער די ווייסע דעכער — — — און אָט פאָהרט ער אריין אין די הויכע גאסען, וואס הויבען זיך נאָך מיט טויזענ־דער קעפּ העכער פון עלעווייטעד. ער פאָהרט צווישען גאסען, וואָס וואקסען אין הימעל אריין! — איהם נעהמט זיך דאכטען, אז ער פאהרט צווישען שטעדט, וואס הייגנען אין דער לופטען — — — און די גרויסע, לאנגע בריק איז ווייס פערשנעעט, און איבער איהר ציהען זיך לאנג און ווייט זעקס ריינע, אייזערנע פאסען, וואס בלאנקען אונטער דער זון אין גאָלד און אין זילבער. זיין באהן פאהרט אויף די מיטעלסטע צוויי און מיידט אויס די אנדערע באהנען, וואס טראגען זיך אָן פוןביידע זייטען. זיין באהן לויפט, ווי זי וואלט וועלען איינרייסען די וועלט, און די ווייסע בריק, דאכט זיך, נעהמט מיט שרעק לויפען אנטקעגען און שווינדט אונטער די רעדער. ער פאהרט פון צפון אויף דרום און אין דעם איי־גענעם וועג לויפט אויך, ניט ווייט, דער שטאָדטישער מזרח־טייך, וואס ווערט פערפראָרען בלויז ביי די ברעגען און אין מיטען איז ער, ווי עס וואָלט גאר קיין פראסטיגער ווינטער אויף דער וועלט ניט געווען. די זון און דער טייך פערשווינדען אלע מאָל. און אין די עקען פון די גאסען, וואָס שניידען איבער די שטאָדט פון מזרח אויף מערב, שפרינגען זיי ווידער ארויס. די זון זוכט אויף זיין פענסטער. שפּרינגט צו צו איהם און קושט איהם ליעב און דער טייך שמייכעלט דערביי ציטערדיג־פריש, ווי א גליקליך צופריעדענע מאַמע. און באלד פערשווינדען זיי ווידער. זיי בליי־בען ערגעץ אונטען, און ביי דער נעקסטער גאס שפרינגען זיי ווייטער ארויס און ער שמייכעלט זיי אנטקעגען: — מיין שעהנע זון, און דו, שעהנער, גאָלדענער טייך! און פון זיינע אויגען נעהמען זיך רייסען גאָל־דענע פויגעל — א פינטעל מיט די אויגען, און עס פליהען ארויס א פּאָר גאָלדענע פויגעל, און אָט נאָך א פּאָר און אָט נאָך א פּאָר. די וואגאנען

זיינען פול און פול מיט מענשען, און זיי אלע זיינען נאַר־וואס אויסגעשלאָ־פענע, און אלע זיינען זיינע ברידער און שוועסטער, זיינע זיהן און טעכ־טער — זיי שמייכלען אלע מיט זיין שמייכעל — און אויך פון זייערע אויגען רייסען זיך גאָלדענע פויגעל. גאָלדענע פויגעל פּילען אן די וואַגאָנען, שלאָגען זיך אָפּ און פלאַטערען אויף די פענסטער פון די מויערען, וועלכע לויפען פערביי די וואַגאָנען. גאָלדענע פויגלען פליהען אוועק, שפּרינגען אריין און באָדען זיך אין טייך. און ווי מאָדנע די מיידלעך האָבען זיך דאָס גענומען אָנטהאָן הייַנטיגען ווינטער! — ווינטער רעק מיט'ן פוטער ארוים! פון אמת'ען אדער נאכגעמאכטען פוטער. און עס זעהט אויס אזוי קינדעריש, ווי זיי וואָלטען גענומען דער מאמע'ס פוטער'ס זיי איבערגע־קעהרט אויף דער לינקער זייט און זיי אנגעטהאָן אויף זיך גלאַט אזוי, פון קאטאָוועס וועגען.... און היטלען האָבען זיי אנגעטהאָן אזעלכע מאָדנע — פון סאמעט און פוטער האָבען זיי אויפגענעהט אזעלכע הויכע, שפּיצינע קאָלפּאקען. מיידלעך זאָל זיך דאָס פּלוצלינג פערגלוסטען אנצוטהאָן קאָל־פּאקען! — — — און אונטען איז די גאנצע שטאָדט איבערגעפּלאכטען מיט פּארביגע ריהרעוודיגע מחנות. די גאנצע שטאָדט, דאכט זיך, געהט, די גאנצע שטאדט ריהרט זיך און געהט... און די מחנות זיינען מיט זון בעפּלעקט. — גאָטס ברכה אויף זייערע קעפּ, גאָט'ס ברכה.

נאָר ווען ער איז אראָפּ אין גאס און דערזעהן, ווי די מחנות בויגען זיך אריין אין דער ברייטער גאס און גיסען זיך דאָרט צונויף אין צוויי, נאָך ברייטערע, אונענדליך לאַנגע מחנות, וואס ציהען זיך אויףביידע זייטען פון דער גאס, און די אונענדליכע ריהרעוודיגקייט פון אָט די טונ־קעלע קליידער, ליכטיגע פּנים'ער און אָט די היט, די קאלפּאקעס, און די מאָדנע רעק מיט'ן פוטער ארוים, און צווישען די ביידע מחנות, די קארס, וואָס לויפען איבער דער לייגנ פון דער גאס, ארויף און אראָפּ, פול געפּאקט מיט מענשען און קלינגען, און טומלען, און רודערען; און די פוהרען: גע־זונטע, גרויסע פערד, די אנגעלאָדענע וועגען, וואס גליטשען זיך און קלאַפּען אין זייערע אנגעשמירטע רעדער, און די גרויסע, שווערע רעדער, וואָס קלאַפּען אן שטיין; און די פערפּוצטע גלעזערנע פענסטער, וואס שפּיעגלען אין זיך אריין אי די מחנות מענשען, אי די גרויסע פערד מיט זייערע אנגעלאָדענע וועגען, אי די „קארס“, און צושפּיעגלען אזוי די ברייטע גאס אויף ביידע זייטען און מאכען זי דורך דעם נאָך גרעסער,

ברייטער, אונענדליך ברייט און לאַנג, איז ברוך געבליבען שטעהן אַ פֿער־ווירטער, אין הארצען האָט געגומען בריהען אַ פייער, אַ בייז, אַ ביטער פייער: זאל ער בענשען, צו זאל ער שעלטען?

— ווענעס ארבייט איז דאָס? גאָט'ס צו דעם טייוועלס?

— און וויפיעל מענער בלאַסע, פערמאַטערטע? און וויפיעל מיידלעך דארע, פערעלטערטע?

און ערגעץ דארט, וואו די לאַנגע גאַס לאַזט זיך אראָפּ צום ים, שטעהט דער גרויסער ריעז געפּאַנצערט אין שטאָהל און אין אייזען, ווייט אויסגעוואַקסען איבער אלעמענס קעפּ און האלט אין זיינע גרויסע, אייזערנע הענט די לייצעס פון אָט די אלע מענשען און טרייבט און שרייט: מיינע פערד! מיינע פערד!

אונגליקליכע! אין גאָט, וואָס קאָן זיין גוט ווי אַ גאָט און בייז ווי אַ גאָט, האָט איהר זיך שוין באַלד פערגעסען. אי איהר, אי די בעלי־בתים אייערע, איז ביי ועמען וועט איהר מאַנען אייערע אלע טענות?

— — — ביי אָט דעם ריעז פון שטאָהל און אייזען? אונגליקליכע, פער־שאָלטענע! ווער וועט לעשען אייערע פייערען? ווער וועט היילען אייערע וואונדען?

— הי! גאָט מיינער! ווי אַ מענש פערטראַכט זיך דאָס אביסעל! אָט דאָס הייסט אַ דיכטער! אוי, ווען איהר וואָלט נאָר ניט געווען אזא שלעכטער — זענט איהר דאָך זעהר אַן אריגינעלער מענש, אויף מיין וואָרט.

ברוך קוקט זיך אום און דערזעהט נעבען זיך ביילקען:

— אַ גוטען מאָרגען, ביילקע!

— הערסט, ער האָט זיך ערשט דערמאָנט צו ענטפערען!

ברוך קוקט אויף איהר אַ שולדיגער.

— אָבער ווען איהר וואָלט נאָר ניט געווען אזא שלעכטער מענש, ווי איהר זייט — — — איך וואָלט דאָך געפאַלען צו אייערע קניע, איך וואָלט געקושט אייערע פיס.

געזאָגט האָט זי די ווערטער מיט אַ שפּאַסיגען טאָן. און האָט גע־מיינט, אז עס וועט אוועקגעהן פאַר אַ שפּאַס, האָט זי זיך אבער בעגעגענט מיט זיינע אויגען און איז רויט געוואָרען.....

— איז מיט וואָס בין איך דאָס טאַקע אזא שלעכטער?

— פאַר וואָס לאָזט איהר אונז ניט לעבען? וואָס ווילט איהר פון אונז האָבען? וואָס ווילט איהר האָבען? — — —

— איהר זייט דאָך אַ קלוגע מיידעל, איז פאַר וואָס ערגערט איהר זיך אַזוי פון מיין ניט לאָזען אייך „לעבען"?

ביילקע שווייגט און ברוך רעדט ווייטער:

אפשר דערפאַר, ווייל איהר אַליין זייט אינווענייג אין זיך ניט גאַר צופריעדען?... איהר פערשטעהט, איך רעכען, אַז יעדער מענש וויל זעהן זיין אייגענע געשטאַלט וואָס ריינער, און עס איז נויטיג פאַר יעדען מענשען צו פיהלען די רגע פאַר אַט דעם „לעבען" אייערען און נאָך דעם, כּמעט אפילו גאָר אונבעוואוסט, אַז עפּעס טהוט ער אַ זאַך, וואָס איז גרויס און לויטער.... שטעלט זיך פאַר — אַ מענש עסט, איז דען עסען־לעבען? ניין, עסען איז אַ מיטעל אויף צו לעבען.

ביילקע מאַכט זיך ניט וויסענדיג און פרעגט:

— וואָס הייסט?

ברוך קוקט זי אָן, ווערט אַביסעל בייז, כּמעט ער שמייכעלט, און זאָגט:

— ווען איהר עסט, איז דען עסען לעבען? איז דען דאָס עסען דער זין פון לעבען? וואָלט איהר וועלען מען זאָל אויף אייך זאָגען: איהר לעבט אויף דער וועלט, כּדי איהר זאָלט עסען? — ניין; ווייל עסען איז בלויז אַ מיטעל אויף צו לעבען. און דאָס וואָס איז אַ מיטעל טאָר ניט און קאָן ניט געמאַכט ווערען פאַר אַ צוועק. און וואָס איז דער מענש, וואָס לעבט זיינע טעג אין פּוסטע ליידענשאַפט אָהן אַ שום רעליגיעזען געפיהל, אָהן אַ שום צוועק?

— גוואַלד, וואָס פאַר אַ שלעכטער מענש איהר זייט! ווי איהר ווילט פון גאַר ניט וויסען, ווי איהר ווילט זיך מיט גאַרניט רעכענען. זעהט איהר דען ניט, אַז די אומשטענדען זיינען אַזעלכע, אַז מען קאָן ניט.

— אַז מען קאָן ניט — רייסט איהר ברוך איבער — לעבט מען ווי אַ ריינע, אידישע טאָכטער.

— כאַ־כאַ, — צולאַכט זיך ביילקע — „ווי אַ ריינע אידישע טאָכטער". איהר זייט דאָך נאָך אַ קינד, אויף מיין וואָרט. זעהט איהר דען ניט, ווי עס זעהען אויס די פערזעסענע מוידען, וואָס האָבען אָפּגעלעבט זייערע יאָהרען ווי ריינע אידישע טעכטער? דערשרעקט איהר זיך ניט פאַר

זייערע גרויע האָר, פאַר זייער צונויפגעפּרעסטע ליפּען, פאַר זייערע אויגען און פאַר זייער פערגעלטע און פערטריקענטע לייבער?

— דאָס איז דערפאַר, מיין פריינד, ווייל זיי האָבען דאָס געטהאָן אַלס אַן אָפּקומעניש, און ניט דערפאַר, ווייל עס איז שעהן, ווייל עס איז אַן אידעאַל, און ווייל מען קאַן מיט מעהר שטאָלץ קוקען אויף דער וועלט, ווען מען איז אונשולדיג, ריין, ווי ווען מען איז פערשמירט אין זינד. און דאָס וואָס איהר זאָגט: אומשטענדען, יאָ, — די אומשטענדען דאָ אין שטאָדט זיינען זעהר שלעכטע, און דערפאַר שריי איך דאָך ראַטעוועט זיך, ראַטעוועט זיך פון אָט דעם פייער, וואָס וויל אייך פערלענדען.

— נו, פרעג איך אייך, איהר ווילט, אַז איך זאָל ווערען אַ פאַרמערקע, איך זאָל מיט אָט די הענט זיך נעהמען גראָבען ערד? — און דערביי שטרעקט זי איהם אויס איהר הענטעל מיט די לענגליכע ראָזעווע פינגער, און זי טראָגט איהם די האַנד גלייך צום מויל — — —

ברוך שמייכעלט:

— ווי ווענינ איהר פערשטעהט נאָך אַלץ, ווי ווענינ איהר ווייסט, און ווי פערלוירען איהר זייט.

— נו, נו, זייט ניט אין כעס אויף מיר. זאָגט מיר בעסער, מען מעג דאָך אייך נעהמען אונטער'ן האַנד?

— נו, געוויס מעג מען, פאַר וואָס דען ניט?

זי לעגט אריין איהר האַנד אין זיינער, און געהט מיט איהם אַזוי אַ ווײלע, און עס פאַלט איהר איין צו פרעגען:

— איך האָב געהערט, אַז איהר האָט פיינט מיידלעך וואָס פודערען זיך און וואָס קייען „טשואינג־גאַם", און אַז פאַרפומירען האָט איהר דוקא זעהר ליעב?

— איהר פודערט זיך דען?

— זעהר זעלטען.

אין אַ ווײלע אַרום הויבט זי אויף איהרע אויגען אַרויף צו איהם.

— ס'אַראַ מאָדנער מענש איהר זייט! מיין קאָפּ גרייכט דאָך אפילו ניט ביז אייערע אַקסלען. און ס'אַרא מאָדנע האַנד ביי אייך! זאָגט מיר, פיהלט איהר מיין האַנד? — — — איך מיין — — — מיין האַנד איז דאָך אַזאַ ווארעמע? — — —

— וואָס מאַכט איהר זיך נאַרעש ווי אַ קינד, זעהט איהר דען ניט,

אַז איך געה אין אַ גראָבען ווינטער ראָק.... און דערצו גיט נאָר אַ קוק, ווי די לאַנגע גאַס מיט די מענשען לאָזט זיך דאָס דאַרטען באַרג אַראָפּ און אַרויף. זעהט דאָס דען ניט אויס ווי צוויי פאַנטאַסטישע בוימער, וועמעס צווייגען עס גיסען זיך צונויף אין טהאָל, ציהען זיך ביז אונז און נאָך ווייטער פון אונז, וועמעס צווייגען עס ציהען זיך אויך אין אַלע גאַסען, ס'אַרא מאָדנע בוימער, ס'אַרא מאָדנע בליהונג! ס'אַרא מאָדנע שפּיעל פון פּנים'ער און קליידער. און פאַר וועמען איז אָט דאָס שפּיעל, אויב ניט פאַר'ן טייוועל? אונטער די פיס ביי זיי איז דאָך שוין לאַנג קיין שנעע ניטאָ, צו ווייסען זיי פון ווייסער צאַרטקייט, צו ווייסען זיי, אַז אונ־טערן שטאָדט שטעהען איצט ווייסע פעלדער, ווייסע בערג מיט ווייסע פער־שנעעטע בוימער, וועלכע הויבען זייערע צווייגען צום הימעל? און וויפיעל פון זיי וועלען נאָך פיליכט היינט פערברענט ווערען? און ווער זאָל דער־רויף אויפפּאַסען, די בעאַמטע? אָדער יעדער איינער פון זיי ווייס דאָך, אַז אויב ניט ער, וועט אַן אַנדערער צונעהמען דעם כאַבאַר. — און ווייסט איהר ניט פאַר וואָס אַזאַ מיידעל ווי איהר, וואָס איז אין „דער היים" מן הסתם, ווי אַנדערע אַזעלכע מיידלעך, געווען אַן איבערגעבענע רעוואָלו־ציאָנערקע, פון וועמעס אויגען עס האָט געלויכטען אַ הייליג פייער, פאַר וואָס איהר האָט זיך דאָס דאָ מיט אַמאָל געגומען צו „לעבען"? איז דאָס אַפשר ניט דערפאַר, ווייל אויך איהר האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז דאָס שפּיעל איז דאָ פאַר'ן טייוועל? פאַר'ן טייוועל, וואָס איז געפּאַנצערט אין שטאָהל און אין אייזען?

— אַזוי, אַזוי דרעהט איהר זיך דאָס אַרויס פון מיין שאלה. — שרייט ביילקע אויס. — כאַ־כאַ — און עפּעס אַזוי פּלוצלונג רייסט זי אַרויס איהר האַנד פון זיינער און גיט זיך אַ שטעל פאַר איהם:

— זאָגט מיר נאָר, וואָלט איהר ניט געהאַט קיין חשק מיך אויפצוע־עסען אין גאַנצען?! אָט איך וואָלט זיך פאַר אייך אויסגעטהאָן אַ נאַ־קעטע, אָט גלייך איצט, אין מיטען גאַס? — — —

— איהר וואָלט זיך דאָך חלילה פערקיהלען, זאָגט ברוך זיך בע־הערשענדיג.

— ס'אַרא גוטער איהר זייט! און איהם נעהמענדיג צוריק אונטער'ן אָרעם זאָגט זי — ניט אמת, איך בין עפּעס אַזאַ מאָדנע? — מען קאָן זיך נאָך פאַר מיר איבערשרעקען?

נו, געווים! עפּעס א קליינינקייט! — זאגט ברוך סאַרקאַסטיש, זי אויסמעסטענדיג מיט די אויגען. — אבער ווי, איהר האָט נאָך ווייט צו געהן?

— איהר ווילט שוין פון מיר פּטור ווערען? — — — — —

נו, נאַרישקייטען! איך דאַרף נאָך באַלד זיין ביי מאַקס'ען. ער וואַרט געווים אויף מיר. איך דאַרף מיט איהם אין א בעשטימטער צייט צוגעהן אויף א פּלאַטץ, טאָמער וועט זיך פּיליכט דאָרטען עפּעס מאַכען.

— איהר ווייסט? חנה געהט דאָך שוין היינט צו דער ארבייט?

— יאָ? — וואוהין? טאַקע אין דעם זעלבען שאַפּ וואו איהר אַר־ביים?

— ניין, זי האָט דוקא געוואָלט אזא שאַפּ, וואו קיינער קען זי ניט. שאַט! אָט געהט זי דאָך!

ברוך האָט דערפּיהלט, ווי אין זיין הארצען וואָלט עמיצער שאַרף א ציה געטהאָן עטליכע אָנגעצויגענע פעדעם — — — יא, יא, אָט לויפט זי — — —

— חנה איז טאַקע כמעט ווי געלאָפען: זי האָט קיין צייט ניט. זי האָט זעהר קיין צייט ניט.

— וואָס כאַפּט איהר אזוי? ס'איז נאָך פריה — זאָגט ביילקע.

— ניין, ביי אונז הויבט זיך דאָך אָן פריהער. און איהר, ברוך, זעהט זיך היינט מיט מאַקס'ען, ער האָט אייך עפּעס צו דערצעהלען.

— וואָס איז?

— זעהר א וויכטיגע זאַך — — —

— קאָנט איהר דאָך מיר איצט גלייך זאגען — זאגט ברוך, וועלכער דערקענט, אז די „וויכטיגקייט" איז א געמאַכטע.

— ניין, — זאגט זי בלאָס, שמייכלענדיג — איהר מוזט זיך מיט איהם אליין זעהן — און זי מיידט דערביי אוים צו קוקען אויף ביילקען — — —

— וואָס, איהר זייט ברוגז אויף ביילקען? — האָט ברוך בדעה צו מאַכען שפּאַס, נאָר ער דערמאַנט זיך, אז חנה וועט דאָך געווים גלייך רויט ווערען, און ער פרעגט:

הייסט דאָס א סוד?

אָבער חנה איז גראָד דערפון ערשט רעכט רויט געוואָרען. די ליפּען

האָבען זיך שטיל צובויגען. עס האָט געזאָלט זיין א שמייכעל — — — עס האָט זיך בעוויעזען א שמאָל פּאַסיקעל איבער איהרע ווייסע, נערוועז־ווייסע ציינער. זי האָט זיך אָבער קלוג א דרעה געטהאָן און אָפּגעזאָגט:

— עי געהט..... איך האָב קיין צייט ניט. גוד־באַי!

— אוי, וואָס פאַר שלעכטער מענש איהר זייט, ווי אַלע ווערען דאָס לעבען אייך רוים, מען קען דאָך נעבען אייך משוגע ווערען! גאָט מיינער! וואָס ווילט איהר האָבען?

---

ווען ברוך איז אריין אין די קלענערע אידישע גאַסען, האָט ער נאָך דאָרטען געטראָפען שנעע, און אויפ'ן שנעע — גרעסערע און קלענערע קור־פּעס מיסט און פּעסלאָך מיט מיסט און אַש. קינדער מיט ביכער אונטער די הענט האָבען זיך געאיילט אין „סקול". און ערגעץ איז א אינגעלע, פון היימליכקייט וועגען, איבערגעשפּרונגען איבער א קופּע מיסט, און גלייך נאָך דעם, איבער נאָך איינער. און אָט האָט א הוליע געטהאָן דער ווינד און זיך גענומען צוטראָגען די קופּעס איבער דער גאַנצער גאַס. די אַשעס האָ־בען זיך גענומען טראָגען אין דער לופט, איין פּעסעל איז געשטאַנען אזוי שלעכט, אז עס האָט זיך א דרעה געטהאָן א פּאָר מאָל און גלייך א פאַל געטהאָן, ארויסוואַרפענדיג די אַשעס. דער ווינד האָט זיי אויפגעכאַפּט און האָט זיי פאַנאַנדערגעבלאָזען איבער דער לאַנגער גאַס צוזאַמען מיט די שטיקלעך שמוציגע פּאַפּיר, וואָס ער האָט אויסגעריסען פון די קופּעס.

— און אָט דאָ וואוינען מענשען! — טראַכט ברוך מיט גאַל — און אָט דאָ וואוינען מענשען, און שפּייען זיך ניט איינער דעם צווייטען אין פּנים אריין! כאַ־כאַ, וואו זיינען מיר דאָס? אויף וואָס פאַר א וועלט?

און אָט שפּאַרט א אידעל מיט א אידישער באָרד א פּושקאַרט. דער ווינט רייסט זיין באָרד און די קינדער צולאַכען זיך הילכיג: „לוק עט דהאַט שיני, לוק עט דהאַט שיני!" — און אָט העלפט נאָך גאָט, אז דער ווינד רייסט אראָפּ דעם אידענ'ס היטעל. די קינדער צולאַכען זיך נאָך הילכיגער. דער איד שטעלט אַוועק דעם פּושקאַרט און לאָזט זיך לויפען נאָך דעם היטעל. איינער א „סמאַרטער" אינגעלע פערלויפט אויפצופריהער כאַפּט אויף די היטעל און וואַרט, און ווען דער איד קומט צו, בעהאַלט דער אינגעלע די היטעל אויף הינטען און נעהמט פאַר איהם טאַנצען און

רייסט איהם פאר'ן באָרד און רייצט איהם און שרייט: „שיני־וויסקי, שיני־וויסקי".

— ווארט, ווארט די לויפער, איך וועל דערצעהלען דיין מאמען, — נעהמט דער איד שרייען, ציהענדיג זיך צו דעם היטעל.

— „שאַט־אַפּ" — שרייט אוים דער אינגעל און גיט א שליידער דאָס היטעל פון זיך. אן אנדער בויטשיקעל לויפט צו. ער וויל אויך הנאה האָבען פון דער שמחה, אבער דער איד האָט שוין אין צייט אונטערגעכאַפּט די היטעל און זיך גלייך געלאזט צו זיין „פושקארט", שעלטענדיג אמעריקא און די אידישע „ממזרים" און די וויסטע פרנסות...

— נישקשה, נישקשה! — שמייכעלט ברוך — דעם אינגעל'ס טאטע, קאָן זיין, טהוט אָן יעדען שבת טלית און תפילין, ווייל ער וויל, אז זיין קינד זאל וויסען, אז ער בעלאנגט צו א „סווירט'ן ניישאָן"......

## קאפיטעל 13.

דעם גאנצען טאג איז ברוך געווען זעהר נערוועז, און מיט וועמען ער האָט זיך נאָך דעם בעגעגענט, האָט ער געמוזט ענטפערען אַ תירוץ, אז ער האָט זיך די לעצטע עטליכע נעכט ניט אויסגעשלאָפען. און ערשט פארנאכט, ווען ער איז געקומען צו זיך אהיים, האָט זיך זיין אונרוהיגקייט גענומען איינשטילען. וואס נעהענטער עס איז געוואָרען צו נאכט האָט דער פראָסט גענומען ווערען אַלץ שטארקער און פרישער, און ווען די נאכט איז צוגעפאלען, איז ברוך שוין געווען אויף אזוי ווייט אַן „אנדערער", אז ארויסקוקענדיג פונ'ם פענסטער, האָט ער גענומען טראכ־טען, אז די וועלט איז אַ לעגענדע, און אז איצטער, אין דער נאכט, איז זי אַ ווינטער נאכט לעגענדע. און אין קאָפּ האָבען זיך גענומען דרעהען גע־דאנקען און בילדער וועגען „זיידען פראָסט" און דעם פעטער שניייער, ווי אָט דער גרויסער ריעז־פראָסט מיידט אויס, דעם בלאַסען פעטער שנייער, מיידט אויס זיינע בליקען, און דער פעטער שנייער קוקט טאָקע עפּעס אזוי מאָדנע, גלייכגילטיג, מיט בליקען פון ווייטע, אפענע פעלדער, און טאָמער בעגעגענט זיך מיט איהם דער שטארקער פראָסט, לאָזט ער אָפּ הענט און פיס — — — און ווי מאָדנע דער היינטיגער טאג האָט זיך אָנגעהויבען! — אויף יעדער גאס אַן אנדער זון, אויף יעדער גאס אַ נייע זון! און אַט זיינען איצט נעבען איהם אלע זונען! וויל ער — נעהמט ער זיי צונויף, נעהמט זיי צונויף אין זיינע הענט, אויף זיין ברוסט, און געהט מיט זיי ארויף איצט, אין דער נאכט, אויף אַ הויכען ווייסען בארג, און ווייזט זיך פאר די מענשען — אַ ריעז מיט אזוי פיעל רויטע און גאָלדענע זונען אין זיינע הענט — — —

יאָ, אַ שעהנער מארגען איז געווען דער היינטיגער! און וואס עס איז געווען נאָכדעם, דאס היפּט ער איבער, דאָס וויל ער ניט געדענקען. און ער גיט זיך איבער צו בילדער, וואס וועבען זיך פאר איהם פון נאָהענט און פון ווייט, און פון הארצען שטייגען דערביי טענער, אזעלכע געזונטע און

ליעבע, גוטע, געטרייע און צופריעדען־פערבייגקטע. עס קומט אריין דער בעל־הבית׳טעס הונד. אָבער ברוך, א פערוואבטער, א פערזונגענער ריהרט זיך ניט פון ארט. דער ווייסער הונד געהט צו, קוקט איהם אָן. שמעקט זיינע טריט איין מאל און נאָך אמאָל, און ער לעגט זיך אוועק לעבען זיינע פיס.

און נאכדעם, אז ברוך האָט זיך אנגעטהאָן, האָט גענומען זיינע גליטשערס, און איז ארויס — האָט איהם בעגעגענט א בלויע, פרישע ווינ־טער־נאכט, א ווייסע ווייט, וואס האָט זיך געצויגען אויף מיילען און מיילען, איבער בערג און בערג און האָט אריינגעשטראהלט אין דער בלויער נאכט. — — —

און די נאכט האָט זיך געהויבען שטיל און זיכער ביז צום ווייטען הימעל און האָט זיך צו איהם געצויגען און געפרעסט, און דער הימעל האָט זיך איבער איהר געשפרייט ווי א פערשטערנטער בלויער ים.

און דער פראָסט האָט געוועלטיגט אין דער נאכטס בלויער לופט, האָט פערכאפּט דעם אטהעם און געמאכט פידלען דעם שנעע אונטער די פיס. און האָט געשטארקט די אדערען, האָט אנגעצויגען די מוסקולען, געקרעפ־טיגט דאָס בלוט, און געמאכט פיהלען פראסטיג, ברענענדיג.

בערג ווייסע, מיט בוימער נאקעטע, פערשנעעטע האָבען זיך געהויבען דאָ און דארט, שטילע, לעבעדיגע און האָבען זיך צופריעדען גע׳חבר׳ט מיט דער קרעפטיגער, טיעפער בלויקייט, וואס ארום זיי און וואס איבער זיי: —

— זיי געגריסט די קרעפטיגע, בלויע ווינטער־נאכט! זיי געגריסט!

און דער שטארקער ריעז, דער זיידע־פראָסט, קלאפּט דערפאר אָפּ דעם ערשטען גרעסטען בארג אין פּלייצע:

— וואויל, וואויל, מיין קינד! — וואויל, און שפּאנט ווייטער.

## קאַפּיטעל 14.

ביילקע איז געגאַנגען אהיים פון דער ארבייט א שמייכלענדיגע, א טאַנצענדיגע. זי האָט אַלץ געטראכט, ווי זי וועט זיך אנטהאָן, ווי זי וועט זיך פּערקאמען, ווי זי וועט דאס היינט אויסזעהן אויפ'ן באָל, און זי האָט פון זיך הנאה געהאט, און איהרע אקסלען האָבען זיך פון מאָל צו מאל אויפגעהויבען, זיך צונויפגעצויגען, ווי זי וואלט זיך געפיהלט ארומגענומען פון הנאה.

זי נעהמט פאר זיך זעהן דעם באלל. די טענץ, די בעקאנטע און אונ־בעקאנטע פּנים'ער.... עס פערשטעהט זיך, אז ברוך וועט דארטען אויך זיין. און גוט וואס זי האָט איהם אין דער פריה גאר ניט געזאגט וועגען באָלל. ווי ער וועט דאס איבערראשט ווערען!... און ווי, אז ער וועט דארטען ניט זיין? ער וועט שוין דארטען געוויס יאָ זיין — בעשליסט זי מיט א שמייכעל אויף איהרע פולע, רויטע ליפּען און מיט א צופריעדענעם גלאַנץ אין די אויגען. און חנה האָט דאָך נעכטען אויך געזאָגט, אז ער וועט זיין.

אָט דאָס איז אביסעל א מאָדנער בחור — טראכט זי ווייטער וועגען ברוך'ן. האסט געזעהן, א מענש זאל זיך דאס ביי איצטיגער צייט נעהמען רעדען וועגען גאט! און טאקע גאר ווי פון טייטש־חומש ארויס! און מעשה'לעך שרייבט ער, אז עס קומט איהם פאר זיי אויסקושען יעדען אבר! און ער איז דאָך אזא גרויסער, אזא שווערער, און פונדעסטוועגען, ווען דו געהסט נעבען איהם, פיהלסטו, ווי איהם אָנצוכאַפּען פאר'ן פאָלע. דיר דאכט זיך אלע מאָל אוים, אז אָט העבט ער זיך אויף און פליהט אוועק פון דיר. איהר פּנים צושמייכעלט זיך נאָך פרישער. — מען דארף דאָס איהם טאקע אזוי זאגען: „איהר ווייסט ברוך, איהר זייט דאָך עפּעס אזא מאָדנער, ווען מען געהט מיט אייך, פיהלט מען, ווי אנצוכאפּען אייך פאר'ן פאלע. עס דאכט זיך אלע מאל אוים, אז האָט העבט איהר זיך אויף און פליהט אוועק". — קאָן זיין, אז בינעם איז גערעכט, טראכט זי ווייטער,

זיך דערמאָהנענדיג, וואָס בינעם האָט איהר אַמאָל געזאָגט וועגען ברוך'ן: אז די אלע מעשיות וועגען גאָט האָט דאָס ברוך בלויז פאַר'ן פשוט'ען עולם, און פאַר זיך האָט ער עפּעס אַ מין „רוינ“, „ווייטקייט“ און „פייער, פייער!“ — אָ, ווייסט זיי ביידען דער גוטער יאָהר!

פונדעסטעוועגען, אויגען האָבען זיי ביידע שעהנע, אי ברוך אי בינעם, עפּעס אזעלכע קינדערשע. זיי וואָלטען זיך נאָך ביידע געמעגט שפּילען אין זאַמד — — — און וואָסער אַ פראָסט עס איז היינט! — גיט זי אַ טראַכט, זיך אומקוקענדיג, ווי עס פריהרט דער וואַרעמער אַטהעם, וואָס שפּאַרט זיך ארויס פון איהר נאָז, פון איהר מויל, און זי דערפיהלט זיך גוט און וואַרעם אין ווינטער־ראָק.

פאַר איהר און אונטער איהר ציהען זיך מענשען אהין און אהער און אַהין אָן אַ סוף. די בעלויכטענע קאַרס, וואָס לויפען ארויף און אראָפּ איבער די לאַנגע גאַסען, זיינען ערטערווייז פערשאָטען מיט שנעע. דער עלעוויי־טאָר, זיינע בעלויכטענע וואַגאָנען, וואָס זיינען געשלאָסען איינער אן אנ־דערען, טראָגען זיך אויף די אייזערנע בריקען, איבער אלעמענס קעפּ, ווי גרויסע, זשיפּענדע שלאַנגען, וואָס זיינען פערקאַוועט אין שטאָל און אין אייזען — — — די גרויסע פערפּוצטע פענסטער זיינען פול מיט ליכט און גיסען זייער ליכט אויף די כוואַליענדע מענשען־מחנות, וואָס טראָגען זיך און טראָגען זיך פאַרביי; און די מענשען־מחנות ווערען אָבגעגאָסען מיט ליכט; און די מענשען־כוואַליעס ווערען פערשפּיגעלט און פער־פלעקט מיט ליכט.

ביילקע שטעלט זיך אָפּ נעבען איינעם פון די פערפּוצטע פענסטער. זי שטעלט זיך אָפּ און פערקוקט זיך אויף אַ בלוי זיידען העמד, וואָס איז שעהן פּאַנאַנדערגעשפּרייט צווישען אנדערע שעהנע פרויענזאַכען. זי קוקט אויף דאָס בלויע העמד און דערמאָנט זיך מיט אַ שמייכעל אין ברוך'ס ליעבע צו בלוי... און אָט דערזעהט זי נאָך אַן אנדער, אַ געל־ווייס מיט בלויע פּאַסען ארום ברעג, — „זי זעהט אין גאַנצען אויס ווי אַ אידי־שער טלית“ — פאַלט איהר איין. — אָי, אויף מיין וואָרט, ער וואָלט דאָך פאַר איהר משוגע געוואָרען.

און ביילקע איז אריין אין קראָם און געקויפט דאָס העמד. און ווען זי איז געקומען אַהיים מיט דעם פערפּאַקטען העמד אונטער'ן אָרעם,

האָט זי געהאַט אַ געפיהל, ווי זי וואָלט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ טייערען אוצר.

די מיסעס האָט פאַר איהר געעפענט די טהיר, געענטפערט אויף איהר גוט אבענד און זיך פערוואונדערט:

— וואָס, איהר האָט דאָ קיינעם ניט בעגעגענט?!

— ניין.

— דאָ האָט דאָך עמיצער געוואַרט אויף אייך, און ער איז נאָר וואָס אַרויסגעגאַנגען.

ביילקע איז געבליעבען שטעהן אַ פערוואונדערטע. זי האָט זיך דער־מאָנט, איהר האָט זיך געכומען דאַכטען, עמיצער האָט זי בעגעגענט אויף די טרעפּ, און האָט זיך ווי אַ שאָטען צוגעפּרעסט צו דער וואַנט, ווען זי איז פאַרבייגעגאַנגען.

ווי האָט ער אויסגעזעהן? — פרעגט ביילקע ביי דער מיסעס אַ פערוואונדערטע, כאָטש זי האָט שוין ביי זיך אין דער מינוט אפּגעמאַכט, אַז דאָס איז געווען בינעם.

— אזא בלאָסער, מיט רויטע ליפּען, און אזוי הויך — זאָגט די מי־סעס, אויפהויבענדיג איהר האַנד, אביסעל העכער פון איהר אייגענעם קאָפּ — אָבער ס'איז גאַרניט — בערוהיגט זי די מיסעס, — ער האָט געזאָגט, ער וועט דאָ באַלד זיין נאָכאַמאָל.

ביילקע איז אריין אין איהר צימערעל, אראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם ווינטער־מאַנטעל און אנגעצונדען פייער. אויפ'ן טיש איז געלעגען אַ צעטעלע:

„איך בין דאָ ערשט געווען. איך וועל דאָ באַלד ווידער זיין. איהר געהט דאָך געוויס צום באַלל“.

בינעם.

ביילקע האָט דאָס איבערגעלעזען און האָט זיך צולאַכט.

— איהר געהט באַלד עסען, בעלא? — פרעגט זי די מיסעס.

— יאָ, איך וועל נאָר נעהמען אַ וואַנע.

— איהר וועט פריהער נעהמען די וואַנע?

— יאָ.

— וואָס איז, איהר געהט היינט ערגעץ?

— יאָ. היינט איז דאָך דער ציוניסטישער באַלל.

— אזוי, — ציהט אוים די מיסעס מיט א שמייכעל, אפּגעהענדיג פון דער טיר.

ביילקע האָט צופּאַקט און פון דאס ניי גענומען בעטראַכטען איהר איינגעהאַנדעלט ניידען העמד. דאָס העמד איז איהר נאָכאַמאָל זעהר געפעלען געוואָרען. און איצט האָט זי אויסגעדריקט איהר צופריעדענהייט דערמיט, וואס זי האָט פערשפּרייט דאָס העמד אויפ׳ן בעט און זיך גענומען אויף איהם שפּריצען פּאַרפומען.

נאָכדעם איז ביילקע אריין אין באַד צימער, פון דאָס ניי אויסגעוואַשען די מילך־ווייסע וואַנע און אָפּגעדרעהט ביידע קראַנען. דאָס וואַסער האָט מיט א פּאַטשעריי גענומען פאַלען אין דער וואַנע אריין. דאָס צימער איז באַלד געוואָרען פול מיט וואַסער־גערויש, און וואָס ווייטער איז דער גערויש געוואָרען אלץ שווערער און טיעפער. זי האָט זיך אויף שנעל גענומען אויסטהאָן, און נאָך איידער אין וואַנע איז געווען גענוג וואַסער איז זי שוין געשטאַנען אין גאַנצען אן אויסגעטאָנענע אינ׳ם ליכטיגען צימער. די פאַרע האָט זיך אין ווייסע, וואַרעמע וואָלקענדליך גענומען הויבען פון דער וואַנע, זיך שפּרייטען איבער׳ן צימער. און זי, א וואַרעמע, א ראָזעווע, מיט א שוואַרצען געקרויזטען קאָפּ איז ארומגענומען געוואָרען פון ווייסע וואָלקענלעך.

א ווײַלע איז זי אזוי געשטאַנען, ביז זי האָט זיך מיט א שמייכעל דערמאָנט, אז זי זעהט שוין מן הסתם באַלד אוים, ווי איינע פון ברוך׳ם זונען־טעכטער, וועלכע בעווייזען זיך ביי איהם אויפ׳ן הימעל נאָכ׳ן רעגען, האָט זי זיך געכאַפּט און אין גאַנצען פערדרעהט דעם הייסען קראַן. די ווייסע פאַרע האָט באַלד אויפגעהערט שלאָגען. זי האָט דערוויל גענומען און מיט האָרנאַדלען זיך העכער ארויף פערשטעקט איהרע געקרויזטע, שוואַרצע האָר. און אז זי איז אריין מיט די פיס אין וואַסער, איז א גרויל אריבער איהר לייב, און זי איז געבליעבען שטעהן אן אויסגעצויגענע. דאָס וואַסער איז געווען אביסעל צו קאַלט. די קראַנען זיינען שוין געווען פערדרעהט. אין באָד־צימער איז געווען ליכטיג און שטיל, נאָר אָט האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פונ׳ם גלעקעל ביי דער אריינגאַנג־טיר. די טיר האָט זיך געעפענט און עס האָט זיך דערהערט אי בינעם׳ס אי לעווין׳ס שטימען, האָט זי נאָך א ציטער געטהאָן און גלייך דערויף אויך א שמייכעל געטהאָן און זיך מיט אמאָל אראָפּגעלאָזט און זיך אויסגעצויגען אין וואַסער.

# קאַפּיטעל 15.

נידריגער, צווישען די בערג, אויפ'ן אייז־ראַנד, גליטשען זיך שוין חברה, פּרישע, יונגע, וואַרפען זיך איבער מיט ווערטער, טומלען, לויפען, שוועבען איבער'ן אייז. און עס קומען נאָך אָן אַלץ נייע און נייע, זעצען זיך צו אויף די בענק, וואָס אַרום ברעג, און טהוען אויף גיך אָן די שטאָלענע גליטשערס, און וואַרפען זיך אויפ'ן אייז. און אז מען גליטשט זיך דורך דעם ערשטען ראַנד, ווערט מיט אמאָל וואַרעם — וואַרפט מען פון זיך אַראָב די אויבערשטע ווינטער־קליידער און מען דערפיהלט מיט אמאָל אזוי לייכט. אזוי פערגעניגענדיג גרינג, כאטש פליה! לאזט מען זיך פליהען איבער'ן אייז, אויף די גוט געשאַרפטע, בלאַנקע גלימשערס. מען נעהמט זיך טראָגען שנעל און שנעלער, איינע הינטער די אַנדערע, איינע פאר די אנדערע, און ווער גאר צוזאמען: איינער אָן דעם צווייטען, איינער אָן דעם צווייטען, אין א לאַנגער, ריהרעוודיגער קייט, וועלכע טראָגט זיך שנעל און האסטיג, און ווער עס גליטשט זיך האנד אין האנד אין דער ברייט, ווי א לעבעדיגער פּאַרקאַן — — — — און די בלוטען צוואַוואַרעמען זיך אַלץ פּרישער, לעבעדיגער און וואַרימען צופריעדען די היוט פון די קרעפטיגע, יונגע לייבער. און עס ווערען צופלאַמטע באַקען ליידענשאַפטליך געקושט, געביסען פון דעם שטאַרקען פראסט און די ברוסט אטהעמט פריי, פריש, גערן, און דאָס הארץ נעהמט שלאָגען מור־טהיגער און אַלץ צורייצטער, ווילדער רייצט דער ווילדער פראסט.

איז עמיצער צופריעדען, גילטשט ער זיך שטאַרק, איז עמיצער אויף עפּעס אין כעס, גליטשט ער זיך אויף צו־להכעיס, נאָך שטאַרקער.

אָט האָט עפּעס איבער'ן אייז לויז א קלונג געטהון. דאָס איז ביי א מיידעל, אין מיטען יאָגען זיך מיט איהר חבר'טע, אַרונטערגעפּאַלען איין גליטשער. דאָס מיידעל פאַלט, די חבר'טע פראוווט זי אונטערכאַפּען און ספּאַטיקעט זיך אַליין, איין מאָל און נאָך אמאָל און לאזט דערביי א פּאר מאָל אַרויס א מיידלעשען קוויטש. צולאזט די הענט אין דער לופט און

קאַן קוים כאַפּען דאָס גלייכגעוויכט. לויפט באַלד אונטער א בחור, כאַפּט אונטער די צווייטע און העלפט זיך אויפהויבען דער ערשטער.

— איהר האָט זיך א קלאַפּ געטהאָן? — פרעגט דער בחור.

— ניין, ניין! — ענטפערט זי מיט א לייכטען שמייכעל, — גאָר ניט.

— אז איהר גליטשט זיך אליין.... ווערטעלט ער זיך.

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

צולאַכען זיך די מיידלעך.

— איז עס דעריבער?!

— ס'הייסט! — — — געוויס! — מיידלעך. און אַט אין אַזא נאַכט, — און אויף אזא גוטען אייז — — — — אליין — — — — דאַרפען פאַלען — — — —

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

און באַלד גליטשט זיך צו נאָך אַן אַנדער בחור, רויט, צופלאַמט, מיט'ן אַרונטערגעפאַלענעם גליטשער אין האַנד און מישט זיך גלייך אַריין:

— נו, וואָס איז דאָ צו לאַכען?! — — — —

— אָט האָסטו דיר נאָך אַן אַנדערען!

— אויף איהר אַזוי?

— נו געוויס! — ענטפערט כלומרשט ערנסט דער ניי־צוגעקומענער. — איהר קענט דען צושרויפען אַ גליטשער ווי מען דאַרף? איך בין זיכער, אַז ביי אייך וועלען זיי אויך באַלד אַרונטערפאַלען — און ער גיט איבער דעם איינציגען גליטשער דעם ערשטען בחור און נעהמט זיך גלייך בעקוקען די גליטשערס פון דער צווייטער.

דער פראָסט ברענט, די מיידלעך לאַכען, בעהאַלטען זייערע הענד אין די מופטעס, די בחורים אַרבייטען פלייסיג. — האַלט אַ בחור איין פוס אין האַנד און שרויפט אָן דעם גליטשער, שטעהט דאָס מיידעל נאָר אויף איין פוס. גיט זי זיך אַ וויכנע און לאָזט אַרויס אַ קוויטש. זי האָט מורא, זי זאָל ניט פאַלען — שפּאַרט זי זיך אָן מיט איהר ברוסט אינ'ם בחור'ס אַקסעל. און אַז עס לויפט פון ערגעץ אָן אַ בעקאַנטער, אָדער גלאַט אַ כוואַט, שרייט ער אוים מיט אַ קנאַה'דיגען ניגון: „אָה, יו קיד!“ און פליהט פאַרביי שנעל, שניידענדיג דאָס אייז אַלץ ווייטער און ווייטער.

באַלד וואַרפען זיך די צוויי נייע פאַרלעך צווישען די גליטשערס, און עס הייסט — צוויי בלונדע בחורים האָבען זיך אויף אַ ספּאָרטישען אופן בעקאַנט מיט צוויי פרעמדע מיידלעך, וועלען אין איינעם פערברענגען אַ צופריעדענעם אבענד אויפ'ן אייז־ראַנד און וועלען זיך נאָכדעם צו־געהן און, קאָן זיין, אַז זיי וועלען זיך קיינמאָל מעהר ניט בעגעגענען, אָדער זיי וועלען אָפּמאַכען זיך צו טרעפען דאָ נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז זיי וועלען נאָכדעם נעהמען „ארויספאָהרען" צוזאַמען. — — —

ברוך'ן איז דער פאַל זעהר געפעלען. קען זיין, אַז אָט אויף אַזאַ אופן האָט זיך אַמאָל חנה בעקענט מיט מאַקס'ן; זי האָט דאָך איהם דער־צעהלט, אַז זיי האָבען זיך געטראָפען אויפ'ן אייז — — — און — — — און נאָכדעם האָבען זיי זיך אויפגעהויבען און זיינען אוועקגעפלויגען. — און פליהען — — — אָט זיינען זיי ביידע; האַלטען פאַר זיך געשלאָסען די הענד, ווי אין טאַנץ. ווי שעהן עס נעהמט זי אַרום איהר ווייסער, וואָלענער סוועטער! ווי רויט צופלאַמט זיינען איהרע ווייסע באַקען! און ס'בלישטשען מיט פרישער פייבקייט איהרע ווייטע אויגען. עטליכע טונ־קעלע האָר האָבען זיך ארויסגעשלאָגען איבער'ן שטערען פון אונטער איהר ווייסען, פוטערנעם הוט און זיינען בעדעקט געוואָרען מיט ווייסען פראָסט. — חנה!! און ס'אַרא קלוגע, שלאַנקע בעוועגונגען זי מאַכט דאָס! — — גליטשער קוקען זיך אום, און לאָזען זיך נאָכ'ן פאָרעל: פערלויפען אויף־צו־פריהער און בלייבען אויף אַ ווײלע הינטען; פערלויפען פון רעכטס, פערלויפען פון לינקס, און עס שווינדעלט אין די אויגען דאָס בלאַנקע שטאָל פון אונטער אַלעמענס פיס, וואָס שלייפען אַרום איהר מיט אַ מאָד־נעם גערודער דאָס יונגע, קרעפטיגע אייז, און דאָס אייז לאָזט פון מאָל־צו־מאָל אַרויס מורא'דיגע קלאַנגען, ווי עס וואָלט זיך דאָרט און דאָ אין שטיקער שפּאַלטען, אָדער פער'כשופ'טע, שטילע, ווי עס וואָלטען פלוצלונג ערגעץ ביי אַ פידעל־שפּיעלער סטרונעס פּלאַצען. — — —

ברוך'ן טהוט דאָס הנאה, און אויך ער נעהמט אַן אנטהייל אין דעם צולאָזטען געלויף, ווי אויך ער וואָלט צום ערשטען מאָל „דאָס מיידעל אין דעם ווייסען סוועטער" דערזעהן — — — און אָט האַלט ער שוין לענגער ניט אויס, פערלויפט פון לינקס, און הייסט זיך געבען איהר פרייע האַנד, און — מען לאָזט זיך אין דרייען.

באַלד ווערט ער קאַפּריזנע, ווי אַ צופּעסטשעט קינד: — מאַקס זאָל

געהן אויף דער זייט און ער אויף יענער, און האָט גלייך חרטה און בייט זיך אָפּ צוריק — — — און אָט פאַלט איהם איין, און אין מיטען לויף גיט ער זיך מיט אַ מאָל אַ שטעל אָפּ, אַזוי אַז זיי שלאָגען זיך אַלע צונויף און פאַלען.

און זיי גיבען איהם אַלץ נאָך, פערגיבען איהם אַלעס. נאָך מעהר, — זיי בלייבען גליקליך, צופריעדען פון אַלץ, בעזונדער זי. — — —

— מיין גאָט, ווי צולאָזען איהר זיינט דאָס היינט! וואָס איז דאָס מיט אייך?! — זאָגט זי און לאַכט צופריעדען.

— אויף מיין וואָרט, ער איז היינט פּשוט משוגע! — צושרייט זיך מאַקס. — האָסט געהערט אַזוינס! מילא, איין מאָל אַ חכמה!

— נעוועך מיינד! אונזער ברוך איז אַלרייט! גערעכט — אַז הוליען איז הוליען! און זי קוקט דערביי שעלמיש, קוקט דאַכט זיך מיט אין גאַנצען איהר שלאַנקען לייב, מיט איהרע ברוסטען, מיט אין גאַנצען איהר פערצאַפּעלטער נאַקעטקייט. — — —

— נו, אַלזאָ, רב ברוך, גענוג! אַצינד זייט שוין אַ מענש — — — גוט! — — און זי דערלאַנגט איהם איין האַנד, מאַקסען די צווייטע און שטעלט אַרויס אויף־צו־פריהער איהר ברוסט, בויגט אונטער אַ פוס און הויבט אָן:

— איינס, צוויי! איינס, צוויי! שטאַרקער!! איינס, צוויי! איינס, צוויי! און עס זעהט אויס: זי איז אַ ווייסער פויגעל, און זיי — איהרע צוויי שוואַרצע פליגעל. — — —

און עס שוועבט דער פויגעל אין דער בלויער נאַכט, צווישען ווייסע בערג און שטערען און שרייט: איינס, צוויי! איינס, צוויי! ווערט ווילד און שרייט: איינס, צוויי! איינס, צוויי! ווערט צורייצטער, ווילדער און צושרייט זיך: איינס, צוויי!! איינס, צוויי!! שטאַרקער! שטאַרקער! ס'אַרא פראָסט! או־ר־הו — הוך! — וואָס איז מיט דיר, פויגעל? ווייסער, גוטער פויגעל? און דאָס אייז אונטער די פיס הארטעוועט זיך, שטאַרקט זיך, וועט, דאַכט זיך, באַלד פּלאַצען פון שטאַרקייט.

און דאָ און דאָרטען ברענען אויפ'ן אייז־רונדע רויטע פייערלעך — אויף צו דערצעהלען, אַז יענע פלעצער זיינען געפעהרליך. — קוקען די פייערלעך, ווי רויטע וואונדען, פון וועלכע עס ציהען זיך בלוט־רויטע פאַ־

סען איבער'ן גרינליכען אייז — — — ברוך הויבט אָן פיהלען חנה'ס האַנד דורך די הענדשקעס. — ס'אַרא האַנד! סאַרא האַנד! — — — —

וואַרפט ער אָפּ פערביטערט די האַנד, דרעהט זיך אַרויס פון זיי, גליטשט זיך אָפּ אין אַ זייט צום ברעג און בלייבט דאָרט אַליין... בערג און בוימער — — — — ווייכע עלעקטרישע לאָמפּען, וואָס בלענדען דעם ווייסען שנעע אַרום — שוואַרצע שטאַמען מיט נאַקעטע צווייגען, וואָס ציהען אויס זייערע שאָטענס ברייט און לאַנג איבער'ן צוקערלטען אייז, אונטער די פיס פון די גליטשער; אָט דאָרט לויפט וואָס אַריבער פון איין באַרג צום צווייטען, — אַ הינטעל? — — — — און אַ לאַנגער בלויער שאָטען לויפט איהם נאָך איבער'ן קלאָרען שנעע... אָט איז דאָס שוין אויפ'ן צווייטען באַרג. עס פערשווינדעט. און ווידער שאַ. — ווידער בוימער, ווידער ווייסע בערג און בלויער רוים, און ווייטע פייערלעך, און אַ גערויש, ווי מען וואָלט אויף שטיינערנע רעדער ברייטע און לאַנגע מעסערס שאַרפען — — — — און אָט דערהערען זיך קלאַנגען פון אַ שטאָדט־זייגער: באַ־אַ־אַם; באַ־אַ־אַם — — — — און עס צוקאַט־שען זיך, עס צוטראָגען זיך די קלאַנגען, צושווימען זיך אין דער פראָסטיגער לופט, באָדען זיך, טוקען זיך — באַ־אַ־אַם! באַ־אַ־אַם... — און אָט לאָזען זיי זיך אַראָפּ, לעגען זיך ,אויס אויפ'ן שנעע, קיילעכדיגע, רויטע — — — — און זיי קוקען צוגליהט אין דער בלויער וועלט: באַ־אַ־ם! באַ־אַ־אַ־ם! — — און אָט פערגעהען זיי זיך, בע־האַלטען זיך שטיל אויס אינ'ם טיעפען שנעע, נאָר די לופט גערענקט נאָך לאַנג — באַ־אַ־אַ־ם! באַ־אַ־אַ־אַם — — — — — — !

און אין האַרצען נעהמט זיך צינדען פייער! עס ווערט איהם מיט אַ מאָל אַזוי באַנג. — כאָטש רייס אַרויס דאָס האַרץ און שליידער דאָס אין ווייסען שנעע אַריין! און זאָל אויפ'ן שנעע שטעהן דער רויטער פלעק, און זאָל ער רייצען און שרייען: פייער, פייער!.. — — — — און דער טונקעל־בלויער הימעל איז פערשאָטען מיט גאַנצע קופּעס שטערען, און זיי קוקען אַלע אַראָפּ אַזוי אָנגעשטעלט, אַז עס פיהלט זיך ווי אָט, אָט... אָט־אָט, און עס נעהמט רעגענען מיט שטערען... און דער ווייסער שנעע ווערט פערדעגענט מיט שטערען — — — —

ער דערמאָהנט זיך:

— ווי האָט איהר דאָס אויפגעכאַפּט אָט דעם בחור, חנה?

— מיר האָבען זיך געטראָפּען אויפ'ן אייז.

— אזוי!...

— וואָס אזוי?

— גאָר ניט!...

און חנה'ן האָט א קלונג געטהאָן דער „גאָר ניט". ער געדענקט נאָך, ווי זי האָט צועפענט איהרע בלויע אויגען... און באַלד האָט זי די אויגען צועפענט ברייטער... און נאָכדעם — א קלוגער קוק פון אויבען־אראָפּ און אן ענטפער: — הו־הו!!! — — — —

פון הימעל רייסט זיך פלוצלונג אָפּ א גרויסער שטערען און לאָזט זיך מיט אמאָל אראָפּ פאר ברוך'ס אויגען, ווי א צורייצטע, ווייס־צור־גליהטע שלאַנג.

ברוך ציטערט אויף און דערפיהלט א ריס אין הארצען און, דאכט זיך — א ביטערקייט אין נאָז. און נאָך איידער ער קוקט זיך אום, גיט וואָס, מיט א מאָל, א שרעקליכען קלאַפּ! — — — —

— פּף — פּפּפּאַף! — עס דערהערט זיך א מורא'דיגער גערודער, און א רעווע ווי פון א ווילד־צורייצטען לייב — — — אויף איינעם פון די ווייטערע בערג שפרינגט מיט א מאָל ארויף א שווארצער לאָקאָמאָטיוו. א ווייסער שיין פון א רעפלעקטאָר לויפט צושראָקען פאר'ן לאָקאָמאָטיוו, פון קוימען זעצט א ווייסער רויך מיט שטיקער דיקע, גאָלדענע פלאמען — שווארצע וואגאָנען; ליכטיגע פענסטער; פנים'ער טאנצען, שפרינגען — — — עס האַלט זיך איין וואגאָן אָן אנדערען, איינער אָן אנדערען אין א צוצויגענער, לאַנגער קייט, און איבער זיי פליהט און קנייטשט זיך א ווייס־גרויער, מיט גאָלד־געמישטער פּאַס פון קוימען'ס האסטיג־שלאָ־גענדען רויך, און אָט גיט זיך די ראשיגע קייט מיט'ן פּאַס רויך א שליי־דער אהער, אהין — — — עס דערהערט זיך ווידער אן אויפטרייס־לענדער רעווע און — — — עס בלייבען צווישען די נאַקעטע בוימער בלויז עטליכע ווייסע וואָלקען רויך. — און ברוך צושמייכעלט זיך פון די איבערגעבליענע וואָלקען רויך. — — —

— קאַלט. וואָס, צום טייוועל, האָב איך זיך דאָ אוועקגעשטעלט! זיינע גליטשערס זיינען צוגעפרוירען צום אייז.

ער רייסט זיך אָפּ, לאָזט זיך צוריק אריין צווישען די גליטשערס. ער איז אויסגערוהט און וואָלט וועלען לויפען, אנטלויפען פון זיך אליין;

צוויאָגט ער זיך שנעל און שנעלער, און דערפיהלט באַלד יענע גוטע וואַרעמקייט. — ווידער בריהט דער פראָסט זיין צופלאַמטען פּנים, ווידער אָטהעמט זיך מיט חשק און כח. און ער סטאַרעט זיך צו האַלטען נאָר צווישען פרעמדע, קוקט אויף פרעמדע פאַרלעך, אויף פרעמדע מיידלעך — — — באַלד אָבער נעהמט ציהען אַן אַנדער ווינט. עס ווערט לינדער, און עס נעהמען פאַלען פוכקע, ווייסע שנייען — — —

„דאָס האָט מיין גלייכגילטיגער פעטער־שנייער זיך גענומען שפּרייטען זיין נעץ", — גיט ברוך אַ טראַכט, און עפּעס מיט אַזאַ געפיהל, ווי ער וואָלט דאָס אויסגעשריען הויך, אַז אַלע זאָלען דאָס הערען און זיי געוואָרענט:

„היט זיך פאַר מיין גלייכגילטיגען פעטער שנייער! דאָס איז דער פעטער שנייער!"

די גליטשערס נעהמען זיך יאָגען פלייסיגער און ווערען אַלץ מעהרער פערפּלאָנטערט אין דער ווייסער נעץ. עס ווערט שווער צו זעהן עטוואָס ווייטער פון זיך — — — לויפסט, לויפסט, און פון דער ווייסער נעץ איז זיך ניט אַרויסצורייסען! — — —

די שנייען, דאַכט זיך, בעפאַלען ברוך'ן:

„ברוך! דאָס, וואָס דו האָסט געוואָלט האָבען, פון וואָס דו האָסט זיך אָפּגעזאָגט, וואָס מען האָט ביי דיר צוגענומען, בלייבט אויף אימער און אייביג דיינס. עס לעבט, וואַקסט און צובליהט זיך אַלץ ליעבער און שעהנער, פאַר דיר.

„זיי ווייט — זיי גלייכגילטיג".

„קורצזיכטיג, נאַריש איז די ליידענשאַפט".

„מיר שנייעלעך, מיר — דאָס געשפּין פון דיין בלאַסען, גלייכגילטיגען פעטער־שנייער...

ברוך'ן אָבער האָט דאָס ווידער גענומען טראָגען צו חנה'ן... און אויפ'ן וועג, זי זוכענדיג צווישען דעם געוועב פון שנעע און מענשען, דערמאָהנט ער זיך: „און ווי זי האָט דאָס היינט אין דער פריה אויסגעמיטען, אַז ביילקע זאָל גאָר ניט וויסען, אַז היינט פאָהרען זיי זיך גליטשען! — — — און אָט דאָס פּאַסיקעל איבער איהרע צייהן — — — אַך, חנה, חנה!

ער האָט זיי געטראָפען וואַרטענדיג:

— האַלאָ, ברוך! זעה נאַר, אָט איז ער דאָך, דיין פערלאָרענער.

— וואו זיינט איהר דאָס פערפאַלען געוואָרען?

— אַ צום טייוועל! ווי דער שנעע פּאַטשט אין די אויגען אריין!

— און דער הימעל איז כמעט אין גאַנצען לויטער! — — —

— ס'האָט דער ווינד, מן הסתם, ערגעץ אָפּגעריסען אַ כוואַליע שנעע און טראָגט זיך מיט איהר ארום.

— און ס'קאָן נאָך לאַנג אזוי אָנהאַלטען?

— עס וועט באַלד אריבערפליהען. אָט, עס ווערט שוין שיטערער.

— און דאָס אייז איז דערוויילע געוואָרען ווי בעשמירט מיט בוימעל!

— איך האָב בעסער ליעב, ווען דאָס אייז איז טרוקען. דאַן הערט זיך געזונטער, ווי פּיס שניידען אזוי געשמאַק דאָס אייז — זאָגט ברוך.

— און דערביי וואָלט נאָך געפּאַסט, — כאַפּט אונטער חנה, — אַז איהר זאָלט נאָכמאַכען מיט'ן צונג: הוררה, הוררר! — — —

אזוי זיינען זיי אָפּגעשטאַנען אַ ווײַלע, און ס'האָט אויסגעזעהן, ווי זי וואָלט געוועזן אַ פעלדמארשאַל. זיי — ברוך, מאַקס און נאָך אַ פּאָר אנדערע בעקאַנטע, זייגען איהרע פליגעל־אדיוטאַנטען, מיט וועלכע זי ווארפט זיך גוטמוטהיג איבער מיט אַ וואָרט. — און זי איז אזוי גוט, אַז זי קלינגט פאַר זיי אויך אויס, פון מאָל צו מאָל, איהר כשופ'דיגען: כאַ־כאַ־כאַ און כאַ־כאַ־כאַ! און דאָס אייז־פעלד פאַר זיי איז פול מיט בע־וועגונג, מיט טומעל און געזאַנג:

שרייענדיג, רעדענדיג און זינגענדיג טראָגט מען זיך אום אין פער־שיעדענאַרטיגע פיגורען.

מענשען יאָגען זיך, פאַלען און שפּרינגען באַלד ווידער אויף, טרייס־לען פון זיך אָפּ דעם ווייסען שטויב און לאָזען זיך ווידער. — — —

און אָט דערזעהט ברוך, ווי דער לאָק האָר, וואָס האָט זיך ארויסגע־שלאָגען איבער חנה'ס שטערען, איז פערשנעעט, און אַ כוואַליע בלוט שלאָגט איהם צו צום הארצען. די ליפּען רייסען זיך צו די שנעעלעך פון אָט דעם לאָך, אָדער כאַטש איהם אָננעהמען מיט דער האַנד און איהם פערלעגען אונטער'ן אויער.

— פאַר וואָס טראַמפּלען זיך ביי אייך די האָר? — פרעגט ער, זיך איינהאַלטענדיג.

— וואָס איז? איהר ווערט שוין נערוועז? — פרעגט זי און צו־שמייכעלט זיך מיט איהר שמייכעל. — — —

און אָט בויגט זי זיך צו צום ברעג, נעהמט אָן אין האַנד אַ ביסעל פרישען שנעע, פערדרייסט דעם קאָפּ ארויף און נעהמט זיך שיטען דעם שנעע אין מויל אריין. און בשעת זי שיט דעם ווייסען שנעע אויפ׳ן רויטען, צושפּרייטען צונג, ציהט זי זיך אַזוי קלוג, ווי זי וואָלט געוואַקסען ארויף, אינ׳ם שיין פונ׳ם עלעקטרישען לאַמפּ, וואָס פאַלט אויף איהר פריש־ווייסען פּנים און צייכענט אויס אַ גרויסע, שיינענדע ראָד ארום איהר און ארום זיי אַלעמען. און דערביי האַלט זי די אויגען נאָר אַ ביסעל אָפען און שמייכעלט. — — —

מאַקס לויפט צו צו איהר:

— נו, פרעג איך דיך, חנה, איצטער, אַז דו ביזט אַזוי צוהיצט. נו וואָס, אדרבאָ, זאָג שוין דו, ברוך, וואָס? — — —

— נאַ דיר אויך אַ ביסעל און זיי ניט אין כעס! — רופט זי זיך אָפּ און טראָגט צו אַ האַנד מיט שנעע צו מאַקסעס מויל.

דער עולם צושמייכעלט זיך. עפּעס אַ פרעמדער בחור, וואָס שטעהט ניט וויט פון זיי — ווייזט אויס, צוליעב חנה׳ן — צולאַכט זיך גאַנץ הויך. חנה קוקט זיך אום אויף דעם פרעמדען — — —

— אָה! איהר ווילט אויך אַ ביסעל?! — פרעגט זי ביים פרעמדען, זיך דערביי אויסציהענדיג, ווי זי וואָלט געשטאַנען ניט אויף איהרע גלי־טשערס, נאָר אויף אַזעלכע מין פויגעל־פיס. — — —

— אָה! געוויס! — זאָגט דער בחור, צוקומענדיג נעהנטער. — אָבער איך וויל ניט „אַ ביסעל“, נאָר אַ גאַנצען „לאָט“.

— מיין מאַן אָבער האָט שוין צוגענומען אין גאַנצען, — זאָגט זי, אַנווייזענדיג אויף מאַקס׳ען.

דער בחור „פערשטעהט“, אַז דאָס וואָרט „מאַן“ איז בלויז צוליעב „שפּאַס“, און ספּאָרטיש שמייכלענדיג לויבט ער זי פאַר דעם געלונ־גענעם שפּאַס — — — און באַלד דערויף לאַדט ער זי איין:

— קומט, לאָמיר כאַפּען אַ לויף.

ברוך׳ן איז דעם ספּאָרט׳ס וואגען דוקא געפעלען, נאָר ער האָט עפּעס

קיין חשק ניט, אַז די קאָמפּאַניע זאָל זיך נאָך פּערגרעסערען, דרעהט ער זיך אוים און זאָגט צו איהם שמייכלענדיג:

— סעי, קיד, מיר דאַכט, אַז דיין מאַמע זוכט דיך דאָרטען...

דער בחור קוקט זיך אַרום, אַז ער האָט ניט געטראָפען... ער ענט־פערט ברוך'ן מיט אַ שמייכעל, און שמייכלענדיג שרייט ער אוים צו חנה'ן:

— גוד־באַי! — און טראָגט זיך אָפּ.

דער עולם צולאַכט זיך. חנה ענטפערט איהם זיין „גוד־באַי“ און שרייט איהם נאָך לאַכענדיג. — זי ווינשט איהם, אַז ווייטער זאָל דאָס איהם בעסער גליקען!

---

פאר'ן אוועקגעהן ווערט דער גליטש־פּלאַץ ליעבער, בעט זיך ממש ביי יעדען: — נעהם כאַפּ אריין נאָך אַ גליטש! נאָך אַ מאָל גליטש זיך דורך דעם גאַנצען ראַנד! גוט? — טהו עס נאָך אַ מאָל! — אַ? — צו דער פראָסט וועט דען נאָך לאַנג אָנהאַלטען? און ביז מען דערלעבט זיך דאָ צו אַזאַ פראָסט — — — קום, אָט אין יענער זייט, צו די ביימער — דאָס אייז איז דאָרט אַזוי גלאַט — בלויז אַ צוויי־דריי שטאַרקע בעווע־גונגען און נאָכדעם טראָגט דאָס שוין אליין — ס'איז אַנטקעגען ווינט? נו, איז וואָס? — עס איז דאָך נאָך בעסער, העלדישער! און דערפאַר צוריק־וועגס טראָגט דאָך דאָס ווי אויף פליגלען. — — —

דאָך ווערט דער עולם שיטערער, מען מוז מאָרגען פריה אויפשטעהן, און די פים ווערען זיין שווער. און עס ווערט אַלץ לעדיגער, פוסטער און דעם ווינט ווערט פון דעם אַלץ גראַמער, היימליכער, און ער נעהמט זיך אָפּקעהרען דעם שנעע פון אייז, קעהרט ווי מיט ברייטע ווייכע בע־זימער. עס הויבט זיך אויף אַ שטויב און טראָגט זיך מיט אַ לייכטען בייזער. — — —

און אָט האָט ערגעץ אַ פּאָליסמאַן צונעלעגט זיין פייפעל צום מויל און ארויסגעלאָזען אַ לאַנגען פייף. דער פייף האָט זיך אַ צוויי, דריי מאָל צובראָכען און איז נאָכדעם וויעדער אַוועק גלייך. און באַלד האָבען אויך אַלע אַנדערע פּאָליסלייט, וואָס אויף דער וואַך אַרום אייז, גענומען פייפען. עס האָט זיך צוטראָגען אַ טומעלדיג פייפען אין דער נאַכט און האָט

זיך גענומען ציהען איבער אַלעמענס קעפּ און געשמיסען ווי מיט בייטשען:
— אהיים! אהיים א־א־אהיים!!!

דער עולם איז געוואָרען ווילד, צושראָקען און זיך גענומען מיט אימפּעט ארייַנכאַפּען נאָך און נאָך א ראנד. האָט ברוך אָנגעכאַפּט חנה'ן אונטער'ן אָרעם און א קאָמאַנדעווע געטהאָן: א קייט! שנעל! האָט מאַקס זיך אָנגעכאַפּט אָן ברוך'ן פון הינטען, אָן מאַקסען זייערער א בעקאַנטער, אָן דעם בעקאַנטען נאָך אָן אנדערער, און אזוי האָט מען זיך אַלע אינאיינעם א לאָז געטהאָן אינ'ם לעצטען, אינ'ם שנעלסטען לויף.

# קאַפּיטעל 16.

דער זאַל, וואו דער באַל איז פאַרגעקומען, איז איינער פון די גרעסטע אין ניו יאָרק. אָפט קומען דאָרטען פאָר פערשיעדענע אויסשטעלונגען, און עס קען זיין, אז איבער דעם האָט דער זאַל קיין סופיט ניט און ער הויבט זיך פון די פיס ביז'ן הויכען רונד־געבויגענעם דאַך, וואָס איז געמאַכט פון מאַטען גלאָז, דורך וועלכען דער גרויסער הויכער זאַל ווערט בייטאָג אָנגעפילט מיט הימעל־ליכט.

איצט אָבער זיינען הויך איבער אַלעמענס קעפּ פערצויגען טעפּיכער פון פערשיעדענע פאַרבען און פערשיעדענע גרעסטע קוויטען. איין טעפּיך איז אָפּגעטהיילט פון צווייטען אזוי, אז צווישען איינעם און דעם צווייטען זיינען געבליעבען ברייטע פּאַסען לעדיגער רוים, און דער לעדי־גער רוים האָט אויך אָנגענומען דאָס אויסזעהן פון א פערשפּרייטונג...

דער טאַנץ־פּלאַץ איז פערשטראַהלט מיט א שאַרף־ווייסען עלעק־טרישען ליכט. און די פּנים'ער און די פערשיעדען־פאַרביגע, עלע־גאַנטע און קלוג־גענייהטע דאַמען־קליידער, די שוואַרצע מענער־קליי־דער און זייערע כשופ'דיג־ווייסע פריש־געפּרעסטע העמדער, זייערע גלאַנ־צינגע שיך, — און זייערע אַלעמענס שמייכלען שווימען אום אין ליכט, נעהמען אין זיך אריין און שלאָגען פון זיך אָפּ דאָס ליכט אויף פערשיע־דענע אופנים... צעהנדליגע און צעהנדליגע פּאַרלעך הויבען זיך אויף די שפּיץ פינגער, בויגען זיך און דרעהען זיך, נעהמען זיך אַרום און צו־וואַרפען זיך, שווימען און טאַנצען אין ליכט... און ביי די מראַמאָרנע זיילען, וואָס זיינען צושטעלט רונד אַרום דעם גרויסען טאַנץ־פּלאַץ, שטע־הען טויזענדער מענשען אין א בונט־פאַרביגען ראָד און קוקען אויף די צאָהלאָזע טאַנצענדע פּאָרען, אויף זייערע קליידער, אויף זייער טאַנצען, אויף זייער האַלטען זיך און אויף די הונדערטער קלאָרע אויגען, וואָס לויכ־טען ווי בלויע און שוואַרצע פינקלענדע שטערען אין דער אונענדליכער ליכטיגער ווייסקייט... און אזוי קוקען טויזענדער אידישע אויגען אויף

אידישע אויגען און ווערען פערגאַפּט, און צועפּענען זיך נאָך ברייטער און צושייגען זיך נאָך העלער און ליכטיגער — — — און דער אָרקעסטער גיסט פון זיך אַלץ נייע און נייע כוואַליעס טענער אונטער די פיס, און די טאַנצענדע הויבען זיך אויף די כוואַליעס פאָר־ווייז, וויעגען זיך, שפּיעלען זיך און גליטשען זיך איבער זיי. און אָפט נעהמען זיי זיך אויף זיי טאַנצען ווי אויף פייער, ווי אויף הייסע קויהלען — — — און די כוואַליעס נעהמען זיך אָן מיט פאַרפומען, מיט וואַרעמקייט פון לייבער, מיט פאַרבען פון די קליידער, מיט'ן גלאַנץ פון טויזענדער און טויזענדער בליקען און ווערען מיט אַמאָל אַזוי גרויס, אַז די טאַנצענדע ווערען פון זיי אינגאַנצען פערטרונקען. דאַן נעהמען זיך די פּאָרלעך פעסטער אַרום, ווי זיי וואָלטען זיך וועלען ראַטעווען, ווי זיי וואָלטען זיך געזעגענען... און לאָזען זיך גראַציעז אַראָפּ צו דער ערד, נאָר די כוואַליע גיט זיי אָבער מיט אַ מאָל אַ הויב אַרויף, און זיי ציהען זיך אויס, טהיילען זיך ערשטווינט פאַנאַנדער און כאַפּען זיך באַלד ווידער אָן פאַר די הענד. און הונדערטער פּאָרלעך נעהמען זיך טאַנצענדיג טראָגען איינע געגען די אַנדערע און מישען זיך און בייטען זיך און רייכען זיך פרעהליך די הענד, און אָט פלעכט זיך פון זיי אויס אַ גרויסער, בונטער ראָד — — — אַ ראָד פון שעהנע אויגען, אַ ראָד פון שעהן און רייך געקליידטע מענער און פרויען, אַ ראָד פון שעהנע הענד, אַ ראָד פון שעהן־טאַנצענדע פיס, און דאָס טאַנצענדע ראָד ציהט זיך און דרעהט זיך ווי אַרום אַ קעסעל־גרוב. און באַלד נעהמען זיך גיסען גאָר אַנדערע טענער. דאָס ראָד ווערט גלייך צוריסען. עס ווערט אַ נערוועזער טומעל פון טענער, וועלכע נעהמען זיך ווילד דרעהען, און דרעהענדיג נעהמען זיך די טענער מיט פערשיעדענע בייגונגען און ווענדונגען אַרומיאָגען אין איילעניש, און די מענער כאַפּען אויף זייערע פּאָרען און נעהמען זיך אַלץ שנעל און שנעלער אַרומטראָגען איבער'ן זאַל, און עס ווערט אַ וויכער פון מענשען און פּנים'ער, פון קליידער און פאַרבען. און שטעהט וואו אַ בחור נעבען אַ מיידעל און שמועסט מיט איהר וועגען אַ יום טוב'דיגען צו אפילו וועגען אַ וואָכעדיגען ענין, איז ווי נאָר ער דערהערט אָט דעם צורייצטען טומעל פון טאַנץ, פערגעסט ער איהר פלוצלונג צו ענטפערען אויף איהר שאלה, זיין האַנד גיהט זיך אַ ציה צו איהר טאַליע, איהר האַנד צו זיין אַקסעל און זיי וואַרפען זיך אַריין אין טאַנץ. און שטעהט וואו אין אַ זייט אַ

מאַן מיט אַ פרוי, קומט צו זיי אונטער דער וויכער פון טאַנץ, ווערען זיי מיט אַ מאָל אויפגעציטערטער, אינגער; עפּעס שווימט פון זיי מיט אַ מאָל אַוועק און עפּעס שווימט צו זיי גלייך צו און נעהמט זיי אַרום און וואַשט זיי מיט אַ שעהמעוודיגער רויטקייט, צינדט אָן זייערע אויגען מיט אַ וואַרימען גלאַנץ, און זיי נעהמען זיך אַרום, ווי גאָר, גאָר אַ מאָל... און זיי וואַרפען זיך אַריין אין טאַנץ.

בינעם איז דעם גאַנצען אָבענד אַרומגעלאָפען פערביטערטער און נערוועזער ווי אַלע מאָל: — צו פיעל זיינען געווען די בעלנים, וואָס האָבען זיך אָנגעשלאָגען צו טאַנצען מיט ביילקען, און כמעט יעדער ספּאָרט, וואָס האָט זי איינגעלאַדען צום טאַנץ, איז צוגעקומען מיט אַ טענה, אַז זי קומט איהם דעם טאַנץ, אַז זי האָט דאָס איהם צוגעזאָגט נאָך צוריק מיט אַ מאָנאַט אָדער צוויי, ווען ער האָט זיך מיט איהר גע־טראָפען דאָרטען און דאָרטען; און אַנדערע ווידער האָבען געמאָנט, אַז דאָס קומט זיי נאָך פון לעצטען באָל און אַז זי מוז אָפּצאָהלען איהר חוב. און ביילקע האָט מיט זיי אַלעמען פרעהליך גערעדט און פרעהליך־לאַבענדיג זיך געפּרואווט דערמאָהנען אָן זייערע טענות, און ערשט נאָכ־דעם יעדען פון זיי מיט אַ פול־דייטיגען געלעכטער אָפּגעשיקט:

— שטעלט זיך אין דער ליין!

ביילקע איז דין, כמעט קינדיש, אבער דאָך רייצענד־שעהן געבויט, און איהר טאַנצען איז אַלע מאָל לייכט, לופטיג. און ווען דער טאַנץ־פּלאַץ ווערט צו געדיכט, קאָן זי זעהר קלוג און לייכט באַלאַנסירען, אויס־מיידען שטערונגען, פון מאָל צו מאָל זיך אַ ציה טהאָן, זיך לייכט אַרי־בערבויגען איבער דער האַנד פון איהר קאָמפּאַניאָן, אדער זיך צוטוליען, זיך כמעט אָנקלעפּען אָן איהר קאָמפּאַניאָן...

און דערצו האָט נאָך ביילקע'ן זעהר שעהן געפּאַסט דאָס שוואַרצע, סאַמעטענע קלייד, און דאָס וואַסער פון דער וואַנע, וואָס זי האָט ניט לאַנג גענומען, האָט איהר פון מאָל צו מאָל געמאַכט פיהלען די אייגענע הויט אויפ'ן לייב, ווי די הויט וואָלט געוואָרען אַ גאָר נייע, אַ נאָר וואָס אַנגעצויגענע. — — — און זי האָט כמעט אַליין געזעהן, ווי זי בליהט, ווי זי וואַקסט אונטער יענעמ'ס בליקען. — — —

נאָר בינעם האָט פון איהר געהאַט צרות.

ווי נאָר ער האָט זיך מיט איהר געטראָפען, נאָך ביי איהר אין צימער, האָט זי איהם ביי די ערשטע עטליכע ווערטער געפרעגט:

— ברוך וועט זיין אויפ'ן באָל?

— געוויס וועט ער זיין! — האָט ער געענטפערט.

און איצט האָט זי זיך צו איהם דעם גאַנצען אָבענד פערהאַלטען עפּעס אַזוי נערוועז — אָט איז זי נעבען איהם, און באַלד בלייבט זי ניט — — — און זוכען זיי זיך וויעדער אויף, פרעגט זי איהם גלייך מיט אַ פערדעכטיגען שמייכעלע:

— נו, וואו איז דאָס אייער ברוך? — — — —

פּונקט ווי זי וואָלט איהם חושד געווען, אַז ער האָט זי דאָס איבער עפּעס אַ סיבה אומיסטען אָפּגענאַרט.

און קיין איין טאַנץ האָט זיך איהם נאָך ניט איינגעגעבען אויסצו־טאַנצען מיט איהר ביז צום סוף.

און ניט נאָר זי, נאָר איבעראַל, וואו נאָר בינעם האָט זיך געדרעהט, וואו נאָר ער האָט זיך געשטעלט, האָבען זיך באַלד געפונען פרעגער:

— וואו איז ברוך?!

— וואָס? ברוך איז נאָך ניטאָ?

— ברוך איז נאָך ניט געקומען?!

— וואָס איז דער מעהר מיט ברוך'ן?

און די מעהרסטע פון די פרעגער זיינען אַלץ מיידלעך און פרויען, און זיי פרעגען עפּעס אַלע מיט דעם טאָן פון ביילקע'ס טענה, און בינעמ'ען האָט זיך גענומען דאַכטען, אַז ביילקע שיקט זיי דאָס אַלע אָן אויף איהם...

און אָט קומט אָן ביילקע מיט נחום'ען אונטער'ן אָרם. נחום ווענדט זיך גלייך צו בינעמ'ען מיט אַ גאַליגען געלעכטער:

— וואָס־זשע, אייער ברוך'ן שטעהט שוין גאָר אינגאַנצען ניט אָן צו ווייזען זיך צווישען אונז? צי ער האָט נאָך אפשר אינמיסטען אויף היינט אָבענד אַראַנזשירט אַ מיטינג פון זיינע „פרייע דערפער"? —

— ער האָט אויף היינט ניט קיין מיטינג, — ענטפערט בינעם, און מיט אַזאַ קלאַנג אין זיין שטימע, ווי ער וואָלט אין זיך דערשטיקען אַ געפעהרליך פייער, און ער דערפיהלט ווי אין איהם שרייט איצט ברוך'ס: „פייער, פייער!"

— וואָס דען? — פרעגט נחום.

— אפשר האָט ער זיך אויסגעבראָכען אַ פוס, — ענטפערט בינעם האַרט און שאַרף.

און דאָ האָט מיט אַ מאָל אַ יאָג געטהאָן דער ווינטער פון טאַנץ און מיט אַ מין שטילען און שווער-ברויזענדען פייער זיך גענומען דרעהען אונטער די פיס. בינעם האָט גענומען קוקען אויף ביילקע'ן. פון ווייטען אָבער האָט ער באַלד דערזעהן לעווינ'ען, מיט וועלכען ער האָט זיך גע-טראָפען ביי ביילקע'ן נאָך פאַר'ן געהן צום באַל. און ער האָט בעמערקט, אַז אויך ביילקע האָט איהם דערזעהן... אָבער ווי נאָר ביילקע האָט דער-זעהן לעווינען און פערשטאַנען נאָך זיין שמייכעל, אַז ער געהט זי איינ-לאַדען צום טאַנץ, האָט זי זיך אַ נייג געטהאָן צו בינעם'ען... און בינעם האָט גלייך אַרומגענומען איהר דינע סאַמעטענע טאַליע, און ניט קוקענדיג מעהר ניט אין נחום'ס און ניט אין לעווין'ס זייט, איז ער טאַנ-צענדיג אַוועק מיט ביילקע'ן איבער'ן זאַל, זיך געמאַכט אַ וועג צווישען עולם און איז אַריין אינ'ם פאַרביגען קאָך פון מענשען און טענער.

ווי נאָר ביילקע און בינעם האָבען דורכגעמאַכט אַ צוויי-דריי פיגור-רען, האָבען זיך פּלוצלונג און מיט אַ מאָל אויסגעלאָשען אַלע עלעקטרישע לאָמפּען און עס איז איבער'ן גאַנצען זאַל געוואָרען שטאָק-פינסטער. די מוזיק אָבער האָט געהאַלטען די מענשען ווי פערכשופ'ט אין טאַנץ, און באַלד האָט איבער אַלעמענס קעפ אויסגעשאָסען אַ שמאָלער, ווייסער שיין פון אַ רעפלעקטאָר. דער שיין איז געלאָזט געוואָרען פונ'ם אויבערשטען באַלקאָן און זיין שמאָלער עלעקטרישער שטראָם האָט פון אָנפאַנג דער-גרייכט די בלומיגע טעפּיכער, וואָס זיינען געהאַנגען הויך איבער אַלע-מענס קעפ, און זיך גענומען שפּרינגען פון איין טעפּיך אויפ'ן צווייטען, און אין דער טיעפער פינסטערניש האָבען די טעפּיכער הויך איבער אַלע-מענס קעפ מיט אַ מאָל אויפגעבליהט און אויפגעבליצט מיט זייערע רייכע, אָריענטאַלישע בלומען און פאַרבען... נאָכדעם האָט זיך דער ווייסער שיין אַראָפּגעלאָזט צווישען די הונדערטער טאַנצענדע פּאָר, וואָס האָבען אָנגעפילט דעם גרויסען טאַנץ-פּלאַץ... אָט האָט זיין שיין אַרומגענומען בלויז איין טאַנצענדיגע פּאָר, און אָט עטליכע פּאָר אויף איין מאָל. און די פּאָרען האָבען אין דער פּלוצלונגער פינסטערניש גענומען אויסזעהן ווי ליכטיגע, לייבטענדיגע... און אַזוי האָט דער שטראַהלענדער פּאַס זיך

גענומען ארומדרעהען צווישען די טענצער און זיך אויפגעזוכט אלע נייע און נייע פּאָרען. אַט האָט דער פּאָס דערגרייכט ביילקע'ן און בינעמ'ען און זיי האָבען זיךביידע מיט א מאָל דערזעהן לויכטענדיגע, אויפגע־שטראהלטע, און זי האָט זיך נאָך דערביי אָפּגעבויגען פון איהם, איבער זיין האַנד, איהם אָפּוועגדענדיג פון א פּאָר, וואָס האָט זיך געטראָגען אויף זיי. בינעם האָט זיך מיט אמאָל דערפיהלט לייכטער, ליכטיגער. און איהר האָט ער דערזעהן פאַר זיך, אַזא לאַנגליך־בויגיגע, אונענד־ליך שיינענדיגע, איהרע האָר, איהרע אויגען און דאָס שווארצע סאַמעטענע קלייד זיינען מיט א מאָל בלענדענד און שיינענדיג שווארץ געוואָרען און האָבען אזוי שעהן ארויסגעפּרעסט די בלאַסער געוואָרענע ראָזקייט פון איהר פּנים, פון איהר דעקאָלטירטען האלז... און זי איז געוואָרען א דורכ־זיכטיגע... און איהרע שעהנע פיס און די שווארצע סאַמעטענע שיכלעך, און די שווארצע זיידענע זאָקען האָבען געטאַנצט אין ליכט... בינעם האָט פעסטער ארומגענומען איהר טאַליע, זי צוגעצויגען צו זיך... דער שיין פון רעפלעקטאָר האָט מיט אמאָל גענומען בייטען זיינע פארבען, ווי עטליכע פערשיעדענע פארביגע זונען וואָלטען זיך גענומען ראַנגלען צווישען זיך. די מענשען און זייערע קליידער האָבען אויך גענומען בייטען זייערע פאַר־בען און האָבען גענומען אויסזעהן ווי א געדיכטער ראָי פון טויזענדער פערשיעדען־קאָלירטע שמעטערלינגען — — — און בינעם האָט דערזעהן נעבען זיך ביילקע'ן — אַט א רויטע, אַט א בלויע, אַט איז זי א גרינע און אַט א געלע, א גאָלדענע, אַט א הייס־ראָזעווע, און אַט מיט אמאָל ווידער דורכזיכטיג־וויים און שטראַהליג־שווארץ, און אלע מאָל אזא בוי־גיגע, א לייכטע, א לופטיגע, — און ער האָט זיך פערלאָרען, האָט זי צוי־טערדיגער, פעסטער א ציה געטהאָן צו זיך און זי א קוש געטהאָן.

האָט זיך ביילקע א דרעה געטהאָן, זיך ארויסגעגליטשט פון זיינע הענד און איהם געלאָזט אין מיטען טאַנץ מיט צוויי ליידיגע הענט אין דער לופט.

## קאַפּיטעל 17.

אויפ'ן וועג אהיים פון גליטש האָט מען זיך גענומען וואַרפען מיט „קולקעס" שנעע.

אָט פליהט א ווייסער קנויל פון חנה'ס האנד און טרעפט ברוך'ן גלייך אין פנים אריין. לאָזט זיך ברוך נאָך איהר, יאָגט זי נאָך איבער דעם ווייס־געבעטען פעלד. די שווארצע פּאָלעס פון זיין לאַנגען ראָק צופליהען זיך ווי פליגעל. און זי אנטלויפט, לאכט און שרייט:

— ברוך! ברוך! מעהר נימ! אויף מיין וואָרט — ניט!

— אז ווער דארף דאָס אייערע תירוצים?!

— ברוך!! אָה! הא־הא! — שרייט זי אויס שוין אין זיינע הענד.

— אָט איצט, בחור'טע, וואָרט! — מיט איין האנד האלט ער זי פעסט ארומגענומען, מיט דער צווייטער נעהמט ער אָן שנעע און נעהמט איהר איינרייבען דאָס פנים. זי וועהרט זיך, רייסט זיך פון איהם און טוליעט זיך און פרעסט זיך צו איהם... איהר לייב, דאכט זיך, נעהמט מיט א מאָל גרעסער ווערען, צוואוואקסט זיך אונטער זיינע הענד — — און זי רייסט זיך און שרייט צופריעדען, פערשייט. און מאקס און זיינע בעקאנטע שרייען צו פון דער ווייטענס:

— אָט אזוי! גוט, גוט! הורא! הורא!

האָט ער זי אָפּגעלאָזט — — —

זי האָט זיך גענומען אָפּווישען דאָס פנים, פערריכטען די, האָר אויפ־געהויבען איהרע אויגען און זיך בעגעגענט מיט זיינע.

— געהט צום טייוועל! — האָט זי אָפּגעזאָגט מיט א כלומר'שמועןכעס און אראָפּגעלאָזט איהרע לאַנגע ברעמען...

— איז צו וואָס דארפט איהר נאָך רויט ווערען?

— געהט צום טייוועל!...

— ניין, איך מיין גאַנץ ערנסט — — — וואָס פאר א פנים האָט דאָס? אזא ווייסע נאכט, און אויפ'ן בלויען הימעל וואלגערען זיך דאָך

איצט אַזוי פיעל פרישע שטערען און אַלע קוקען — — — און דאָרטען שטעהט דאָך מאַקס אַליין, אַזאַ געזונטער, שעהנער — — — נעהמט פלוצלונג אַ ווייסע חנה מיט לאַנגע ברעמען און ווערט זיך רויט — — וואָס? — — —

— ברוך!...

— וואָס איז?

עס בלייבט שטיל — — —

שנעעלעך פאַלען, איינציגע, ווי צוגעצעהלטע.

דאָס האַרץ איז ביטער פערקלעמט.

עס בענקט זיך.

וואוהין?

עפּעס ווילט זיך.

עפּעס ווילט זיך?

ס'ווילט זיך גאָר ניט.

ג אָ ר ניט?

מאַקס און זיינע בעקאַנטע געהען אויף־צו־פריהער און שמועסען וועגען אייז, וועגען גליטש.

— אָך, איז דאָס געוועזען אַ גליטש!

— און אַזוי, כמעט אונגעריכט.

— נו, ווער וואָלט זיך דאָס געקענט ריכטען נעכטען, אַז היינט וועט פלוצלונג ווערען אַזאַ אייז?

— אַזאַ אייז געדענק איך שוין ניט פון פאַר צוויי־יאָהרען אָן.

— אָ! דו מיינסט יענעם מאָל, ווען דער אייז האָט געפּלאַצט?

— יאָ. דו געדענקסט נאָך, ווי פּלוצלונג, מיט אַ מאָל, אין סאַמע „ראָש", אַז עס גיט ניט אַ שאָס, ווי פון אַ האַרמאַט: — טראַך!! און דאָס וואַסער ניט מיט אַ מאָל אַ פליוך אַרויס.

— און ס'אַראַ געוואַלד! ס'אַראַ קוויטשעריי עס איז געוואָרען! וואָס?...

— אַ געוואַלד! עפּעס אַ קלייניגקייט? איך אַליין האָב זיך דאָך אַזאַ טרייסעל געטהאָן, אַז איך האָב געמיינט, איך ווער אַ צושאָטענער.

מאַקס'ען אָבער נעהמט באַלד בויערען אין קאָפּ דער געדאַנק,־ אַז מאָרגען וועט חנה מן הסתם ווידער אויפשטעהן צו דער אַרבייט. און

וואָס איהר קען נאָר איינפאַלען! איצטער, אין אַזאַ צייט, ווען דער קאָפּ איז אַזוי דער'הרג'עט, פערגלוסט זיך איהר צו גליטשען, ס'איז דאָך פּשוט אַ בזיון פאַר לייט — — — נאָר פון דעסטוועגען, מן הסתם אַז זי וויל אַזוי, מן הסתם — — — איך ווייס?

חנה און ברוך געהען הינטען און שווייגען שטום, נאָר איבער זייערע קעפּ טראָגען זיך רעיונות... טענות, וואָס טענה'ן זיך אַליין:

— האָלסט נאָך אַלץ פון דיין „אונזער אונטערגאַנג"?

— יאָ.

— און וועסט טאָקע קיינמאָל ניט חתונה האָבען?

— בעסער קוק איך דעם אונטערגאַנג גלייך אין די אויגען אריין.

— און האָסט מיך ליעב?

— חנה!

— וואָס? — — —

— ?... דיין ווייסע בלאַסקייט, און דאָס, וואָס אָפּט זיינען אַזש דיינע ליפּען בלאַס. און דאָס, וואָס אָפּט קוקסטו ווי אַ געטרייע שוועס־טער, ווי אַ מאַמע, און אָפּט ווי אַ געהאָרכזאַם קינד.

און וואָס דו מאַכסט זיך נאַריש, און וואָס דו פרעגסט אַזאַ נאַרישע שאלה. און וואָס דיינע בלויע אויגען קוקען אַזוי מאָדנע ווייט, וויי־טער ווי דו אַליין קענסט דאָס גאָר פערשטעהן.

און דאָס וואָס דו ביזט אַזוי שעלמיש קלוג.

און דיין לאַכען, וואָס קלינגט ווי גאָלדענע רינגען, וואָס קושען זיך אין דער לופטען איינער מיט'ן צווייטען. דיין לאַכען, וואָס שווימט אַזוי לייכט איבער: פון כאַ־כאַ־כאַ אין כאָ־כאָ־כאָ! און וואָס דו ווערסט פּלוצ־לונג רויט און עס צינדען זיך בלייכע רויזען אויף דיינע ווייסע באַקען.

און דאָס ציטערען פון דיינע רונדע בריסט.

און דיין שלאַנקען צאַפּעל, חנ'קע! דער צאַפּעל, וואָס האָט אַזוי ליעב מיינע ברייטע אַקסעל, מיינע אומגעלומפּערטע הענט.

— איז וואָס־זשע ביזטו אַוועקגעפאָהרען אויף אַזוי לאַנג, און אַזוי ווייט, און פון זיך גאָר ניט געלאָזט וויסען? און געקומען צוריק אַזוי שפּעט? — — — איבער דיין „ערד־ארבייט"? אַלץ איבער אָט די „פרייע דערפער" דיינע? — אָ, ווי איך וואָלט דיך דערפאַר וועלען! —

— און איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט זיין מיין האַדידזשאַ — !

— און דו, הייסט דאָס, ביזט שוין אַ גצואַלבטער מאַהאַמעד!

—חנה!

— און פּלוצלונג דרוקסטו אָפּ אַזעלכע ווילדע ליעדער! — דו וואָלסט דאָך פּשוט זיך אַליין אויפגעגעסען. — ס'אַרא ליידענשאַפטליך־ווילדען זיידע־פּראַסט דו האָסט דאָס אויפגעמאָהלען און גלייך מיט איהם דיין קאַלטען, גלייכגילטיגען פּעטער־שנייער.

— חנה!...

— און אין ווילדסטען ברען קומט דיין פּעטער שנייער און הויבט אויף זיינע גלייכגילטיגע בליקען, לאָזט דער פּראַסט אָפּ הענד און פיס, ווי אַן אַלטער, וועמען מען כאַפּט ביי עפּעס אַ אינגעלשען נארישקייט.

— אַז איך האָב אָבער דאָס נאָך גאָר ניט אויפגעשריעבען! — — איך האָב דאָס נאָך דערווייל ניט אויפגעשריעבען. — — —

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! — — — — —

— חנה!! — — — — —

— „חנה, חנה! דו וועסט נאָך אַ מאָל קריצען מיט די צייהן און שרייען: חנה, חנה!

— און חנה?

— חנה האָט אַ היים, חנה האָט אַ גוטען, עהרליכען מאַן. חנה וועט שוין ביז דאַן האָבען אַ קינד, אַ אינגעלע מיט שווארצע — — —

— און ברוך?

— וועט זיך וואַלגערען, ווי אַ היימלאָזער הונט.

— ווי אַ איד!?

— ווי אַ ברוך!

— און ווען אמאָל אין אַן אבענד שפּעט, וועט ער אַנקלאַפּען אין דיין טהיר, דו וועסט עפּענען און דערזעהן: ברוך! — — — — אַ מיעדער, אַן אַלטער — — — אויך דו וועסט שוין דאַן האָבען גרויע האָר. וואָס פאַר אַ פייער וועט זיך דאַן אויפכאַפּען אין דיין הארצען? — — — — ווי וועסטו מיך דאַן אָנרופען? — — — — וואָס וועסטו זאָגען? — — — וועסטו זיך דערמאָהנען אין אַ מעשה'לע פון אַ ברוך'ל מיט אַ חנ'קע, וואָס זיינען געוואַקסען אמאָל ערגעץ ווייט, אויף יענער זייט ים, אין אַ שטאָדט, אין אַ דאָרף ביי אַ וואַלד? און ווי ס'האָט

אַמאָל ברוך׳ל אַ נעץ פערשפּרייט און האָט אַ פויגעל געכאַפּט, און איז מיט שמחה אַהיים געלאָפען, — ער וועט איהם זיין חנ׳קען ברענגען. און אַז ער איז אַהיים געקומען, און אַז חנ׳קע האָט אַ פערציטערטע גענומען בעטען: — אוי, ברוך׳ל! ברוך׳ל! לאָז מיר האַלטען דעם פויגעל! כאָטש נאָר אַ קליין ביסעלע, אַט־אַזאַ קליין־קליין ביסעל! נו, איז כאָטש אַ גלעט טהאָן, נאָר אַ גלעט טהאָן איבער די פעדערלעך. אוי, ברוך׳ל! ברוך׳ל — איז ברוך׳ל פּלוצלונג צוגעגאַנגען צום צועפענטען פענסטער און אַ געשריי געטהאָן: נאַ! און דערביי אַוועקגעשטעלט דעם פויגעל אויף זיין צו־עפענטער האַנד — — — דער פויגעל האָט זיך אין איין רגע, צוגעזעצט, אַ פאַטש געטהאָן מיט די פליגעל און — — — ווען חנ׳קעס מאַמע איז אַריין, האָט שוין חנה ביטער געוויינט: מאַמעניו, מאַמעניו! דער פויי־געל! ער האָט אַפּגעלאָזט דעם פויגעל, דעם פויגעל! — — —

און אין די אַלע פויגעל, וואָס איך האָב אַפּגעלאָזט און אַפּגעלאָזט צוליעב דיר, צוליעב מיר, ווערסטו זיך דערמאַהנען דאָן? — — — און אין אונזערע שטענדיגע קריעגערייען וועגען מיין הונט באָקסער און דיין שוואַרצען קעצעל? און אין מיין ליעבע צו דער בת־מלכה, וועלכע דו פלעגסט קיינמאָל ניט ליידען און וועלכע האָט, דאַכט זיך, אויף אייביג אַוועקגעלעגט אַ שאַרפען ריס צווישען מיר און דיר? — — — און ווי איינמאָל האָסטו אויסגעפלאָכטען אַ קראַנץ פון בלויע פעלד־בלומען, און איידער דו האָסט איהם אָנגעטהאָן אויף מיין קאָפּ, האָסטו געפרעגט: — און דו וועסט איהם נאָכדעם ניט אַוועקשענקען דיין בת־מלכה?... מיר זיינען שוין דאָן געווען דערוואַקסענע קינדער. עס איז געווען „קאַניקול“־צייט. איך בין צומישט געוואָרען — — — און דו ביזט געשטאַנען פאַר מיר אַ ווייסע, אַ שיינענדע אין דיין ברוינעם גימנאַזיום־קלייד מיט׳ן בלויען קראַנץ אין דיין האַנד, ביי דיין שלאַנקען, לינקען פוס. און איך מייד אויס דיין שאלה און פרעג:

— וואָס? — דו ווילסט מיר איהם ניט אָנטהאָן?

— לאָמיר איהם בעסער ביידע צורייסען, — ענטפערסטו.

— טהו איהם אָן אויף זיך.

— ניין, — ענטפערסטו. — איך האָב איהם געפלאָכטען פאַר דיר

חנה קאָן לענגער ניט אַריבערטראָגן אָט די שטומע טענות, און זי רייסט איבער:

— וואָס איז מיט אייך, ברוך? — — — —

— הא?! — — — —

— וואָס האָט איהר זיך אַזוי פערטיעפט? וועגען וואָס טראַכט איהר עס?

ברוך אָבער ענטפערט:

— הם! איך טראַכט? יאָ — — — — ווי מיינט איהר אַ שטייגער — — — — אַזאַ פּלאַן — — — — אָרגאַניזירען אַ פעראיין פון גליטשער, ס'הייסט אַרויסרייסען עטליכע חברה פון אָט די „וועלט־פערזאָרגער", וואָס האַלטען זיך אויף אין קרויזקאָפּ'ס קאַפּע: — גענוג שוין, קינדער, קומט, לופטערט זיך דורך אַ ביסעל!... הא?...

חנה שווייגט.

? — — —

— מערקווירדיג, ווי עס ווערען ביי אייך געבוירען די פּלענער! — רופט זיך אָפּ חנה אין אַ ווייל'ע אַרום. — עפּעס אַזוי פּלוצלונג! — — האָט איהר דען וועגען דעם געטראַכט די גאַנצע צייט? — — — און מאָרגען קאָן זיין, זאָל איך נאָך איינפאַלען צו פערווירקליכען אָט דעם נייעם פּלאַן.

— נו, יאָ.

— אָבער, וועגען וואָס האָט איהר געטראַכט אָט די גאַנצע צייט?...

— איך רעכען, אַז מיר האָבען, מן הסתם,ביידע געטראַכט וועגען סענטימענטאַלע נאַרישקייטען. — — —

— אָבער וועגען וואָס האָט איהר געטראַכט? — — — —

— ווי נייגעריג איהר זיינט דאָס! נו, וואָס וועט שוין אייך אַרויס־קומען, ווען איך וועל אייך דערצעהלען, אַז געטראַכט האָב איך וועגען דעם, ווי איהר וועט זיך מאָרגען פערשלאָפען און זיך אויפכאַפּען מיט אַ מאָל, ווי פון אַ פּלוצליכען פייער, — ווי עמיצער, אַ פעררוינכערטער, מיט צופּאַטעלטע האָר און מיט אויסגעשטשירעטע, געלע צייהן וואָלט זיך אָנגעבויגען איבער אייער בעט מיט אַ פּלוצלונגען אויסגעשריי: פייער! פייער! — — — און ווי איהר וועט זיך דאָס נאָכדעם אין איילעניש נעהמען יאָגען צום שאַפע, און ווי פאַר'ן שאַפע נעהמט איהר שוין בעציי־

טענס שלעפּען די שפּילקעס פון הוט, און נאָך איידער איהר וועט אריבער־טרעטען די שוועל, וועט איהר שוין האָבען אויסגעטהון איין ארבעל פון ווינטער־ראָק, דעם הוט אין די הענט — זאָל די פּאָרליידע זעהן, אז איהר פּיהלט זיך שולדיג און וועט דאס אָפּגעהן גלאַט, איהר וועט אָפּקומען בלויז מיט'ן ביסעל הארץ־קלאַפּעניש, וועט איהר זיך דאָס צוכאַפּען צום מאשין און זיך נעהמען יאָגען, יאָגען — — — —

— ברוך!! — — — —

— ניט ברוך, נאָר אָט דער פערדרויכערטער, מיט די אויסגעשטשי־רעטע, געלע צייהן שטעהט פאַר די אויגען און שרייט: פּייער! פּייער!! — — — צום טייפעל, חנה, ווי דאָס ברענט: — פּייער, פּייער! ווי א קאַלטער גיפט וואָלט זיך אריינגעגאָסען אין די ביינער און צינדט זיך און ברענט: — פּייער, פּייער!

— דעמאָן!

זיי בלייבען שטיל — — — ברוך דערזעהט די צוויי לאַנגע שאָ־טענס, וואָס ציהען זיך פון זיי איבער'ן ווייסען שנעע — — — זיינער איז א לאַנגער, א ברייטער, און איהרער איז ווי זיינס א קינד... און עס בעוויייזט זיך א שמייכעל אויף זיינע דיקע ליפּען און זיי צוציהען זיך ברייטער, און פּלוצלונג גלאַנצען אויף זיינע אויגען שווארצער, טיפער — — — עפּעס ווארעמעס, בלוטיגעס שלאָגט זיך אָפּ אין זיין הארצען: אור־רו! — — — צורייסען, צופליקען אויף איהר די קליידער, זאָל זי בלייבען אין גאַנצען נאַקעט! צופּאַטלען איהרע האָר, זיך איינבייסען אין איהרע ליפּען ביז בלוט, זיך איינבייסען אין איהרע בריסט, אין איהר ווארימען לייב ארויפכאַפּען זי צו זיך אויף די הענד א נאַקעטע, זי איינ־הילען אין זיין ווינטער־ראָק און בייסען, בייסען! — — —

און דער שמייכעל אויף די ברייטע ליפּען צושפּרייט זיך נאָך ברייטער — — — עס שמייכלען די ליפּען — — — און דאָס הארץ ווערט דערבייַ געגעסען פון א בלוטיגען „פּייער, פּייער!“

זי הויבט אויף די אויגען, גיט א קוק אויף איהם און זאָגט:

— מיר דאַכט... איהר וואָלט מיך איצט אויפגעגעסען? — — — —

— יא, — ענטפערט ער מיט א בלוטיגען פּייער־גליה.

האָט זי א שטאַרקען ציטער געטהאָן, און אין א ווייַלע ארום גע־שמייכעלט — — — און נאָכדעם מיט א מאָל שטארק רויט געוואָרען.

— ווידער רויט? — פרעגט ער. — איך זאָל געהן צום טייוועל! — זאָגט דאָס! עס קומט דאָך ביי אייך אַרויס אַזוי שעהן.

— געהט צום טייוועל!

— ווי גוט דאָס קומט ביי אייך אַרויס! ווי גוט! זאָגט דאָס נאָך איינמאָל. נו?!

חנה איז שטיל און אויך ברוך איז אַנטשוויגען געוואָרען.

מאַקס מיט זיינע בעקאַנטע זיינען געגאַנגען אין פאָראויס און שוין גערעדט צווישען זיך וועגען דעם קומענדען „פרייז פייט“: —

— געווינען וועט דער נעגער.

— אין לעבען ניט!

— איך וועט.

— דער נעגער איז „סמאַרט“ און פלינק ווי אַ טייוועל.

— דזשעפערים איז שטאַרק ווי אַן „אינדזשען“.

— נאָר ער בעוועגט זיך ווי אַ בער.

— ער האָט מיט איין קלאַפּ אַוועקגעלעגט אַ פערד.

— פינף צו איינס!

— איך וועט.

און עס האָט געסקריפּעט דער שנעע אונטער די פיס, און ווי אַ פייער האָט זיך געשפּאַרט דער אָטהעם פון מויל און די גליטשערס וואָס זיינען געהאַנגען אויף רימענס אין די הענד, האָבען זיך געקלאַפּט איינס אָן צווייטען, ווי אויך זיי וואָלטען צווישען זיך געפיהרט אַ געשפּרעך.

פלוצלינג איז חנה'ן איינגעפאַלען און זי האָט מיט אַ צו־להכעיס געפיהל זיך אַ ווענד געטהאָן צו ברוך'ן:

— ווי קומט דאָס, וואָס איהר זיינט היינט ניט געגאַנגען צום באָל?

ברוך האָט זיך אויף איהר אומגעקוקט... האָט אַ שמייכעל געטהאָן, און געענטפערט:

— פון רחמנות וועגען.

חנה האָט פון דעם ענטפער אויפגעציטערט... און אַ צושראָקענע און בעליידיגטע האָט זי אויסגעשריען:

אויף וועמען! ? — און זי האָט זיך גלייך געכאַפּט און צוגעגעבען — אויף נחומ'ען?

ברוך האָט אַ קנייטש געטהאָן מיט די אַקסלען:

— חלילה, וואָס פאַלט אייך איין! רחמנות איז זעהר אַ ביליגער פּרייז, און די נחום׳ס וואָס לעגען אויף אַ חלום אַזוי פיעל ענערגיע און וואָס דרעהען זיך דאָרט איצט אין זאַל ארום פעראַרבייטע, מיט אויפ־געצויגענע שטערענס, מיט אויפגעגלאַנצטע אויגען — זיי פערדיענען געווים ניט אַזאַ ביליגען פּרייז, כאָטש איך זעה שטענדיג אין זייערע אויפ־געגלאַנצטע אויגען אַ בעהאַלטענעם וועהטאָג, אַ מורא, אַז די אַרבייט איז פאַר׳ן טייוועל. און די אַלע וואָס טאַנצען אויפ׳ן באַל זעהען מיר אָפט אויס ווי גייסטער פון אַן אונטערגעגאַנגענעם פאָלק, וואָס זיינען איבער עפּעס אַ סיבה אויפגעשטאַנען אין מיטען דער נאַכט און זיך צוטאַנצט. — — —

און מיר דאַכט זיך אויך, אַז אין דעם לאַנד וואו עס געפינען זיך שוין איצ־טער אידען וואָס טהוען אום שבת אָן טלית און תפילין, כדי מיט דעם צו דערצעהלען זייער אָבשטאַמונג, וועלען מיט דער צייט אָט די ציוניסטישע בעלער מיט ביבלישע בילדער בלייבען דער איינציגער זכר פון אידישקייט.

— אָבער אויף וועמען איז דאָס געווען אייער רחמנות? — רייסט איהם חנה איבער אונגעדולדיג.

— ווען איך האָב לעצטען יאָהר — ענטפערט ברוך — דערזעהן, ווי אין דעם לאַנגען זאַל וואָס נעבען טאַנץ־פּלאַץ דרעהען זיך ארום די פערעלטערטע מיידלעך, וואָס ערשט ווען זיי קומען צו אַ באַל זעהען זיי זיך ארום, אַז זיי זיינען שוין אויסגעשפּיעלט, איז מיר פּשוט ניט גוט געוואָרען. עס איז אויסגעקומען ניט אַנדערש, כאָטש נעהם און שטעל זיך מיט זיי טאַנצען פאַר רחמנות!... בעזונדער אָט די עלעגאַנטע מיס פינקעל. זי האָט הפּנים ערשט דאָ דערפיהלט, ווי שלעכט עס איז פאַר אַ אידישער טאָכטער צו פיהרען אַ לעבען נאָכ׳ן שניט פון פראַנצויזישע ראָמאַנען. און די לעווינס, און אויך בלומענקראַנץ, וואָס האָבען זיך צו יענער צייט געדרעהט ארום איהר, האָבען זי דאָ מיט אַמאָל אַזוי שאַרף גענומען אויס־מיידען. און מיך האָט דער טייפעל אַ שטופּ געטהאָן צו איהר און איך האָב זי איינגעלאַדען צום טאַנץ.... און נאָך ביז אויף היינטיגען טאָג, ווי נאָר איך דערמאָן זיך אָן דעם, דערפיהל איך, ווי אַ מיאוס׳קייט ליעגט מיר אין גאָרגעל און וואַרגט מיך צום ברעכען. גאָט מיינער, ווי מיאוס עס איז רחמנות צו האָבען אויף מענשען! איך פלעג אין דאַרף רחמנות האָבען אויף פערד, אויף עזלען, וואָס פלעגען זיך פערמוטשען, אָדער פערמאַטערט ווערען...

— הייסט דאָס, אויף פערד, אויף עזלען, מעג מען יאָ רחמנות האָבען, און אויף מענשען ניט! — שרייט חנה אוים בייז, ווי זיך קריגענדיג מיט ברוך'ן.

ברוך ענטפערט שאַרף:

— אויף פערד און עזלען מעג מען, ווייל דאָס וואָס אַ מענש הויבט זיך אויף העכער פון אַ בהמה, דורך זיין רחמנות און ליעבע צו זיי, האָט ער ווענינסטענס ניט געזינדיגט געגען זיין אייגענעם מין. אָבער רחמנות האָבען אויף אַ מענשען, דאָס הייסט כמעט ווי אויסצונוצען די געלעגענהייט פון יענעמס פאַלען, כדי זיך אויפצוהויבען איבער איהם.

דער ענטפער האָט נאָך מעהרער אויפגערייצט חנה'ן: — „ער וואַרפט זי איצט צו זיינע פיס! ער איז ניט געגאַנגען אויפ'ן באַל אוים רחמנות!... און ער וויל איהר איינרעדען אז דאָס האָט ער געמיינט די מיס פינקעל!...“ און דער געדאַנק, אז אוים רחמנות צו איהר איז ער דאָס ניט געגאַנגען אויפ'ן באַל, נעהמט זי ברענען און שטיקען און זי פאַלט איהם ווידער אריין אין די רייד, ניט טראַכטענדיג וואָס זי טהוט און צו וואָס זי דאַרף דאָס:

— כאַ, כאַ! און אָט די גאַנצע קריסטליכע וועלט, וואָס פערגעטערט רחמנות און ליעבע!?

חנה האָט דערמיט אויפגערייצט ברוך'ס שווערסטע וואונד. ברוך אָבער ווייסט און פיהלט אין וואָס חנה איז איהם חושד, ער זעהט ווי זי ערגערט זיך פון דעם, און זיין האַרץ נעהמט זיך וואַרעמען מיט אַלץ מעהר און מעהר ליעבע צו איהר. און כאָטש ער קוקט גאָר איצט ניט אין איהר זייט, זעהט ער זי פאַר זיך אַ ווייסע, אַ ליכטיגע, וואָס ווערט אַלץ ווייסער, דורכזיכטיגער.... און אינגאַנצען זיין בלוט נעהמט זיך איצט ציהען צו איהר:

— חנה! — ווענדעט ער זיך צו איהר מיט אַ גערענדערטער שטימע, אין וועלכער עס האָט שוין אָפען געציטערט זיין ליעבע צו איהר — וואָס פאַר אַ ביישפיעל איז פאַר דיר די קריסטליכע וועלט? די קריסטליכע רעליגיאָן איז געגעבען געוואָרען פון אידען צו דער ניט־אידישער וועלט — צו מענשען, אויף וועלכע זיי האָבען געקוקט ווי אויף הינט! ווי אויף מיאוס'קייטען! פאַר אידען אָבער איז דאָס געווען אַ רעליגיאָן, וועלכע זיי

האָבען פון זיך אַרויסגעשטויסען מיט׳ן גאַנצען כח, וואָס זיי האָבען גאָר געהאַט אין זיך!...

נאָר ביי די לעצטע ווערטער האָט ברוך שוין דערפיהלט ווי אין איהם פערנעהמט זיך אַ העליש פייער, גאַל און גיפט נעהמט זיך רייסען פון הארצען, אָבער ער שטאַרקט זיך, און מיט זיין אויסגעאַרבייטער פעהיג־קייט — ניט צו טראַכטען פון זאַכען, וועלכע ער וויל ניט געדענקען, האָט ער אין זיך דערשטיקט דאָס גיפטיגע פייער און איז געבליבען שטיל. פון חנה׳ס בליקען האָט ער דערקאָנט, אַז זי האָט חרטה אויפ׳ן גאַנצען גע־שפּרעך, און דאָס האָט איהם געהאָלפען זיך צו בערוהיגען און אויפ׳ן אָרט פון צו טראַכטען וועגען פּאָגראָם און אַנדערע קריסטליכע מערדערייען, האָבען זיך ביי איהם ווידער גענומען וועקען קינדערשע עראינערונגען.

חנה׳ן האָט שוין ניט נאָר באַנג געטהאָן, נאָר אויך וועה געטהאָן, וואָס זי האָט אַזוי פּלוצלינג דערמאָנט די קריסטליכע וועלט. אין איהר אייגענעם אונגליק וואָס איז פערבונדען מיט׳ן פּאָגראָם האָט זי ווי פער־געסען, נאָר איהר האָט זיך גענומען דאַכטען, אַז דאָרטען אַרויף אויפ׳ן שניי־פעלד שטעהט איצט ברוך׳ס מוטער, אַ נאַקעטע, פערשאָטען ביז׳ן האַלז אין שנעע, אַזוי אַז עס זעהט זיך נאָר אַרויס איהר פּנים און די צו־שויבערטע שוואַרצע האָר... פּונקט ווי די גוים פון זייער דאָרף האָבען מיט איהר געטהאָן נאָכדעם ווי זיי האָבען זי פערמוטשעט ביז משוגעת.

און חנה נעהמט זיך צושראָקען און שולדיג טוליען צו ברוך׳ן.... און אָט דאַכט זיך איהר — זי זעהט ערשט איצט ווי דער סטודענט וואַסיל, ברוך׳ס בעסטער חבר, פּאַלט ברוך׳ן צו די פיס, קושט איהם די הענד און ברוך — שטעהט פאַר איהם אַ גרויער, שטויסט איהם פון זיך און רעדט צו איהם מיט גאַל: „דו קומסט צו מיר ווי אַ קריסט און איך שפּיי דיך אין פּנים. — היינט ווען ז י י דאַרפען דאָס — האָבען זיי דאָס געטהאָן; מאָרגען, ווען דו וועסט דאָס דאַרפען, וועסטו דאָס טהאָן, ווייל איהר זיינט אַלע הינט. הונט, אַרויס פון מיין הויז!!״ און ווי ברוך האָט דאָס נאָכ׳ן אונגליק פאַר קיין פאַל ניט געוואָלט פאָהרען אין דאָרף. און ווען מען האָט די מאַמע געבראַכט אין שטאָדטישען משוגעים הויז, איז ער שוין אויך אין שטאָדט ניט געוועזען...

אָבער דאָס פעלד פאַר די אויגען ציהט זיך ווייט, ציהט זיך ווייס. און ברוך רייסט איבער חנה׳ן:

— חנה! איהר געדענקט נאָך ווי מיר פלעגען קאַטשען שנעע־קוילען? גרויסע קנוילען שנעע....

און ברוך מעסט דערביי מיט די אויגען דאָס ווייסע פעלד... עס שווימט אַרויס דאָס דאָרף און צוזאַמען מיט'ן דאָרף — די וועסט מיט איהרע ברייטע סטעפּען, וואָס פערשפּרייטען זיך אונטער א ווייטען אונ־ענדליך בלויען רוים... רוים און ווייטקייט, רוים....

און אָט קאַטשען זייביידע א הויפען שנעע, וויקלען איהם איבער'ן ברייטען פעלד. דער הויפען ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער, פערוואַנ־דעלט זיך אָט אין א רונדען קנויל און אָט אין א ווייסען קלאָץ. און זיי ארבייטען פלייסיג, ווערען פערפלאַמט. עס זעצט פון זיי א פּאַרע; עס שלאָגט זיך אַרויס א לאָק האָר איבער איהר פּנים, עס שלאָגט זיך אַרויס א שוואַרצער טשוב איבער זיין שטערען און זיי שפּאַרען דעם הויפען אַלץ פעסטער, איבערגעבענער. ערגעץ ווייזט זיך א וואַלד, באַלד און זיי זיינען מיט'ן קנויל נעבען וואַלד. און הינטער זיי בלייבט א לאַנגער, לעדיגער פּאַס, און דער לעדיגער פּאַס צושניידט דאָס ווייסע פעלד אויף צוויי. — — — —

— באַלד וועסטו זעהן, חנ'קע! אָט קייקעל נאָך א ביסעל. — ניטאָ קיין זאַך אומזיסט... אַך, ווי שעהן עס פּאַסט דיר דער לאָק, און ווי שעהן עס איז דיין צופלאַמטער פּנים! — — — און ווי דו קייקעלסט דאָס אַזוי פלייסיג, מיין גוטע חנ'קע! — קייקעלסט און פרעסט זיך דערוויילע צו מיר — — — האָסט זיך ליעב פרעסען צו מיר?... — קייקעל, קייקעל! — — —

— גענוג שוין, חנ'קע! — שרייט ער אויס מיט א פריידיגען פייער אין הארצען.

— וואָס ווילסטו טהאָן?!

— באַלד! דו וועסט זעהן. איך וועל אויפשטעלען די קלאָץ.

— וואָס ס'טו מאַכען, א מענש?

— ניין, מיין קינד! באַלד ס'טו זעהן, אז ניטאָ איז קיין זאַך אומזיסט.

און ער נעהמט אָן די קלאָץ פון איין זייט און ווי נאָר ער שטעלט זי אויף, דערהערט זיך באַלד א פלעסק פון פליגעל, א קוויטש, און — עס פליהט אַרויס מיט צופריעדען נאָכגעלאָזטע פליגלען דער פויגעל, וואָס

ער האָט אַ מאָל אָפּגעלאָזט — — — און נאָך איהם פּאַטשט אַרויס אַ גאַנצע מחנה און גיבען זיך אַ הויב אויף אין דער לופטען, דרעהען אויס אַ פּאָר רעדער און לאָזען זיך צוריק אַראָפּ אויף ברוך'ן. און ברוך ווערט אָפּגעשאָטען מיט פויגלען און אַלע פּיסטשען זיי און פלאַטערען און גלעטען מיט די פליגעל. מיט די צועפּענטע שנאָבעל קושען זיי זיך איינער מיט'ן צווייטען פאַר פרייד. און דער אַלטער פויגעל רופט פון קלאָץ אַלץ נייע און נייע — די יונגערע, די גאָר יונגע; און דאָס פּיסטשען און דער פליגעל־פּלעסק ווערט אַלץ גרעסער, רווישיגער.

— חנה, מיין חנ'קע, זעה נאָר! זעהר נאָר, ווי עס ווערט גאָר ניט פערלוירען. — אמאָל, אמאָל אָפּגעלאָזט אַ פויגעל — — — געדענקסט? — — — און איצט זעה וויפיעל? — — — נאַ, קענסט זיי איצט אַלע גלעטען, אַלע קושען — — — און וואו איז דיין קראַנץ? — — — — — חנה, חנ'קע!... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ברוך ציטערט אויף — — — מאַקס מיט זיינע בעקאַנטע, מיט זייערע שאָטענס געהען אויף־צו־פריהער אויפ'ן ווייסען שנעע און שמועסען נאָך וועגען דעם פּרייז־פּייט. —

— טפו, צו אַלדע טייוועל! — שרייט ברוך אויס. — העי, מאַקס, צו וועלכען טייוועל האָסטו זיך דאַרטען פערררעדט! דו ווייסט, אַז איך בין ניט געשלאָפען די לעצטע עטליכע נעכט, געהסטו און לאָזט מיך איבער אַליין מיט חנ'קען.

— כאַ־כאַ־כאַ! — צולאַכט זיך חנה. — וואָס האָט זיך אייך גע־חלום'ט? — — — —

מאַקס לויפט צו:

— ד'וויים?... וואָס — — — איך מיין אדרבה — — — — איהר רעדט דאָך מן הסתם... — וואָס? — — — אויף מיין וואָרט.

— ביזט אַ נאַר! מיר קלעפּען זיך די אויגען.

## קאַפּיטעל 18.

בינעם האָט נאָך דעם לאַנג אַרומגעזוכט ביילקע׳ן אין זאַל און האָט זי שוין מעהר ניט געקענט געפינען. פאַר כעס האָבען זיך ביי איהם פון מאָל צו מאָל צונויפגעקריצט די צייהן און דערצו האָט מען איהם נאָך איצט גענומען רייצען פון אַלע זייטען מיט׳ן נאָמען — ביילקע!!

נחום כאַפּט איהם אָן אַ צופריעדענער:

— מיר רעכענען, אַז דער היינטיגער באַל זאָל אַריינטראָגען אַ דריי טויזענד דאָלאַר. איהר קענט זיך גאַר ניט פאָרשטעלען ווי נויטיג דאָס איז פאַר אונזער צייטונג. איצט מעג מען דאָך שוין זאָגען דעם אמת: מיר האָבען מיט גרויס מאַטערניש דערצויגען ביז׳ן איצטיגען באַל די „אידישע פאָהן". און מיר טהוט טאַקע זעהר באַנג, וואָס ברוך איז ניטאָ אויפ׳ן באַל. נאָך אַלעמען, קיין שונא איז ער דאָך ניט, און איך גלויב, עס וואָלט איהם זיכער הנאה געטהאָן, ווען ער זעהט וואָסער אַ שעהנעם עולם מיר האָבען צונויפגענומען. קיין איינער פון די בעלער, וואָס זיינען געווען היינטיגען יאָהר, האָט ניט געהאַט אַזאַ גרויסען און אַזאַ אינטע־ליגענטען עולם, ווי מיר. דאָס בעווייזט אייך, אַז די בעסערע פון אונזער פאָלק פיהלען, אַז מיר זיינען זייערע, און ביי זיי איז רעכט צוליעב אונ־זער באַל איבערוואַרטען אַלע אַנדערע בעלער. און וואו איז דאָס ערגעץ ביילקע אהינגעקומען?

לאה, אין איהר עלעגאַנטען קלייד פון דין־ראָזען זייד, פערפוצט מיט אַ דינעם ווייסען געוועב, איבערגעבונדען אויפקאָס, פון איין אַק־סעל צו דער טאַליע מיט אַ ברייטען פאַס זייד פון ווייס און בלוי, אויף וועלכען עס איז מיט גאָלדענע ווערטער אויפגעשריעבען: „לעזט „די אי־דישע פאָהן!", לויפט אָן צו בינעמ׳ען מיט בילעטען פאַר׳ן בופעט אין האַנד און שרייט צו איהם אויס, ווי צו אַ ווילד־פרעמדען:

„טשעקס פאַר דהי באַר!"

בינעם קויפט ביי איהר טשעקס, און זי פרעגט:

— און וואָס איז דאָס עפּעס מיט אַ מאָלביילקע ניט געוואָרען?

— יאָ, עפּעס זעהט מען ניט ביילקע'ן! — לויפט אָן נאָך אַן אַנ־דערע, אויך מיט משעקס אין האַנד.

די טענץ זיינען אויף אַ ווײַלע איבערגעריסען געוואָרען. אין זאַל איז געוואָרען פינסטער — אויף דער בימה האָט מען גענומען בעווייזען לעבע־דיגע בילדער:

„ירמיה אויפ'ן שטיין" און אַרום איז אומעטיג־גרוי און פאַרנאַכטיג־באַנג און ווייט — — — און דער אָרקעסטער נעהמט צוּאוועהטאָגט־שטיל און בימער־בייז צוצויגען שפּיעלען „אַ נ י  ה ג ב ר", און דער כאָהר, וועלכען מען זעהט ניט, נעהמט שטיל מיטזינגען, און ביסלעכווייז ווערען די קולות אַלץ העכער און דריקענדער, קומען זיך צונויף און מישען זיך אויס מיט'ן אָרקעסטער, און באַלד ווערען זיי ביידע פערלאָרען. עס דאַכט זיך אויס, דער אָרקעסטער שפּיעלט, נאָר זיינע כלים גיבען קיין טענער ניט אַרויס... הינטען שטעהט אַ כאָהר מיט צועפּענטע מיילער, נאָר זיי זינגען ניט... און אַז אָט דער גאַנצער ברייטער געמיש פון שפּיע־לען און געזאַנג, איבער וועלכען עס שווימט אום אַ טיעפער, טויזענד־יאָהריגער, האַרציגער אומעט, שטראָמט אַרויס פון דעם נביא'ס האַרצען, פון זיין נשמה, פון זיינע ביינער, פון אָט דער גרויסער טראַגישער גע־שטאַלט, וואָס זיצט איצט אויפ'ן שטיין, טיעף פערטראַכט און שווער געבויגען. און באַלד נעהמט זיך בינעמען דאַכטען: — אַרום דעם נביא ווערט אַ ראָד מיט מענשען, און אונטער דעם ראָד נאָך אַ ראָד, און אַזוי אַלץ ווייטער און ווייטער, איין ראָד אונטער דעם אַנדערען, איינס אונ־טער דעם אַנדערען, און וואָס ניעדעריגער איין ראָד איז, אַלץ גרעסער און מעהרער איז זיין צאָהל מענשען. ביז עס ווערט אַ גרויסער הויכער באַרג. און אויבען ערהויבט זיך די גרויסע טראַגישע געשטאַלט פונ'ם נביא. זיינע אריינגעגראָבענע גרויסע אויגען קוקען טיעף אין זיך און ווייט, ווייט פאַר זיך, נאָר זיין גרויסער צער ניעדערט און גיסט זיך אריין אין די הערצער און אין די אָדערען פון די דורות, וואָס רינגלען אַרום דעם באַרג, און זייער אַלעמענס בלוט נעהמט מיט געשריי און מיט ביטערניש מיטזאָגען:

איך בין דער מאַן וואָס האָט געפיהלט דעם פּיין, די רוט פון זיין צאָרען — — — !

מיך האָט ער געפיהרט און איך בין געגאַנגען איבער פינסטערניש אָהן ליכט — — — !

מיינע וועגען האָט ער פערצאַמט מיט געבראָכענע שטיינער און מיינע אויסוועגען — פערקרימט — — — !

אָנגעצויגען האָט ער זיין בויגען און מיך געשטעלט פאַר א ציעל צו זיין פייל — — — !

עפּעס א מין טיעפער בעדויערען האָט דערביי גענומען עסען בינעם'ס האַרץ, און פּונקט דאַן איז צו איהם צוגעקומען לעווין און איהם מעשה גוטער־ברודער אָנגעכאַפּט פאַר'ן האַנד :

— וואו איז זי ערגעץ אַהינגעקומען ? — — — — —

דער נאַרישער, באַלעבאַטישער טאָן, מיט וועלכען לעווין האָט זיך צו איהם געווענדט, און דער וואָרט „זי" האָבען בינעמ'ען נאָך מעהר אויפגערעגט און זיין בליק האָט זיך מיט פעראַכטונג אָפּגעשטעלט אויף די צוויי ברייטע פאָדערשטע ציינער, וואָס האָבען זיך ארויסגעזעהן פון צווישען לעווין'ס ווייכע ליפּען, און זיין רעכטע האַנד האָט זיך צונויפגענ־מאַכט אין א שטאַרקען פויסט אויף צו דערלאַנגען לעווינ'ען אין די ציינער אריין.

— פוי, צום טייוועל, וואָס פאַר א נאַרישען נאָז איהר האָט! — שרייט צו איהם בינעם אויס אָן אויפגעבראַכטער.

— איך פרעג אייך אויף איהר, אויף ביילקע'ן, — זאָגט לעווין, זיך פערליערענדיג, און ער צופּעט דערביי די אויגען. — וואָס איז מיט אייך ? וואָס ? — — — —

— וואָס מיט מיר איז, איז ניט אייער טאַטענ'ס עסק !

— איהר זיינט שכור ?! — רופט זיך אָפּ לעווין, שטעלענדיג א פּוס צוריק.

אַלע אַדערען האָבען זיך אין בינעמען אָנגעצויגען און האָבען איהם א בריה געטהאָן, ווי זיי וואָלטען געווען פון צוגליהטען אייזען. ער האָט דערפיהלט, ווי אָנצוכאַפּען דעם לעווינ'ען פאַר'ן האַלז און איהם א שלייר דער טהאָן צו דער ערד. צום גליק אָבער איז לאַה פאַרביינגעגאַנגען און האָט זיך געוואָלט ווענדען מיט עפּעס צו בינעמ'ען, נאָר דערזעהענדיג, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט זי גלייך אָנגעכאַפּט בינעמ'ען פאַר דער האַנד :

— בינעם ! וואָס איז מיט אייך ? וואָס קומט דאָ פאָר ?... — און

דערביי האָט זי צוגעוואָרפען א פעראַכטענדען בליק אין לעווין׳ס זייט.

לעווין איז געווען צופריעדען, ווען ער האָט דערזעהן עמיצען פאַר־ביינעהן, אָן ווענען ער האָט זיך געקענט אָנטשעפּען און מיטגעהן.

א ווײַלע איז נאָך בינעם געשטאַנען און לאה האָט איהם ניט געקענט ריהרען פון אָרט. נאָכדעם האָט ער גענומען שמייכלען און איז מיט איהר אוועק צום בופעט און אויפ׳ן וועג צו איהר גערעדט:

— נו, גאָר ניט. וואָס האָט איהר זיך דערשראָקען? איך וויים? ער איז א נארישער בחור. און איך האָב פיינט זיינע צייהן. נו, און איהר ווייסט דאָך, ווי מיך קאָנען אויפרעגען צוויי נארישע ברייטע לאַפּעטעס.

— אָבער ווי ווערט מען דאָס אַזוי אין כעס אויף יענעם?

— וואָס פערשטעהט איהר ניט, ווי מען נעהמט און מען ווערט אין כעס? — רעדט צו איהר בינעם שמייכלענדיג.

דער בופעט איז געווען פול מיט אויפגעראַמטען עולם, וועלכע זיינען געווען יום־טוב׳דיג צוזעצט אַרום די פולע, רונדע מראַמאָרנע טישלעך.

בינעם מיט לאה׳ן האָבען פאַר זיך אויסגעזוכט א טישעל.

— לאַנג אָבער וועל איך מיט אייך ניט קענען זיצען, — וואָרענט איהם לאה, אָנווייזענדיג איהם אויף די טשעקס, וועלכע זי האָט צו פער־קויפען.

— וועל, — ענטפערט בינעם מיט א שמייכעל. — וועל איך נאָך אָן איבערינגען מאָל זיין פון די רייכע, וואָס בעגנוגענען זיך מיט א ביסעל. און וואָס וועט איהר הייסען בעשטעלען?

— לעמאָנאַד, — זאָגט לאה.

דער קעלנער איז צוגעקומען. בינעם האָט ביי איהם בעשטעלט פאַר לאה׳ן לעמאָנאַד און פאַר זיך ביער.

— צו וואָס דאַרפט איהר איצט ביער? איהר זיינט דען איצט נאָך ווייניג אויפגערעגט? — פרעגט לאה.

— ווער וויים, אפשר נאָך ווייניג?! — שמייכעלט בינעם.

ווען דער קעלנער האָט צוגעטראַגען די בעשטעלונג, האָט דאָס גלאָז ביער, ביים אוועקשטעלען, געגעבען א מאַסיווען קלאַפּ אָן דעם מראַמאָר... די גלאָז איז געווען א שווערע און האָט געהאַט א הענטעל, אין וועלכען עס האָבען געקענט אריין אַלע פינגער פון א מענשליכער האַנד. בינעם

האָט מיט זיין האַנד פעסט אָנגענומען דאָס הענטעל און דערפיהלט ווי אויפצוהויבען דאָס גלאָז און מיט אַ מאָל און מיט'ן גאַנצען כח מיט איהם אַ קלאַפּ טהאָן אין דעם גלאַטען מראַמאָרנעם טישעל, נאָר ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן פון דעם איינפאַל און זיך גענומען דאַרשטיג טרינקען דאָס קאַלטע ביער. פון העפליכקייט וועגען האָט ער געוואָלט ניט אויס־טרינקען דאָס גלאָז ביער אין איין מאָל, אָבער ווען ער האָט שוין געהאַט אַראָפּגעשלונגען אַ טהייל פון דעם ביער און דערפיהלט אַרום זיין האַרצען די קאַלטע פייכטקייט, וואָס האָט מיט זיך געטראָגען קיהלקייט, וואַרעמ־קייט און עפּעס אַ מין ברייטע גראַמקייט, האָט ער ניט אויסגעהאַלטען און אָהן אָן אָפּהאַלט אויסגעטרונקען אין גאַנצען דאָס ביער מיט איין מאָל.

און נאָכדעם האָט ער מיט אַ פערשולדיגטען שמייכעל גענומען קוקען אויף לאה'ן.

לאה האָט דורך אַ לאַנגער שטרוי געצויגען אין זיך דעם לעמאָנאַד פון איהר דינעם גלאָז, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ הויכען, גלעזערנעם פינגער־פיסעל, און כאָטש זי האָט זיך עטוואָס דערשראָקען פון דעם אופן, ווי בינעם האָט אויסגעטרונקען דאָס ביער, האָט זי זיך געמאַכט, אַז זי האָט דאָס גאָר ניט בעמערקט. און אָט האָט זי נאָך אויף אַ ווײַלע אָניפּגעהערט טרינקען, מיט דער שטרוי גענומען דרעהען די שטיקלעך אייז אין גלאָז און געפרעגט:

— און ווי געפעלט אייך: ניט ברוך, ניט חנה! פאַר וואָס זיינען זיי היינט ניט געקומען?

בינעם ענטפערט ניט, נאָר ער שמייכעלט.

לאה האָט ווידער אריינגענומען די שטרוי אין מויל.

און בינעם קוקט אויף איהר און זעהט, ווי שעהן עס ציהען זיך צונויף איהרע באַקען פון אָט דעם זויגען דעם לעמאָנאַד דורך דער שטרוי, און אַז איהר לאַנגליך פאַרמירטע מאָרדעטשקע איז עהנליך צו חנה'ס און אַז איהרע אַקסלען זיינען ביי איהר אַזוי רונד און שעהן צוגעוואַקסען ווי ביי חנה'ן...

— און וואו איז דאָס פאַרט מיט אַמאָל ביילקע אהינגעקומען? — ווענדט זיך צו איהם ווידער לאה.

בינעמ'ען איז מיט אַ מאָל דורכגעפלויגען אַ געדאַנק אין קאָפּ, אַז לאה ווייסט, וואָס אין איהם קומט איצט פאָר, נאָר זי מאַכט זיך ניט

וויסענדיג און שפּיעלט זיך מיט איהם ווי מיט א אינגעל... זיין אויפ־רעגונג האָט מיט א מאָל ווידער גענומען שטייגען, זיין פּנים איז געוואָרען פינסטערער, די אויגען שאַרפער, און ער האָט א קלאַפּ געטהאָן מיט'ן גלאָז אָן טיש, אַזוי אַז דאָס גלאָז האָט זיך שיער ניט צובראָכען. דער קעלנער איז צוגעלאָפען און בינעם האָט בעשטעהט נאָך א גלאָז ביער.

לאה האָט זיך אויפגעהויבען.

— איך דאַרף שוין געהן.

— וואָס איילט איהר זיך? איהר האָט ניט, וואָס מורא צו האָבען; איך וועל שוין די איצטיגע גלאָז ביער ניט אויסטרינקען פאַר איין מאָל...

— פון מיינעטוועגען! — שרייט זי אויס, אויפציהענדיג די אַקסעל.

— נאָר איהר ווייסט דאָך, — זאָגט זי, איהם אָנצייגענדיג אויף די טשעקס. — אָבער אין וועל נאָך אפשר באַלד זיין צוריק.

לאה איז אַוועק. ווען מען האָט בינעמען דערלאַנגט דאָס גלאָז ביער האָט עס ווידער מיט איהר שווערען גלאַטען דנאָ א מאַסיווען קלאַפּ געטהאָן אָן דעם מראַמאָר, און ווידער האָט בינעם ביים אָננעהמען די גלאָז דערפיהלט די פריהערדיגע ליידענשאַפט — צו צוקלאַפען דאָס גלאָז אָן דעם מראַמאָר.

— וואָס בין איך דאָס, משוגע?! — גיט ער זיך אַליין א בייזען פרעג, ווי ער וואָלט אויף זיך אָנשרייען פאַר די נאַרישע איינפאַלען, און ער גיט מיט פערדראָס און כעס א הויב דאָס גלאָז און!... — דאָס האַרץ האָט זיך אין איהם א קאַלטען ריס געטהאָן. ער אַליין איז מיט שרעק אויפגעשפרונגען. מיט א געשריי און קוויטשעריי זיינען אויפגעשפרונ־גען מענער און פרויען פון די אַרומיגע טישלעך. און באַלד האָט ער אַרום זיך דערזעהן א ראָד פון פערפוצטע מענער און פרויען, וואָס האָבען אויף איהם געקוקט מיט ווילד־צושראָקענע בליקען. און אָט האָט ער צווישען זיי דערזעהן ביילקע'ן, און באַלד האָט ער זיך איבערציינט, אַז ער האָט א טעות... און אויפ'ן נאַסען טישעל, וואָס געבען איהם ליגען שטיקלעך גלאָז... און ער קוקט אויפ'ן עולם און שמייכעלט... און אָט זיינען באַלד אָנגעלאָפען לאה, נחום, דער מאַלער — מענדיל, א פּאָר קעלנער. עפּעס א בעקאַנטע מיידעל האָט פון זיך אַראָבגעריסען איהר זיידענעם שאַרף און מיט איהר איהם גענומען ווישען דאָס בלוט פון זיין האַנד... — — —

## קאַפּיטעל 19.

ווען ברוך איז געקומען צו זיך אהיים, האָט ער דערזעהן, אַז אין זיין צימער איז ליכטיג. ווער זאָל דאָס זיין?

— אַ! — קלערט ער. — געוויס פון פעראיין. און ווי שפּעט יענער זיצט און וואַרט דאָס אויף מיר. עס קען געוויס זיין דער איבער־געבענער בינעם.

נאָר ווען ער האָט אויפגעעפענט די טהיר, איז איהם אַנטקעגען גע־קומען ביילקע!

— גוטען אבענד, ביילקע! — שרייט ער אויס ערשטוינט, זיך בע־מיהענדיג צו זיין פרעהליך. — ווי קומט איהר אהער אַזוי שפּעט?

אויפ'ן טיש שטעהען אין וואַסער פרישע בלומען, און ברוך האָט זיך שיער ניט אַרויסגעכאַפּט: „און וואַסערע שעהנע בלומען איהר האָט דאָס מיט זיך געבראַכט!" נאָר ער דערמאָנט זיך, אַז עס קאָן דאָך זיין, אַז די בלומען זיינען לאה'ס...

ביילקע, דערזעהענדיג איהם מיט די גליטשערס אין האַנד: —

— וואָס? איהר האָט זיך גאָר געגליטשט?! היינט זעהט, וואָס פאַר אַ שלעכטער מענש איהר זייט! פאַר וואָס האָט איהר מיר ניט געזאָגט, אַז איהר געהט זיך היינט גליטשען?

— ווען איך האָב זיך מיט אייך געזעהן, האָב איך דאָס נאָך אַליין ניט געוואוסט. — ווי קומט איהר אהער אַזוי שפּעט?

— איך בין געווען ביי מיינער אַ מומע. זי וואוינט דאָ, אין יאָנ־קערס. אויפ'ן וועג צוריק, קלער איך: מען דאַרף זיך אַריינכאַפּען צו אייך — — — און וועמען וועט דאָס איינפאַלען, אַז איהר וועט אויף זיך לאָזען אַזוי לאַנג וואַרטען?!

— טאַקע, טאַקע. ווי מאָדנע דאָס איז? נעה ווייס, אַז מען וואַרט אויף דיר! אַז עמיצער איז צו דיר געקומען?!

ברוך נעהמט זיך אַרומדרעהען איבער'ן צימער נערוועז...

— זאָגט דעם אמת, זיינט איהר צופריעדען פון דעם, וואָס איך בין צו אייך געקומען?

— וואָס רעדט איהר?... וואָס הייסט — — — — שטעלט זיך פאָר — — — איצטער איז דאָך ווינטער, און אָט דער שנעע, און אָט די בערג, די וועלדער. זיי קאָנען דאָך משוגע מאַכען אַ מענשען. און פונקט איצטער געהט זיך ערגעץ איבער ווייטע פעלדער דער פעטער־שנייער אין זיין גרויסען, ווייסען טלית. ער געהט זיך אזוי לייכט, פערטראַכט. זיין באָרד איז וויים און שיטער, און ער קוקט אזוי ווייט, אזוי קאַלט און גלייכגילטיג. — — — און ערגעץ צווישען וועלדער אין אַ וואַלד ציינדען איצט ווינד־מיידלעך, בלויע פייערען, און אז עס שטאַרקען זיך די בלויע פייערען, שטאַרקט זיך דער פראָסט. און דער זיידע ברעכט בוי־מער און וואַרפט זיי אין פייער. ער שפּאַלט מיט זיינע הענד די שטאַרק־סטע דעמבעס, שפּאַלט זיי אין שטיקער, און די ווינד־מיידלעך כאַפּען זיי אונטער און וואַרפען זיי צופריעדען אין פייער, און צולייגען נאָך אַלץ נייע און נייע פייערען. און די בלויע פייערען קנאַקען; עס קנאַקען די שטיקער, די בוימער. עס קנאַקט און הילכט דער גאַנצער שוואַרץ־וויי־סער וואַלד, און דער זיידע געהט אוועק אין זיין ארבייט אַלץ ווייטער און ווייטער. און אין טהאָל, ביי דעם אייז, בעוויזט זיך דער פיעדעל־שפּיעלער, אַ צורייצטער, אַ בלאַסער. ער שפּאַרט זיך אָן ביי דעם בוים, וואָס וואַקסט, ווי אויף אומצופאַלען, און נעהמט זיך שפּיעלען אויף דער דינער סטרונע, און עס צוטראָגען זיך שאַרפע, רופענדע טענער — — — און עס בעוויזט זיך פריש־שמייכלענדיג אַ שעהנע ווינד־מיידעל אין אַ העל־בלויען זיידענעם העמד, און דאָס העמד ציטערט אויף איהרע רונדע, ווייכע גליעדער, אויף די בריסט, און זי ניט אַ קוק אויפ'ן פיעדעל־שפּיעלער און דערקאָנט, אז ער מיינט ניט זי... — איהר פערשטעהט, ביילקע? — ער מיינט ניט זי... איז זי אָבער אַ גוטע און הויבט זיך אויף אויף די באָרוועסע פיס, אויף די שפּיץ פינגער ציהט זי זיך אויס און ווערט נאָך לענגער און שלאַנקער, הויבט אויף איהר שעהנעם קאָפּ, איהר נאַקעטע רעכטע האַנד, און רופט און העלפט איהם רופען. קוממט אָן נאָך אַ מיידעל, און נאָך אַ מיידעל. אַלע ווייסע, ציטערדיגע, שפּרינ־גענדיגע, אַלע אין בלויע, זיידענע העמדער, אָבער זיין פיעדעל רופט שוין איצט קלאָר: — דזין דזין!!

„דזין־דזין" הייסט דאָס מיידעל, פאַר וועלכער דער זיידע־פּראָסט האָט אַוועקגעגעבען שטאַרקע דרייצעהן וועלדער. זי איז איהם טהייער, ווי דער שוואַרץ־אַפּעל פון אויג. זי — האָט אָבער ליעב דעם בלאָסען שפּיעלער; זי האָט ליעב צו טאַנצען אונטער זיינע טענער, צו בויגען איהר קערפּער, פּונקט ווי זיי וויעגען זיך; און דערהערט זי אין מיטען טאַנצען, ווי זיין פידעל ציהט אויס — דזין־דזין! — ווערט זי אַן אויפ־געציטערטע און פאַלט אין גאַנצען אַריין אין זיין מאַכט.

איצט אָבער שרייט זיין פידעל — דזין־דזין! די מיידלעך ווילען איהם אַרויסהעלפען, — לויפען זיי אום איבער'ן אייז און שרייען און רופען: דזין־דזין! דזין־דזין! — — —

דזין־דזין אָבער קומט ניט. זי האָט היינט מורא מעהרער ווי אַלע מאָל, ווייל זי וויים, אַז דעם זיידען געהט דאָס היינטיגע נאַכט זעהר גוט, און נאָכדעם, ווי ער וועט אָנברעכען אַ סך בוימער און אָנשפּאַלטען אַ סך האָלץ, ווען די בלויע פייערען וועלען שוין זיין צושפּרייט איבער'ן גאַנצען וואַלד און עס וועלען אַרום זיי טאַנצען די ווילדע מיידלעך, וועט זיך איהם פערוועלען האָבען נעבען זיך זיין דזין־דזין, פאַר וועלכער ער האָט אַוועקגעגעבען דרייצעהן וועלדער.

דער שפּיעלער אָבער וויל פון גאָר ניט וויסען. די פידעל רופט און רופט. — גליטשען זיך די מיידלעך אַהין, אַהער און רופען, רופען. און אַז די טענער צורייצען זיך, רייסען פון זיך די מיידלעך אַראָפּ די בלויע העמדער און נעהמען זיך אַרומלויפען איבער'ן אייז נאַקעטע. און אַט קלעטערען זיי אַרויף אויף די דערבייאיגע בוימער און שטעהען הוילע, פערציטערטע אויף די פערשנעעטע בוימער און קוקען צושראָקען אין אַלע זייטען, איבער'ן ווייט־צוצווייגטען, ווייסען וואַלד, מיט די אויגען זוכען זיי און רופען: — דזין־דזין! דזין־דזין!! ברענגט דער ווינט צוטראָגען נאָך כוואַליעס און ווינט־מיידלעך, ווערען זיי אַלע פערכאַפּט פונ'ם „דזין־דזין!" און וואַרפען פון זיך באַלד אַראָפּ די ווייסע שנעעאיגע שלייערס, שפּרינגען אַרוים אין די בלויע, זיידענע העמדער און קוקען זיך איבער צושראָקען — — — דזין־דזין איז צווישען זיי ניטאָ! — — טאַנצען זיי אַלע פערצווייפעלט אַרונטער, שלאָגען זיך אַלע צוזאַמען, פלעכטען זיך איבער, נעהמען ווילד בייסען איינע די אַנדערע און שטשירען אויף דער בלויער נאַכט מילך־ווייסע פערבלוטיגטע צייהן. און ווייסע

שפּיציגע צייהן זיינען פערבלוטיגט פון זייערע אייגענע ליבער, און זיי נעהמען מיט זיי בייסען די לופט, ציהען אויס זייערע קעפּ און צובילען זיך ווי ביטער־פערצווייפעלטע הינט. — קען שוין די שעהנע דזין־דזין לענגער ניט אויסהאַלטען און לאָזט זיך קייקלען און שפּרינגען איבער באַרג און טהאָל, טאַנצט און שפּרינגט אַ פערצאַפּעלטע איבער בוימער און בוימער און בעוויזט זיך אויפ'ן אייז. — — —

און ווי נאָר זי בעוויזט זיך אויפ'ן אייז, דערהערט זיך באַלד אַ שטאַרקער, פּראַסטיגער בייזער; עס ציטערט אויף דער אַלטער וואַלד, עס שלאָגט זיך אויף אַ ווייסער שטויב, אַ צורייצטער, ווילדער שטורעם. — עס קנאַקען צווייגען, עס פּלאַצען בוימער, דאָס אייז נעהמט זיך אין שטיקער רייסען. עס ציטערען אויף שטעדט און דערפער, עס בעוויזט זיך אין זיין ווילדען כעס דער זיידע־פּראָסט.

ברוך, וואָס איז געוואָרען אין דער צייט פון זיין דערצעהלען, אַלע מעהרער און מעהרער נערוועז, בלייבט מיט אַ מאָל שטעהן אַ בלאַסער.

ביילקע שפּרינגט אויף:

— און וואָס איז געוואָרען? וואָס איז געוואָרען?! — — —

— נאַרישע מיידעל. וואָס האָט איהר זיך אַזוי דערשראָקען? — ערגעץ איבער ווייטע, ווייסע פעלדער געהט דאָך איצט צום וואַלד דער פעטער־שנעער — — — בלאַס, פערטראַכט, אין אַ גרויסען, ווייסען טלית, און שטעלט צום וואַלד־צו זיינע טריט, אַזעלכע רוהיגע, אַזעלכע גלייכגילטיגע. — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַך, וואָסער אַ שלעכטער איהר זייט, וואָסער אַ שלעכטער איהר זייט! — שרייט זי אויס, צוגעהענדיג האַרט צו איהם.

ברוך נעהמט אָן מיט זיינע ביידע הענד איהר קאָפּ. ווי שעהן עס שמעקט איהר שעהנער, שוואַרצער קאָפּ, און וואָס פאַר אַ שעהנער איינפאַל עס איז צו קעמען אָט די שעהנע האָר אין צוויי כוואַליעס, און נאָכדעם זיי ערשט איבערבינדען פון אויבען מיט אַ שוואַרצער סטענגע. און וואָסערע שעהנע, אידישע אויגען! קליינע פולע ליפּען, און די קליינע רונדע בריסט פּרעסען זיך אַרויס פון אונטער דעם שוואַרצען, סאַמעטענעם קלייד. ווי זי האָט זיך דאָס פערפּוצט! און וויפיעל חן עס גיט צו איהר דינער פיגור די אָנגעשפּיליעטע פרישע רויז. אויפ'ן גאַנצען שוואַרצען

קלייד — בלויז איין רויז. און די רויז איז רויט ווי בלוט, און די רויז איז רויט, ווי פייער. — — —

— קינד, ווי קען איך נאָר היינט זיין אַ שלעכטער? איהר זאָלט וויסען וואָסער אַ שעהנע זון עס האָט מיך היינט פריה בעגעגענט, און ווי דער שנעע האָט אונטער מיינע פיס געשפּיעלט, ווי עס פּיסטשען פוינעל, ווי עס וואָרקען טויבען. און ווי נאָכדעם, ווען איך בין געפּאָהרען אין „עלעווייטעד", איז אויף יעדער גאַס צו מיר ארויסגעשפּרונגען אַ נייע זון, און נאָכדעם, ווען עס איז שוין צוגעפאַלען די נאַכט, האָב איך מיט אַמאָל פאַר זיך דערזעהן די אַלע זונען. און איך האָב זיי צונויפגענומען אין מיינע הענד און האָב זיי געפּרעסט צו מיין האַרץ, און אַזוי האָב איך געוואָלט ארויפגעהן אויף אַ הויכען באַרג און זיך מיט זיי ווייזען פאַר מענשען, פאַר קינדער, — זאָלען זיי הנאה האָבען, זאָלען זיי זעהן, ווי גליקליך מען קען זיין אין דער וועלט. אַך,ביילקע, וויפיעל גליק עס איז פאַראַן אויף דער וועלט. וויפיעל גליק! און וואָס זיינען דען די צרות פון יאָהרען אנטקעגען דעם אונענדליכען גליק פון איין מינוט? — אַ זעמדעל אין אַ לויטערען ים, ביילקע!

— אַך, ברוך, ברוך! איהר זייט דאָך עפּעס אזא מאָדנער? — — — אין וואָס פאַר אַ וועלט לעבט איהר? — — — ברוך! — — —

— קינד, איך לעב אין דער אמת'ער וועלט. זיי — די גאַנצע שטאָדט לעבט אין אַ פאַלשער, אין אַן אויסגעטראַכטער וועלט.

— ברוך; ברוך!! ברוך!!! — שרייט זי פּלוצלונג אויס. — נעהמט מיך אויף די הענד, דריקט מיך צו צו זיך, פּרעסט מיך אריין אין זיך, לאָזט מיך בלויז איין נאַכט זיין מיט אייך. קיינער וועט זיך צו מיר מעהר ניט צוריהרען. איך וועל זיין בלויז אייערע. איך האָב זיך גע־וואַשען, גע'טובל'ט, מיין גאַנצער לייב שמעקט איצט. איך וויל זיין אייער כלה. איך וויל זיין אַ כשרה, אייערע, ברוך; ברוך! — — — גאָט מיינער! ווי איך פערליער זיך נעבען אייך! וואָס זיינט איהר פאַר אַ מענש? פון וואַנען האָט איהר זיך גענומען?! איך וועל דאָך לעבען אייך משוגע ווערען. איך האָב זיך דאָס היינט אָנגעטהאָן אויף צו געהן צום באַל, און אַלע זאָגען, אַז מיט מיר איז אַזוי גוט צו טאַנצען. איך בין דאָך אַזוי לייכט, אַזוי דין. איך האַלט זיך אַזוי לייכט אויף די פיס. און אַזוי פיעל האָבען דאָך נאָך געוואָרט, אַז איך זאָל מיט זיי היינט

טאַנצען, און איך האָב נאָר איבערגעלאָזט דעם באַל און בין אַוועק צו אייך און — — — צום סוף זיץ איך דאָ די גאַנצע צייט און וואַרט. און טאָמער האָב איך דערהערט טריט, בין איך דאָך אַלע מאָל אויפגעשפּרונגען ווי אַ משוגענע... און איהר האָט זיך נאָר געגליטשט די גאַנצע צייט! — ווען איך וואָלט דאָס געוואוסט, וואָלט איך דאָך געלאָפען אייך אויפזוכען אויפ'ן אייז. חנה איז דאָך דאַרטען אויך געווען — — — — אָבער איך האָב פאַר איהר קיין מורא ניט. זי ווייס, אַז איך האָב אייך ליעב; אַז איך וואָלט געקושט אייערע פיס, אַז איך וואָלט זיך געלאָזען פון אייך אויפעסען; אַז איך וויל ווערען אייער כלה. און טאָמער האָב איך געזינדיגט, דאַרפט איהר מיר מוחל זיין, ווייל ווי לאַנג קען מען נאָך דאָ, אין דער גרויסער שטאָדט, זיין יונג?... ברוך! — — — — דער שאָפּ זוינט דאָך אויס דעם מאַרך פון די ביינער. איהר זאָלט מיך געווען אָנקוקען, ווי שעהן איך בין געווען, נאָר־וואָס ווען איך בין אהער געקומען צו פאָהרען — — — — אָך, ברוך! ברוך!... און ווער האָט אייך געבראַכט אָט די בלומען? זאָגט: איהר האָט זיי אַליין געקויפט?...

און אָט איז זי געבליעבען שטעהן. טרעהרען האָבען זי גענומען שטיקען אין האַלז, און באַלד איז זי צונעפאַלען מיט'ן קאָפּ צו זיין ברוסט און גענומען וויינען, זיך צאַפּלענדיג אין זיינע הענד.

— ביילקע! קינד! פיהלט איהר כאָטש איצט, אַז גאָט איז מיט אייך?

— וואָס ווילט איהר מיט אייער גאָט? וואָסער גאָט?! וועלכער גאָט!! ניטאָ קיין גאָט! ניטאָ!

— דער אידישער גאָט. אָט דער גאָט, וואָס איז זיך איצט אַזוי שטאַרק נוקם אין דיר, פאַר וואָס דו ווילסט פון איהם ניט וויסען. קעהר זיך איצט אום צו איהם און ער וועט דיר מוחל זיין, ווייל ער איז דאָך ד ע ר, פאַר וועמעס פייערדיגען צאָרן עס ציטערט אויף דאָס מענשליכע האַרץ. און ער איז אָבער אויך פול מיט רחמים, ביילקע. און ער פערגיט און ער היילט. מען קען זיך צו איהם אומקעהרען, ווי אַ קינד צו אַ טאַטען. ער איז אַ גוטער, ער איז אַ גרויסער און גוטער, ביילקע. קוק זיך אום און זעה, — ווי ער וואַכט, ווי מען קען זיך פון איהם ניט בעהאַלטען!

— פאַר וואָס זעה איך ניט?! פאַר וואָס ווייס איך ניט?! — טענה'ט זי דורך טרעהרען.

— צו זעהסטו דיין אייגען הארץ? און פאַר וואָס ווייסטו, אַז דו האָסט אַ הארץ? — — — צו זעהסטו דיינע געדאַנקען? און פון וואַנען ווייסטו, אַז דו האָסט אַ געדאַנקען? — גאָט, דאָס זיינען די בעסערע פערלאַנגען פון דיין הארצען, דאָס זיינען די ריינערע געדאַנקען פון דיין קאָפּ. הער, וואָס איך זאָג דיר. קוק זיך איין אין דעם. און אַז דו וועסט זיך אין דעם איינלעבען, וועסטו דערזעהן, וועסטו דערפיהלען, אַז דאָס איז בלויז דער טהייל פון גאָט אינ'ם מענשען, ווייל ער אַליין איז גרויס, — „עס איז פול די גאַנצע וועלט מיט זיין כבוד", אָבער ער איז נאָך גרעסער, נאָך גרעסער פון טויזענדער און טויזענדער וועלטען צוזאַמענגענומען. עס שפּרייט זיך זיין ריינקייט און שעהנקייט איבער הימעל און שטערען, אָבער ער איז נאָך גרעסער און שעהנער פון טויזענד און טויזענדער פערשטערענטע הימלען צוזאַמענגענומען, ווייל ער איז גאָט, ווייל ער איז דער איין און איינציגער גאָט, און עס איז ניטאָ מעהר קיין גאָט אויסער איהם. און געבענשט איז דער מענש, און ווי וואויל איז איהם, ווען ער דערפיהלט אין זיך אַ טהייל פון אָט דעם גרויסען גאָט. און וואו איז דען דער מענש, אין וועמעס הארצען עס וואוינען שוין גאָר ניט קיין גוטע פערלאַנגען, אין וועמעס קאָפּ עס זיינען שוין גאָר ניטאָ קיין ריינע געדאַנקען. ביילקע! פערשטעה, אַז דורך דעם, וואָס דאָס זינדיגע שלעפּט אַראָפּ דאָס לויטערע צו זיך, ווערט דאָס ניט געלייטערט, נאָר דורך דעם, וואָס דאָס זינדיגע הויבט זיך אויף צו דער לויטערקייט, הויבט זיך אויף צו גאָט. ערגעץ אין דיר איז פאַראַן אַ לויטערער מאַרגענשטערען. לאָז איהם אויפגעהן, ביילקע, און זאָל ער אויפשטראַהלען אין דיר, און זאָל ער אַרויסשטראַהלען פון דיינע אויגען אין זיין גאַנצער לויטערקייט. — — — ווי שעהן דאָס וועט זיין, ביילקע, ווי שעהן! אַ רוים, אַ ווייטקייט וועט זיך עפענען פאַר דיינע אויגען, און דו וועסט נעהמען קוקען גרויס און ברייט און ווייט. — — —

אזוי האָט נאָך ברוך לאַנג גע'טענה'ט, רעדענדיג און מאָלענדיג.

און דורך דער הארציגקייט פון איהרע טרעהרען און פון דער איבערגעבענער וואַרעמקייט פון זיין שטימע, האָט ביילקע גענומען פיהלען אין זיך עפּעס נייעס, ווייטעס, עפּעס אַזעלכעס, אנטקעגען וועלכען עס עפענט

זיך ציטערדיג אויף דאָס האַרץ, די נשמה. זי ליעגט אַ פּערוויינטע, איינ־גענורעט מיט איהר קאָפּ אויף זיין ברוסט און פאַר די פערוויינטע אויגען שפּרייטען און ברייטען זיך פערשטערענטע הימלען — — — און עס קלינגט נאָך אין די אויערען ברוך'ס אויסגעשריי: „טויזענדער און טויזענדער פערשטערענטע הימלען, אָבער ער איז נאָך גרעסער, ער איז נאָך שעהנער!“ — — — — פון וואַנען האָט זיך ברוך גענומען מיט זיינע מענות? — — — און וואָס וויל ער פון איהר האָבען? — — — און ווי גוט עס איז צו ליעגען איינגענורעט אין איהם! — — — און זי פּרואווט זיך פון דעסטוועגען און פרעגט מיט אַ מין מורא און שטילקייט, ווי זי וואָלט ניט וועלען אויפרודערען די שטילקייט:

— פאַר וואָס זאָרגט איהר זיך אַלץ פאַר דער נשמה?!

און ברוך לעגט אַרויף זיין האַנד אויף איהר קאָפּ, ווי אויפ'ן קאָפּ פון אַ קינד און נעהמט צו איהר רעדען מיט אַ גוטער, בערוהיגענדער שטימע, ווי עס רעדט אַ טאַטע צו אַ קינד, ווען ער מוז פאַר'ן קינד אויך פערגעהמען דעם פּלאַץ פון אַ מאַמע:

— ביילקע, לייב אָהן אַ שום העכערען פערלאַנג, אָהן אַ שום רעליגיעזען געפיהל, — דאָס איז פון וואָס דו ליידסט איצט אַזוי שטאַרק! ווען דאָס וואָלט אָבער געווען פערבונדען כאָטש נאָר מיט קינדער־האָבען, ווי ביי חנה'ן, למשל — — — אָדער עס וואָלט גלאַט געווען ריין, און דו וואָלסט הנאה געהאַט פון דעם, וואָס דו ביזט ריין! קענסטו זיך דען פאָרשטעלען, ווי ווייט גליקליך דו וואָלסט געווען? — — — און אַז דו האָסט זיך שוין יאָ געוואַשען און גערייניגט, — איז פון וועמעס־וועגען האָסטו דאָס געטהאָן: צוליעב גאָט אָדער צוליעב דעם טייוועל?

— צוליעב דיר, צוליעב דיר! — ענטפּערט זי מיט אַ מאָל. — און דו ווייסט, — זאָגט זי מיט אַ געענדערטער שטימע. — איך טראָג דאָך איצט אויף זיך אַ בלויע־זיידען העמד. דו האָסט דאָך ליעב בלוי — — אָט האָסטו דאָך איצטער אויך גערעדט פון בלויע זיידענע העמדער — — ברוך! ברוך!! — — — איך האָב זיך דאָך צוליעב דיר געוואַשען און גערייניגט, זיך אָנגעטהאָן אין סאַמעט און אין זייד, זיך געשפּריצט און געזאַלבט, און אַלץ געציטערט און געטראַכט: אָט אַזוי, אָט אַזוי דאַרף מען טהאָן, ווען מען וויל ווערען ברוך'ס כלה.

— און מיט וואָסערע געדאַנקען דערביי? דו ווייסט נאָר ניט, ווי

דער אידישער נאָט שטראָפט אפילו פאר שלעכטע געדאנקען.

— וואָס הייסט?

— עס הייסט, — זאָגט ברוך, — אז מיט ניט גוטע געדאנקען פער־פאַהרט מען צום ניט גוטען. — אָט הער אַ מעשה, וואָס האָט געטראָפען שוין לאַנג צוריק: — — — —

די וועלט איז געווען ווייס — עס איז געווען ווינטער.

און ערגעץ אויף אַ פעלד איז געשטאַנען אַ ווייסע קרעטשמע.

און אין דער ווייסער קרעטשמע האָט געוואוינט אַ איד מיט זיין ווייב.

און זיי האָבען געהאַט אַן איין־איינציג קינד, אַ שעהנע טאָכטער, אויף וועלכער גאָט און לייט האָבען זיי מקנא געווען.

די טאָכטער איז געווען אַ כלה און איהר חתן איז געווען אַ קאַסיר אין וואַלד.

און איינמאָל פאַרנאַכט ברענגט מען דעם חתן אַ בריוועל פון איהר, און מיט אַ ציטערדיגער האַנד איז דאָרט אָנגעשריעבען — — — „די מאַמע בלייבט אין שטאָדט אויף נאַכט און דער טאַטע — — — קום!...

— ער שלאָפט, אַ מיעדער נאָכ'ן מאַרק".

און דער חתן האָט געוואַרט, עס זאָל ווערען פינסטער, אז ער זאָל קומען, ווען דער טאַטע וועט שוין שלאָפען, און אז אוועקפאָהרען זאָל ער, ווען קיין האָהן וועט נאָך ניט קרעהען...

און ווען די נאַכט איז צונעפאַלען, האָט ער אָנגעזאָטעלט זיין שוואַר־צען פערד. און אז עס איז שוין געווען גוט פינסטער, האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט אויף איהם און זיך גענומען טראָגען דורכ'ן וואַלד.

זיין שוואַרץ פערד האָט זיך געטראָגען, האָט זיך אויסגעצויגען און געשוואומען דורכ'ן גרויסען, ווייסען וואַלד, און דער חתן האָט זיך אַלע מאָל צונעבויגען צום פערד'ס קאָפּ און איהם צופריעדען געפּאַטשט אין זיין ברייטען האַלז, ווי ער וואָלט איהם וועלען זאָגען: — באַלד רייסען מיר דורך דעם וואַלד, באַלד וועלען מיר אַרויס אויף די אָפענע ווייסע פעלדער צו דער קרעטשמע, צו מיין כלה.

די צייט אָבער ציהט זיך און די נאַכט ווערט אַלץ גרעסער, טיעפער און שפּעטער — — — און אַרום איז נאָך אַלץ וואַלד און וואַלד...

נעהמט זיך דער חתן נאָך שטאַרקער יאָגען דאָס פערד. — איהם טהוט באַנג די גוטע צייט. און ער פאָהרט און פאָהרט, און קוקט זיך

אום. — פאַר איהם איז נאָך אַלץ וואַלד... אַלץ וואַלד און וואַלד — — — —

אָבער אַט דערזעהט ער, ווי דאָרטען אַרויף ענדיגט זיך שוין דער וואַלד. דאָס האַרץ ציטערט אין איהם אויף פון פרייד, די אויגען ווערען איהם ליכטיגער, ער שפּאָרעט שטאַרקער אונטער זיין פערד, אָבער ווי נאָר ער קומט צו יענעם אָרט, הויבט זיך נאָר פון דאָרטען ערשט אָן גרויסער וואַלד... גרויסער וואַלד און וואַלד... אָבער ער מאַכט זיך אַ האַרץ און שמייכעלט: —

איהם דוכט זיך, אַז ער זעהט דורך די פערשנעעטע בוימער די ווייסע קרעטשמע. אַלע פענסטער זיינען פינסטער, נאָר פון איינעם קוקט אַרויס זיין ווייסע כלה — און ער שרייט צו איהר:

— באַלד קומען מיר פון וואַלד אַרויס!

און ער נעהמט זיך נאָך שטאַרקען צואיילען זיין פערד. — ער שטעלט זיך אַזש אויף די אייזענס פון זאָטעל:

— מיין פערד! געשווינד!!

און דער שוואַרצער פערד נעהמט זיך טראָגען אַן אויסגעצויגענער אויפ'ן ברייטען וועג צווישען די פערשנעעטע בוימער, אַזוי אַז ער ריהרט כמעט אָן די ערד מיט זיין בויך. ווערט דעם חתן אַ ביסעל היימליכער: פאַר זיינע אויגען שוועבט איהם אַרויס זיין שעהנע כלה, ווי זי שמייכעלט און ציטערט און שרייבט:

„...מאַמע בלייבט אין שטאָדט אויף נאַכט און טאַטע — קום!... — ער שלאָפט אַ מיעדער נאַכ'ן מאַרק..."

און ער דערמאָהנט זיך אָן איהר שלאַנקען, פרישען ציטער און עס שרייט פון איהם:

— קינד, באַלד ביזטו געבען מיר! און איך דאַנק דיין טאַטען, און איך דאַנק דיין מאַמען, און, מיין פערד, איך דאַנק אויך דיר!

מיט אַמאָל אָבער ווערט דאָס פערד אונרוהיג! — עס שמעקט און ניסט... און דער וואַלד ווערט אינגאַנצען פרעמד... ניט היימליך גרויס... דער חתן ציטערט אויף, אַז ער ווערט שיער ניט פערפרוירען פון שרעק, און אין קאָפּ בליצט ביי איהם אויף:

— ס'האָט מיר ווער פערפיהרט מיין פערד! קום איך ווען פון וואַלד אַרויס? — — — קום איך ווען פון וואַלד אַרויס? — — —

און פּלוצלונג דערזעהט ער, ווי טיעף אין וואַלד צינדט ווער בלויע פייערן — פייער, פייער! — שרעק און פייער צינדט זיך אין זיין האַר־צען. ווילד הילכען פעסטע, טעמפּע טרים. — ווילד טרייבט ער אום אין וואַלד זיין פערד.

און פאַר די אויגען שוועבען בלויע פייערן און עס טראָגט זיך ווילד און פּרעמד דער ווייסער וואַלד.

— האַ־הו! האַ־הו! — שרייט ער אויס, און פון ערגעץ ווייט שרייט עמיץ צוריק: האַ־הו! האַ־הו! — — — — און עס דאַכט זיך דעם חתן, אז אין דעם ווידער־געשריי שפּרייט זיך איבער'ן וואַלד דער כלה'ס ציטער... — זי ציטערט, ווייל איהר טהוט אויך באַנג די גוטע צייט. און ווידער נעהמט זיך איהם דאַכטען, אַז אָט ענדיגט זיך דער וואַלד. אָט ענדיגט ער זיך דאָ, און אָט ענדיגט ער זיך דאָרטען... און אָט ענדיגט ער זיך אין עטליכע פּלעצער אויף איין מאָל. — — — אָבער וואוהין נאָר ער פאָהרט אָן, פערשווינדען די צייכענס... און דער וואַלד ווערט נאָך אַלץ גרעסער און פּרעמדער, און פאַר די אויגען שפּרינגען און טאַנצען ציטער־דיגע, בלויע פייערן און די טריט פון דעם אייגענעם פערד הילכען משונה'דיג, און שרעקען.

ביז מיט אַמאָל, דערזעהט ער פאַר זיך אַ וועג, וואָס פיהרט צו אַ ווייסער, אָפענער ווייטקייט, וואָס מישט זיך אויס מיט'ן בלויען הימעל, און ער פאַלט צו צום פערד, נעהמט אַרום זיין האַלז און שרייט אויס:

— מיין פערד! מיין געטרייער פערד!

גיט דאָס פערד אַ הירזשע, ציהט זיך אויס נאָך לענגער און נעהמט זיך טראָגען איבער דעם וועג, ווי אַ פייל פון בויגען — — — פּלוצלונג אָבער גיט דאָס פערד אַ שפּרונג אָפּ צוריק, שפּיצט אויף די אויערן, שפּרינגט־אויף אויף די הינטערשטע פיס מיט אַ צועפענטען מויל, מיט אויסגעשטשירעטע געל־ווייסע צייהנער. די נאָז־לעכער האָבען זיך ווילד צושפּרייט און די אויגען בליצען גרין! — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ביילקע ציטערט אויף און דערפיהלט, ווי אַ שפּרונג־צו־טהאָן אונ־טער'ן פערד'ס פיס. — זאָל ער זי צוטרעטען! זאָל ער זי צוטרעטען!

און ברוך ענדיגט:

— און עס האָט געטראָפען, אז די מאַמע איז שוין מעהר פון

שטאָדט ניט געקומען און דער טאַטע האָט זיך שוין מעהר פון שלאָף ניט אויפגעכאַפּט, און די טאָכטער איז שוין אויף שטענדיג ביים פענסטער פערבליבען, און דער חתן איז שוין מעהר קיין מאָל פון וואַלד ניט אַרוים.

און די, וואָס פאָהרען אַמאָל פאַרביי יענעם וואַלד, זאָגען, אַז ביי דער נאַכט, אין אַ געוויסען שעה, דערהערען זיך מיט אַמאָל פעסטע, טעמפּע טריט.

עס טרייבט ווער אום איבער'ן וואַלד ווילד זיין פערד. כאָטש מען זעהט ניט קיינעם. דאָס פערד, הערט זיך, לויפט, לויפט און שטעלט זיך אָפּ פון מאָל צו מאָל... און איבער'ן וואַלד צוטראָגט זיך דעם חתן'ס פערביינקטער געשריי:

— קום איך ווען פון וואַלד אַרוים? קום איך ווען פון וואַלד אַרוים?

און דער קלאַנג פון ברוך'ס שטימע רעדט נאָך מעהר פון די ווערטער, און עס קלינגט אזוי טיעף און ווייט פערביינקט:

— קום איך ווען פון וואַלד אַרוים? קום איך ווען פון וואַלד אַרוים? —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ לענגערע צייט איז שטיל. ביילקע ליגט אַ פערגעסענע. פּלוצלונג אָבער דערהערען זיי איבער זיך אַ צורייצטען געלעכטער. ביילקע האָט צושראָקען אַ הויב געטהאָן איהר קאָפּ פון ברוך'ן. איהרע צושויבערטע האָר, האָבען גענומען פאַלען צו די אַקסלען, צו איהר סאַמעטען קלייד.

— בינעם! — — — —

אין טהיר איז געשטאַנען בינעם אַ בלאַסער מיט אַ פערבונדענער האַנט. ער איז אויף זיין אופן אריין אין צימער ניט פרעגענדיג, ניט קלאַפּענדיג, און ווי ער האָט זיי אזוי דערזעהן, איז ער נאָך בלאַסער געוואָרען און ער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און ער האָט זיך צולאַכט. און ווען די קליינע ביילקע האָט זיך אַ צושראָקענע אַ הויב געטהון, אַ צושויבערטע, מיט פערוויינטע אויגען און האָט אויסגעשריען — בינעם! איז זיין געלעכטער גאָר משוגע געוואָרען. און אזוי משוגע לאַכענדיג איז ער אַראָפּ פון אַלע טרעפּ און אַוועק.

ביילקע איז אויפגעשפּרונגען אויף די פיס.

— בינעם!

ברוך האָט זיך ניט גערוהרט פון אָרט.



# III. רעגען

## קאַפּיטעל 20.

פון זינט אָן חנה האָט זיך געשטעלט ארבייטען איז זי נאָך שעהנער און שטאָלצער געוואָרען.

— עס איז טאַקע גאָר ניט שלעכט צו זיין צוריק אַ מיידעל, — האָט זי אַליין גע'טענה'ט — יאָ. — עס איז גאָר ניט שלעכט צו זיין צוריק אַ מיידעל און אינטריגירען די בחורים, וואָס שיקען צו איהר ליעבעס־שמייכלען דורך די פענסטער פון די אַנדערע שעפּער, וואָס שטעהען אַנטקעגען איהרען.

פּלוצלונג אָבער האָט זי זיך ארומגעקוקט, אַז זי שוואַנגערט! — —

פּאַרגעקומען איז דאָס עפּעס אַזוי מאָדנע. — זי האָט זיך אויפגעכאַפּט איין מאָרגען עפּעס צו־פריה — — — מאַקס איז שוין ניט געווען, ער איז שוין אַוועקגעלאָפען זוכען ארבייט נאָך די מאָרגען־צייטונגען. איז וואָס? — — — נאָר אָט דערפיהלט זי, — עס איבעלט... עס קנייטשען זיך די פליגלען פון נאָז, עס קערט די גאַל, עפּעס שפּארט אונטער'ן הארצען אַזוי עקעלדיג — — — אָט לאָזט דאָס אָפּ אויף אַ ווײַלע — — — פון וואָס זאָל דאָס זיין? און אָט ווידער! עס ווילט זיך ברעכען! — — — וואָס האָט זי דאָס נעכטען געגעסען?

אין שאַפּ ביי דער ארבייט האָט זי ווידער דערפיהלט, אַז עס

איבעלט, זי האָט זיך געוואָלט אויפהויבען פון ביינקעל, אָבער — — — עפּעס איז זי אַזוי מיעד, אָפּגעשוואַכט — — — און ס'ווילט זיך ניט צו־שיידען מיט'ן וועגטיל פון ביינקעל — — — זי נעהמט קוקען ארום זיך צושראָקען — — — באַלד איז דער איבעל אריבער. די מיעדקייט נור איז פערבליבען אין אַלע גליעדער, די הענט זיינען ווי פּער'חלש'ט און ס'ווילט זיך ניט אָוועקנעהמען די אַקסעל פונ'ם וועגטעל — — — און אַט פערגלוסט זיך איהר גאָר, אַז דאָס וועגטעל פון ביינקעל זאָל זיך נעהמען בויגען — — — זאָל זיך אויסציהען מיט איהר — — — זאָל זיך דאָס ציהען, ציהען — — — און אַט הויבט איהר צונג אָן זויגען די סליונע, נעהמט לעקען דעם גומען, אָבער דער גומען האָט עפּעס גאָר קיין טעם ניט... עס וואָלט, זיך וועלען עפּעס... זויערס!.. וויינינגס! אַט!.. אַ ? — גיט איהר מיט אַמאָל אַ שלאָג אין קאָפּ — פּאַסטאַווקעס! — — אַזוי גאָר! אַ קינד — — — אַ קינד! — — — אַ מאָדנע קעלט גיט זיך מיט אַמאָל אַ לאָז איבער איהר גאַנצען לייב, טאַפּט איבער איהר יעדען צאָהן אין מויל, די האָר פון קאָפּ. — אַ קינד! — — — און באַלד, אין אַ ווײַלע ארום ווערט איהר מיט אַמאָל וואַרעם, אַזוי ליעב, און גוט — אַ קינד! אַ אינגעלע! עס גלאַנצען אויף גליקליכע טרערען אין די אויגען, אַ צופריעדענע רויטקייט אויף די באַקען — — —

נאָר אַט ווערט זי בלאַס, נערוועז, אויפגערעגט: — וואָס הייסט דאָס?!.. גראַדע איצט, פּלוצלונג, אין מיטען דערינען. און אַז די מיידלעך וועלען זיך דערוויסען — — — און זיי מיינען דאָך נאָך אַז זי איז אַ מיידעל. צו וואָס האָט זי דאָס געטהאָן? — — — ס'ווילט זיך זיין אַ מיידעל? קיינער זאָל ניט וויסען, אַז מען איז ניט און מען איז?.. כאַ־כאַ!

זי נעהמט זיך קוקען אויף די מיידלעך, וואָס זיצען אויסגעזעצט איינע נעבען די אַנדערע ארום די לאַנגע טישען — — — די פענסטער פון די ווענט האָבען זיך אויפגעשפּיעגעלט אויף די מיידעלשע קעפּ, אויף די אַקסלען — — — אַט גיט עפּעס איין מיידעל אַ זאָג צו דער צווייטער, און די מיידלעך צולאַכען זיך אַלע הילכיג, פריילּיך. פון וואָס לאַכען זיי? — — — אַט, האָט זיך איינע אומגעקוקט, זיך בעגעגענט מיט חנה'ס אויגען, זיך אָפּגעקעהרט און עפּעס אַ זאָג געטהון, און מען האָט זיך נאָך שטאַרקער צולאַכט. — — —

— דאָס דאַכט זיך מיר אוים! — ס'איז גאָר ניט. דאָ לאַכען זיי זיך גלאַט אַזוי.

זי הייבט זיך אויף, געהט אריין אין טואַליעט צימער, כאַפּט א קוק אין שפּיעגעל: בלויע רעדער ארום די אויגען! — — זי וועט געהן אהיים. ניין, — די מיידלעך וועלען זיך אַלע אַ הויב טהון פון די פּלעצער, וועלען זי אָנקוקען, און קאָן זיין, אַז זיי וועלען ווידער ארויספּלאַצען מיט געלעכטער — — — נו, איז וואָס? — — — נאַרעשקייטען. זי וועט גלאַט איצט ניט געהן אהיים.

— אַ קינדעלע, געוויס אַ אינגעלע. ס'איז דאָך אזוי גוט. ס'וועט האָבען שווארצע הערעלעך, וועט זיין געראָטען אין — — — אין ברוך'ן! — פאַלט איהר איין.

שא — זי וועט דאָס — — — גאָר אַ נאָמען געבען נאָך איהם — ברוך!

ברוך, ברוך! — ברוך!

ס'וועט נאָך זיין אזוי:

זי'ט זאָגען — איך טראָג! מאַקס וועט ניט וויסען, וואָס פריהער — וויינען צו לאַכען. ער וועט זיך ארויסדרעהען און אַוועקלויפען צו ברוך'ן, וועט ברוך אַ צוטומעלטער צושפּרייטען זיינע אויגען: — „וואָס רעדסט דו?!“ — און ער וועט זיך אַ כאַפּ טהון פאַר די האָר: — „אזוי?! — און ניט קיין געלד און ניט קיין ארבייט — — — וועל! מע מוז זיך געבען אַן עצה. און ברוך פערגעסט זיין אידעע וועגען „אונזער אונטער־גאַנג“, אַז „אויף וואָס דאַרפען מיר דאָ גאָר געבוירען קינדער ווען זיי וואַקסען אוים ניט אונזערע?“ און ער וועט זיך לאָזען אין גאַס — זיך געבען אַן עצה. און אָט אזוי וועט ברוך ארומלויפען די גאַנצע צייט פון איהר שוואַנגערען און זיך זעהען געבען אַן עצה. און וועט ער זי דער־זעהען וועט ער קוקען אויף איהר אַ גוטער, ווי ער וואָלט זי וועלען איינ־שפּינען אין זיינע בליקען — — — און זי דערפיהלט שוין, ווי עס וועבט זיך אויף איהר לייב אַ העמד פון זיינע וואַרעמע בליקען — — — אַ העמד פון ברוך'ס קושענדיג צושטראַהלטע בליקען וועבט זיך איבער איהר לייב, אין וועלכען עס וואַקסט אַ קינד פון מאַקס'ען גאָר — — — וואָס וועט הייסען נאָך איהם — ברוך.

ווי ער וועט דאָס פון דעם אויפציטערען: — חנה! — — —

— זיין נאָמען איז — ברוך — וועט זי זאָגען שארף — א נאָמען נאָך דיר — — —

— אָבער, חנה. ביזט דאָך פון זינען. חנה! מיר זיינען דאָך אידען.

און חנה וועט שמייכלען — ליגען אין קינפּעט, אן אָפּגעשוואַכטע, קוקען אויף דעם הויכען שטאַרקען ברוך'ן, ווי ער שטעהט פאַר איהר אן אויפגעטרייסעלטער — און זי וועט איהם שמייכלען גלייך אין זיין צו־טראָגענעם פּנים אריין: און דאָס קינד וועט מאַקע הייסען — ברוך.

און ס'ווילט זיך איהר אַזש צובויגען זיך צום אייגענעם בויך, און איהם אליין קושען — — זי האָט דאָך אויף דעם אַזוי לאַנג געוואַרט — — אַרויפשפּרינגען אויף ברוך'ן ווי א ווילדע קאַץ, ווי א טיגער — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער, אַט צוליעב דעם דען האָט זי דאָס די גאַנצע צייט געוואַרט?!

—— — זי האָט דאָך געוואָלט א קינד גלאַט אַזוי זיך — — — ווייל נאָך דעם — זאָגט מען — פערגעסען זיך אַלע נ א ר י ש ק י י ט ע ן — — — מען האָט ליעב דאָס קינד, האָט מען אויך ליעב דעם קינד'ס ט אַ ט ע — — — אָבער פאַר וואָס־זשע איז דאָס געקומען אין אַזא אונ־מעגליך שלעכטער צייט. כדי געבען ברוך'ן די מעגליכקייט פאַר איהר צו זאָרגען? ! — — — און ווי איז, אז נאָכדעם וועט איהם גאָר ניט אַרען, וואָס זי וועט דאָס קינד א נאָמען געבען — ברוך? — — — אז עס וועט איהם נאָך גאָר הנאה טהון? — — — אז ער וועט זיך מאַכען: עס טהוט איהם הנאה?.. יאָ. אויף איהם איז דאָך דאָס צו גלויבען. יאָ. דאַן ווי — — — אז ס'איז גאָר א מיידעלע?! .. און ברוך האָט דאָך גאָר ליעב קליינע קינדער! — — — און דערצו נאָך א קינד פון „זיין" חנ'קען — — — און אַז זי וועט גאָר שטאַרבען פון קינפּעט?! — — — יאָ. שטאַרבען און איהם איבערלאָזען א נייע חנה'קע — — — שטאַר־בען? — — — וואָס הייסט? וואָס פאַר א נארישקייטען!

נאָר גלאַט אַזוי, וואָס דאַרף זי איצט דאָס קינד? — — — זאָל זיין שפּעטער, אַן אַנדער מאָל. און אויף וואָס דאַרף מען גאָר אין גאַנצען קינדער? כדי מען זאָל זיך ניט קאָנען קיין קעהר טהון? — — — וואָס איז דען שלעכט, אז מען איז א „מיידעל" און מע האָט א מאַן, און מע קאָן זיך פּאָהרען גליטשען און צו א באָלל, און צו פּיק־ניקס און גלאַט־

אַז מע איז אַ פרייער מענש... און ווי וואָלט זי דען איצטער אויסגע־זעהן, ווען זי האָט אַ קינד?..

אַז זי האָט זיך צוריק גענעצט אַרבייטען, האָט זי ווידער דערפיהלט די מאָדנע מיעדקייט; ס'האָט זיך ווידער פערוואָלט, אַז דאָס ווענטעל פון ביינקעל זאָל זיך אויסציהען מיט איהר — — — זיך ציהען, בויגען ביז זי וועט זיך אָראָפּקאַטשען אויף דער ערד. זאָלען די מיידלעך וויסען, זאָלען זיי אַלע וויסען, און — אַז, דאַכט זיך, ערשט נעכטען איז זי אַ מיידעלע, אַ חנה'קע געווען — ערגיץ דאָרט אין אַ היים, נעבען אַ מאַמע, צווישען היימישע — און אַז, ווען זי וואָלט אַפילו דאָרטען שטאַר־בען, וואָלט דאָס ניט געווען אַזוי אין דער פרעמד — — — צווישען ווילד־פרעמדע, וואָס האָבען גאָר קיינמאָל קיין צייט ניט — — — און ברוך איז אַ ברוך'ל געווען, און פלעגט זיך מיט איהר שפּיעלען — — — היינט איז ער אַ שרייבער, דער שרייבער פון די „רעגען מעשה'לעך“.

אין דער היים איז ער געווען אַ בעוואוסטער רעוואָלוציאָנער, האָט ער שלעכט אויסגערעכענט — איז צו אַ פּאָגראָם געקומען. און איך האָב נאָך ביז דאַן געהאַט אַ טאַטען מיט אַ מאַמען. און זיין מאַמען האָט מען נאָכדעם צוגענומען אין משוגעים הויז. יאָ. און איצט וויל ער פון זיין זיידען, פון זיין טאַטען, פון זיין מאַמען גאָר ניט וויסען. ער וויל ניט. און מיך האָט ער ליעב. נאָר ער וויל ניט וויסען. ער וויל ניט. און איך האָב איהם ליעב, און איך וויל זיך אין איהם נוקם זיין, איך וויל זיך אין איהם נוקם זיין, יאָ. איך האָב חתונה געהאַט פאַר מאַקס'ען. מאַקס איז אַ פּשוט'ער, אַן עהרליכער, און ער האָט מיך ליעב. ער האָט מיך זעהר ליעב, יאָ — — — יאָ. און פאַר וואָס מעגען אינטעליגענטע מענער יאָ חתונה האָבען פאַר איינפאַכע, פּשוט'ע פרויען? פאַר וואָס מעגען זיי יאָ? פאַר וואָס האָבען זיי זיך אויף אַלעם צוגענומען דאָס רעכט?!

נאָט מיינער! אָבער וואָס, בין איך משוגע?!..

און אָט נעהמט זי זיך דערמאָנען און עס פאַלט איהר איין, אַז דאָס קינד, קאָן זיין, איז שוין אַלט דריי מאָנאַט, נאָר זי איז אַ „נאַר“ — האָט זי ניט געוואוסט — — — און צוליעב וואָס האָט זי דאָס חתונה גע־האַט? צו וואָס האָט זי דאָס געדאַרפט? אויף צו להעכים ברוך'ן? צו אפשר, ווייל עס האָט איהר פּשוט דערעסען דער שאַפ? — — — געהט מען, הייסט דאָס, און מע כאַפּט אויף אַן אונשולדיגען בחור, אַ מאַקס און

מע שמייכעלט... נאָט מיינער, וואָס איז דאָס מיט מיר? — פּרעגט זי און שמייכעלט — — — און אָט הויבט זי אויף דעם קאָפּ צום פענסטער, ווייטער מיט א פּאָר דעכער הויבט זיך אויף א גרויסער, שטיינערנער מויער, ביי א פענסטער פון איינעם פון די העכערע עטאַזשען וואַרט אויף איהר א בחור מיט פערליעבטע בליקען און צופריעדענע שמייכלען — — — דער בחור האָט זיך אין איהר „פערליעבט“ ווי נאָר ער האָט זי דאָ דערזעהן ארבייטען. און אָט ווייזט ער מיט די פינגער, אז היינט, זעקס אוהר אַבענד, וועט ער וואַרטען אויף איהר ביים שאָפּ — — — איז ווען זי וויל — הייסט דאָס, קאָן זי דאָך גאָר טהון א נייעם שרוף! — טראַכט זי און קוקט אויף׳ן בחור און שמייכעלט — — —

## קאַפּיטעל 21.

די נאַכט האָט חנה ניט געקענט איינשלאָפן, אַלץ געטראַכט און געטראַכט — — —

פון מאָל צו מאָל איז פאַר איהר ארויפגעשוואומען ברוך׳ס פּנים, בלאַס, פאַרברענט, עטוואָס מיעד, די האָר צושויבערט, די אויגען קוקען גרויס, שטאַרק. זי קוקט אויף איהם און ווערט ווי עלעקטריזירט פון זיינע בליקען — — — הויבט ביסלעכווייז אונטער איהר קאָפּ פון קושען — — אויפהויבענדיג לאַנגזאַם דעם קאָפּ, האָבען זיך צולאָזט איהרע לאַנגע האָר און זיך גענומען נאָכשלעפּען איבער׳ן ווייסען קישען, און זיינען איהר נאָכגעקראָכען ווי שלאַנגען, האָט זי פון דעם אַ ציטער געטהון און דער ציטער האָט זיך ווי אַ קאַלטער נעץ ארומגעוועבט ארום איהר וואַרעם לייב — — — אַ פערציטערטע האָט זי זיך שטיל אויפגעזעצט און גע־קוקט אויף ברוך׳ס געשטאַלט. דאס געשטאַלט האָט זיך געוויעגט אין דער פינסטער, אויף יענער זייט בעט צופוסענס, נעבען שלאָפענדיגען מאַקסען און געקוקט אויף איהר און געקוקט — — — אַט האָט ער געקוקט אויף איהרע נאַקעטע הענט, אַט — אויף איהרע אַקסעל און אַט — אויף איהר ברוסט — — — האָט זי נאָך אַמאָל דערפיהלט דעם ציטער ארום איהר לייב און אַ הויב געטהאָן די דעק אויף זיך ביז׳ן האַלז:

— וואָס קוקסטו אויף מיר? ! וואָס ווייסטו? — — — דו ווייסט נאָר ניט! דו ווייסט נאָר ניט! יאָ. איך בין עפּעס ניט געזונט. דאָס אַלץ. איך געה מאָרגען צו אַ דאָקטאָר — — — יאָ. און איך לאַך פון דיר. יאָ.

ברוך קומט צו צו איהר:

— חנה, זאָל שוין זיין גענוג. דו מיינסט טאַקע מיט אַן אמת׳ען — דו ביסט שוין אַ גרויסע? דו ביסט דאָך נאָך אַ חנה׳קע, אַ קליינע חנה׳קע. געדענקסט? אַט, ווי נאָך דאָרטען אין דער היים, און מיינע מעשה׳לעך — — — ווייסט, עס איז דאָך היינט אַ מאָדנער ווינטער...

און — מאָרגען וועט געהן אַ רעגען. — פון׳ם ים, פון אין מיטען דעם גרויסען ים, וועט זיך אויפהויבען די גרויסע געשטאַלט אין׳ם שוואַרץ־גרויען קלייד מיט׳ן ליכטיגען פנים, און מיט ווייט־צושפּרייטע הענט וועט זי זיך רייסען ארויף — — — — — טייכען וועלען רינען פון איהרע נאַסע, ברייטע אַרבעל און זי וועט זיך הויבען אַלץ העכער און העכער, צום ווייטען הימעל, און די פאַלדען פון איהר שוואַרץ־גרויען קלייד וועלען זיך האַלטען טייכען וואַסער און אַז די געשטאַלט וועט צוטראָגען איין האַנט צום פנים און וועט איהם פאַרשטעלען, וועט באַלד ווערען טונקעל... און פון דעם אַרבעל וועט זיך אַרויסגיסען אַ טייך וואַסער, וועט איהם דער ווינד אין ברעקליך צוטראָגען און די ערשטע טראָפּען וועלען זיך אָפּשלאָגען אין די פענסטער. און נאָכדעם וועט זיך די שוואַרצע געשטאַלט מיט אַמאָל פערנעהמען ארויף אויף׳ן הימעל און אַז זי וועט שוין שוועבען איבער׳ן הימעל, וועלען מיר מיט נאָך אַנדערע קינדער, אומלויפען אין די גאַסען און שרייען און רופען, ווי גאָר אַמאָל:

גאָט, גאָט! גיעב אַ רעגען,
פ׳ון די קליינע קינדערס וועגען,
ניט קיין סך, ניט קיין ביסעל,
נאָר גיס אָן אַ פולע שיסעל.
גאָט, גאָט, גיעב אַ רעגען — — — —

און נאָכדעם וועלען מיר אומלויפען אין די קאַליוזשעס, זיך פּאַליר־זשען, מיט די באָרוויסע פיסלעך. אַ יאַ, חנה׳קע? — — — וואָס? — דו שלאָפסט נאָך אַלץ ניט?.. ווייסטו וואָס? — קום און מיר׳ן זיך וויע־גען אויף דער „הודאַלקע“, וואָס? דו האָסט מורא? איך וואַרף צו שטאַרק? און אַז דו בעטסט זיך ביי מיר, בין איך אַ שלעכטער, און וואַרף אויף צו להכעיס נאָך שטאַרקער? איך בין אַלע מאָל אַ שלעכטער? ס׳זאָגט דיין מאַמע, איך בין אַ רוצח? איך וואַקס אַ וואַלד־גזלן? — — — אָבער איצטער, דעם מאָל, הודעסט דו זיך מיט מיר? יאָ? גוט. קריך ארויף. האַלט זיך אָן שטאַרק, שטאַרק. אָט אזוי־אָ. גוט. מיר הויבען אָן:

אַמאָל — איז געגאַנגען — אַ איד — אין וועג.
האָט ער געוואָלט פעררויכערען זיין ליולקע.
האָט — ער ניט געהאַט — קיין פּיי—׳ער—
ז׳ער געקומען אין דער ערשטער קרעטשמע?

— ניטאָ קיין פייער.

ז'ער ער געקומען אין דער אַנדער קרעטשמע?

— ניטאָ קיין פייער.

ז'ער געקומען אין דער דריטער קרעטשמע?

— ניטאָ קיין פייער.

איז ער געקומען אין דער פערטער קרעטשמע?! —

— פייער!! פייער!!

— פאַמעלאַך, פאַמעלאַך! ברוך!

— פייער! פייער!

— אוי, אוי, ברוך! איך פאַל! — מאַ—אַ—אַמ—ע! — — —

— פייער! פייער!! — —

זי האָט צועפּענט די אויגען — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און וואָס וויל ער פון מיר האָבען?! וואָס? — — — און דאָס פענסטער מיט'ן גאַרדין האָט זיך אויפגעשפּיגעלט איבער'ן בעט. און דאָס בעט זעהט פון דעם אויס, ווי אָפּגעשאָטען מיט בלומען — ציטערט זי אויף: — מאַקס! און עס קאָן זיין, פאַלט איהר דערווייל איין, אַז מאָרגען וועט טאַקע געהן אַ רעגען! — — און דאָס הייסט דאָ — ווינ־טער! און וואָס וויל ער האָבען? וואָס וויל ער האָבען?

מאַקס וואַרפט זיך דורך.

— וואָס איז?! וואָס? דו שלאָפסט נאָך ניט?! חנה?!

— ניין, נאָר ניט — — —

— מאַקס! פלעגסט טאַקע אָפט, זעהר אָפט געהן אין די — — — הייזלעך? ס'האָט דיר דערעסען? — — — אַן אייגענע ווייב איז בע־סער, אַ יאָ בעסער? מאַקס! דו שלאָפסט? נאַ, נעהם מיך אַרום — — — איך האָב עפּעס מורא, אַזוי מ־ו־ר־א — — — פאַר וואָס גלעטסטו ניט מיין ברוסט? — — און זי פרעסט זיך איינגאַנצען אַריין אין איהם. נעהמט אַליין אָן זיינע אַ האַנט און טראָגט זי צו צו איהר ברוסט — — — און דאָס, וואָס ביי אַ זייט שטעהט ברוך און קוקט, איז זאָל ער קו־קען. און דאָס, וואָס ברוך איז נאָך ביז איצט אַ בחור, אַ ריינער, אַן אונשולדיגער בחור, לאַכט זי פון איהם, לאַכט זי פון איהם — — — יאָ. זאָל ער קוקען — — —

# קאַפּיטעל 22.

מאָרגען אין אָבענד, אַז ברוך איז אַריינגעקומען צו מאַקסען געוואָהר צו ווערען — וואָס הערט זיך, איז איהם אַנטקעגענגעקומען חנה אין איהר בלויער פּרינסעס.

— אָ, ברוך! זעהר גוט.

און ברוך האָט צו איהר אויסגערופען מיט אַ לייכטען שמייכעל:

— שלום עליכם, חנה!

און ער האָט אַריינגענומען איהר הענטיל אין זיין האַנט. און זיינע אויגען האָבען זיך צופריעדען צושפּיעלט. — עס איז איהם געפעלען, וואָס זי איז איצט עפּעס אַזוי שוואַך — און צוגעלאָזען — — — און וואָס זי איז גראָדע איצט אין דער בלויער פּרינסעס, און וואָס זי האָט אויף'ן אָרט פון דער דעקאָלטע, אַ ווייס הערצעל מיט אַ ווייסען, הויכען קאָלנער, און וואָס דער קאָלנער נעהמט אַזוי ווייס אַרום איהר קלאָרען האַלז, און עס זעהט זיך אַזוי שעהן איהר קלאָרער, לענגליך־פאַרמירטער קין — — — — און ווי שעהן עס איז די ליכטיגע בלויקייט פון איהר קלייד, וואָס נעהמט זי אַרום אַזוי ליעב און אַזוי שלאַנק — — —

— וואָס איז דאָס מיט אייך, חנה. עפּעס זעהט איהר מיר היינט אויס צו בלאַס. איהר האָט אַפּנים שלעכט געשלאָפען? וואָס? — — —

און ער לאָזט אַלץ ניט אַרויס איהר האַנט פון זיינער און פיהלט ווי צו־צו־ציהען זי צו זיך, זי אַרומנעהמען, זי אַוועקזעצען צו זיך אויף די קניע, צובויגען איהר קאָפּ צו זיין ברוסט און גלעטען איהרע האָר:

— וואָס־זשע איז מיט אייך? זאָגט.

קוקט זי אויף איהם מיט איהרע ווייטע אויגען און בעהאַלט זיך אויס — — —

— און וואָס איז דאָס מיט אייך היינט? ! — פרעגט זי.

— ווייס דאָס דער טייוועל! עפּעס פיהל איך, ווי אין הערצען טאַנצען מיר אום זונען. ס'איז דאָך נאַר־וואָס נאָך אַ רעגען.

— מיינט איהר מן הסתם, אז דער עולם דערמאָהנט זיך אין אייערע רעגען־מעשהלעך — פאַלט איהם חנה אריין אין די רייד.

— נו, נארישקייטען. איהר האָט דען ניט עפּעס קלוגערס צו דער־צעהלען ? !

— יאָ... — רעדט זי ארוים עפּעס מיט אמאָל, צושראָקען...

— און וואו איז דאָס מאקס ? ! — פרעגט שוין ברוך פערדעכ־טיגט — — —

— ער וועט ערשט זיין צוריק אין א פּאָר שטונדען...

— אזוי ?.. — איהר ווילט, דאכט זיך מיר, עפּעס זאָגען ? — —

— איהר זיינט דאָך אלע מאָל א גזלן. — זאָגט חנה עפּעס אזוי אָפּ־געהאקט.

— נו ? ! — — — — פרעגט ברוך.

— איהר פערשטעהט, איך בין עפּעס ניט מיט אלעמען, איך קאָן דורך די נעכט ניט שלאָפען, בין איך געווען ביי א דאָקטאָר, האָט ער מיר געגעבען פּילען, זיינען זיי דאָך מן הסתם ביטער, וויל איך, אז איהר זאָלט זיי מיר איינגעבען מיט גוואלד.

— ווי קינדעריש איהר זיינט נאָך, חנה'קע.

— נו, איהר גיט מיר איין ? ! יאָ ?... טרעט זי צו צו איהם...

— נו גוט, נו גוט. — ענטפערט ברוך.

— טאקע ! — אָי, ס'ארא וואוילער גזלן איהר זיינט דאָס !

און זי דערלאנגט איהם די פּילען, א גלאָז וואסער, און ווען ער נעהמט זיך צוגרייטען, דערשרעקט זי זיך עפּעס ווידער פּלוצלונג. —

—ברוך ! !.. — שרייט זי אויס — און טרערען גלאנצען איהר אין די אויגען.

— נו — — — חנה. איהר מאכט זיך דאָך פּשוט נאריש.

— ברוך, ברוך ! איך האָב עפּעס אזוי מורא, אזוי מורא — — — —

— קינד וואָס איהר זיינט. קומט אהער. זעצט זיך איצט צו מיר אויף די קניע. גוט. דעם קאָפּ בויגט צו, אָט אזוי־אָ. איצט ליגט איהר ווי א פויגעל אין נעסט, און איך נעהם אייך נאָך ארום מיט אָט דער האנט — — —

— דערצעהלט מיר פריהער עפּעס ! — — — יאָ ? זאָל דאָס זיין פון ערגעץ ווייט, ווייט — — — ברוך ! — — — —

— נו, יאָ. פון דער ווייטער וועסט...

און ווייל דאָס דערצעהלטע וועט שוין זיין ניט פון דער קינדערשער היים, האָט זי אין זיינע הענט אַ ציטער געטהון — — — —

ברוך האָט דאָס דערפיהלט, נאָר ער האָט זיך ניט געמאכט וויסענדיג און דערצעהלט.

— שטעל זיך פאָר — אַ זומער־פארנאכט. נאָר־וואָס נאָך אַ רעגען. עס איז פייכט. גרוי. שטעקסט ארויס דעם קאָפּ פון פענסטער. ווילסט דערזעהן די פוסטע, ווילד־ווייטע סטעפּ, אָבער זי איז אין אַ שווער־רע גרויקייט פערשוואומען. פערטראַכסטו זיך שווער — — — גאָלדענע בליצען כוואַליען פון מאָל צו מאָל דורך די פייכטע גרויקייט און נאָך זיי דערהערט זיך אַ דונערדיגער בייזער — — — און ווידער ווערט אַלעס טעמפּ, ענג. פאר'ן פענסטער שפּרייט זיך אַ גרויסע קאַליוזשע; אין דער זייט שטעהט די רויט־געפארבטע שטאַל. ס'וועט נאָך אפשר ווידער רעגענען — — — פּלוצלונג אָבער צושרייט זיך פון שטאַל דער יונגער אייזעל און עפּעס אַזוי שטאַרק, ווי ער וואָלט אין זיינע גֶעדערעם צו־זאמען, אַ הונגעריגען לייב און אַ פערבענקטע קאַלב געטראָגען — — — און די גרויקייט נעהמט ווערען אַלץ בלייכער און בלייכער, די סטעפּ ווערט מיט אמאָל ברייטער, ווייטער און דאַרטען ווייט — אויף'ן מערב פּראַלט מיט אמאָל ארויס אַ גרויסע זון! — — — און באַלד שלאָגט זיך די זון אָפּ אין פענסטער, פון ערגעץ אַ פּאַרמער'ס הייזעל און אָט אין נאָך און אין נאָך אַ הייזעל! — — — די הייזלאך זוכען זיך אויף. אנדערע, וואָס שטעהן זיי ערגעץ ווייט אנטקעגען און צינדען אויף דאַרטען אָן זונען און דו הויבסט פאר זיך אָן זעהן זונען אין אַלע זייטען, וואוהין נאָר דו קעהרסט זיך, זעהסטו פאר זיך אַ ווייטע, ווילדע סטעפּ, איבער וועלכער עס קאַטשען זיך אום זונען, רויטע, גאָלדענע; באָדען זיך — — — אין די קאַליוזשעס, אין די פייכטע, ווילדע גראָזען אין די ווילדע פלאַנצען. און עס צורוישען זיך זומערדיג, הילכיג די אָנגערעגענטע וואַסערען און עס וואַקסען נאָך זונען און זונען, שווימען אום, טיקען זיך — — — און אָט נעהמען זיי זיך שפּרינגען — — — און עס דערהערט זיך דאָס מרי־קען פון אַ קוה, דאָס קרעהען פון אַ האָהן — — — די אייגענע היינט יאָגען נאָך איינער דעם צווייטען, כאַפּען זיך, נעהמען זיך ארום, פאַלען אויף'ן פייכטען גראָז, קאַטשען זיך און בייסען זיך פאר פרייד. פאר

פרייד, חנה. פאַר פרייד האָט זיך די סטעפּ מיט אַמאָל אַזוי ווייט צו־שפּרייט און זיך פערהאַנגען מיט אַזוי פיעל זונען. פאַר פרייד שמייכעלסטו ווי אַ קינד און דאָס האַרץ פּראַלט אויף צו דאַנקען און צו לויבען, חנה, חנה.

און ברוך האָט דאָ פעסט אַנגעכאַפּט חנה'ן פאַר די באַקען. זי האָט זיך אַ שטאַרקען צאַפּעל געטהאָן, זיך גענומען וואַרפען, אָבער דאָס מויל איז שוין געווען איבער געוואַלד צועפּענט, די פּילען אינעווייניג, און ברוך האָט געגאָסען, געגאָסען — — — — — — — — — — — — —

— וואָס האָט איהר געטהאָן —!! — האָט זי נאָכדעם אויסגע־שריען, ווי זיך וואַרגענדיג, אַראָפּשפּרינגענדיג פון זיינע הענט.

— נו, נאַרישקייטען.

— איהר האָט דאָך דער'הרג'עט אַ קינד!!

האָט ברוך מיט אַמאָל ברייט צועפּענט זיינע אויגען, און האָט דער־זעהן, ווי חנה שטעהט פאַר איהם אַ בלאַסע אין איהר בלויען קלייד מיט'ן ווייסען קאָלנער, מיט די פערטרעהרטע און בייז־צושראָקענע בלויע אויגען, און ער האָט פערשטאַנען, אַז זי זאָגט אָן אמת — — — ! — — — — —

— — ער האָט דאָס אָבער נאָך פריהער געוואוסט, דערמאָהנט ער זיך פּלוצלונג — — — נאָך נעכטען — — — עהער נעכטען — פאַר־אַ־יאָהרען — — —

און עס בעווייזט זיך אַ שמייכעל אויף זיינע ליפּען: — ניט אומ־זיסט, הייסט דאָס, איז מען איהם אַ פּאָר מאָל פערלאָפען די וועג מיט לעדיגען... און טאַקע אַ־דאָ גאָר פאַר'ן אַרויפגאַנג — — — און אַט אַזוי שמייכלענדיג זאָגט ער איהר אָפּ:

— איך האָב דאָס נאָך פריהער געוואוסט.

— ס'אַ ליגען. אַ ליגען! — שרייט זי אויס און ווערט דערביי בלאַס פערציטערט, ווי אַ ווייס צוגליהטער פייער — — —

— מיין גאָט, ווי איהר זעהט איצט אויס, חנה!? — — —

— ליגנער! ליגנער!

— אייער מאַמע האָט איך דערצעהלט מעשה'לעך, וואָס זי האָט פון איהר מאַמען געהערט. מיט דעם אייגענעם ליעדעל איך פערוויעגט. גע־הערט פון אייך זינגען דאָס, וואָס זי האָט אַליין אַלס קינד געזונגען, אָבער איהר? — — — אויף וואָס דאַרפט איהר אַ קינד? נאַרישע חנה, צו

וואָס? — — — בעסער קוקט דעם אונטערגאַנג גלייך אין די אויגען אריין — — —

— אונגליקליכער! ווי אייך ווילט זיך דאָס שטענדיג שפּיעלען די ראָלע פון אַ זיעגער — — — האָט זי ארויסגעשמייכעלט גיפטיג, און געדאכט האָט זיך, אַז אָט־אָט ברעכט זי אויס אין אַ היסטערישען געוויין אָדער גאָר אין אַ משוגע־ווילדען לאַכען — — —

— חנה — האָט ער זי אָנגענומען פאר אַ האַנד העכער פון עלענבויגען — חנה! געגוג שוין. טרייסעלט אָפּ פון זיך די אַלע אָנשטעלען, קומט, זעצט זיך אַוועק, איך דערצעהל אייך אַ מעשה'לע, אויף מיין וואָרט.

און זיין שטימע קלינגט איצט פאר איהר, ווי נעכטען, ווען ער איז געווען ביי איהר בעט... און ס'פאַלט איהר פלוצלונג איין, אַז ער איז טאקע מיט אַן אמת'ען געווען... זי בעגעגענט זיך מיט זיינע אויגען און מיט שרעק דערזעהט זי אין זיינע אויגען צוויי שווארצע אָפּגרונטען, וועלכע שלינגען זיי איין...

ער נעהמט פעסטער דריקען איהר האַנט.

— חנה! נו גענוג שוין. קוק ניט אויף מיר אַזוי. אָט הער.

חנה'ן נעהמט אָבער אַלץ מעהרער און מעהרער שרעקען דער געדאַנק, אַז ער איז טאקע נעכטען געשטאַנען ביי איהר בעט און דאָ נעהמט נאָך ברוך דערצעהלען:

אַמאָל איז געגאַנגען אַ איד אין וועג, איהר געדענקט דאָך נאָך... יאָ?.. חנה!.. חנה! — — —

האָט חנה מיט אַמאָל אַ שטאַרקען ציטער געטהאָן — — — — זי האָט פערביסען די צייהן און געוואָלט עפּעס אין זיך, מיט געוואַלד, איינהאַלטען...

ברוך איז גלייך אוועקגעלאָפען אין קיך נאָך וואסער. ווען ער איז אריין צוריק, איז שוין דאָס צימער געווען פול מיט היסטעריש־נאַיענדיגע שלענג און די שלענג האָבען זיך אַלע אַ לאָז געטהאָן צו איהם, צו דער גלאָז וואסער, צו זיין פּנים — — —

חנה'ס קאָפּ איז בעלענען איינגעגראָבען אין קישען און די אַקסעל האָבען זיך פיבערהאפט געטרייסעלט.

חנה! חנה!

## קאַפּיטעל 23.

ווען מאַקס איז אָנגעקומען, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מע מוז שיקען נאָך אַ דאָקטאָר, האָט חנה גענומען פאָדערען, אַז ברוך זאָל אַוועקגעהן, ער זאָל גלייך אַוועקגעהן. זי וויל ניט ער זאָל דאָ זיין. זי וויל ניט, זי וויל ניט.

ברוך איז אַוועקגעגאַנגען. ער האָט נאָך געהאַט צו פאַרזאָרגען אַ מיטינג.

ביים מיטינג האָט ער זיך געהאַלטען כמעט געוועהנליך, אויסער, וואָס איין מאָל האָט ער זיך אָנגעשלאָגען אָן דער פראַגע „אידיש לעבען" און האָט מיט אַ צורייצטער ליידענשאַפט גענומען ווידערהאָלען „אידיש לעבען", וואָס איז דאָס אַזוינס אונזער אידיש לעבען! אונזער היעג אידיש לעבען. — דאָס איז דאָך אַ מיאוס'ע קאַליושע מיט ווערעם, ווערעם! ווערעם! — — — —

און נאָכדעם, ווען ער איז אַרוים אין גאַס האָט ער געבען זיך דער־זעהן אַ יונגען מאַן. אַ לאַנגע צייט איז איהם יענער נאָכגעגאַנגען שוויי־גענדיג, און ברוך האָט זיך געמאַכט ניט ווויסענדיג און געקוקט פאַר זיך אויף דער לאַנגער שוין איינגעשלאָפענער גאַס, אויף די לאָמפּען, וואָס קור־קען אין דער נאַכט, ווי גרויסע צוגליהטע אויגען פון אַ וואַהנזיניגען און אויף די פּעסלאַך און קופּעס מיסט, וואָס ליגען צולייגט און צושטעלט אויף ביידע זייטען פון דער הויכער, לאַנגער גאַס. אַרום יעדע קופּע שטעה־ען עטליכע פערשיעדענקאָלירטע קעץ און שאַרען און זוכען. די גאַנצע גאַס איז פול מיט מיסט און מיט קעץ. און וואָס איז דער וואונדער? — נעהמט ברוך טענה'ן — אַז יעדער מויער האָט דאָך פינף און זעקס עטאַזש. יעדע עטאַזש האָט צו פיער וואָהנונגען, דאָס מאַכט אויס, אַז אין יעדען מויער וואוינען צו צוואַנציג און מעהרער משפחות. יעדע משפחה האָט זיך איהר אַש, איהר מיסט און איהר קאַץ. און אָט געהט איהר אייך איבער אַ לאַנגער, טיעפער גאַס, און האָט דאָס פערגעניגען צו

זעהן פאַר זיך אַזוי פיעל קעצענע אויגען: — קץ, קץ, קץ! — נעהמט ער זיך שרייען, עטליכע קעץ קוקען זיך אום און ער בויגט זיך צו צו דער ערד, מיט איין האַנט, נעהמט ער מיט די פינגער מאַכען, ווי ער וואָלט אין זיי עפּעס געהאַלטען און שרייט — קץ, קץ, קץ!

אַ סך קעץ הויבען אויף זייערע קעפּ, קוקען זיך אום, עטליכע לאָזען זיך געהן צו איהם, אָן די עטליכע שליסען זיך נאָך אָן עטליכע און ער רופט זיי אַלע און רופט, און לאָזט ניט, קיין איינע זאָל צוקומען נאָהענט צו זיינע פינגער און זיי געהען אַרום איהם און זעצען זיך צו אַלע נידעריגער, שטילער, ציהען צו איהם די קעפּ, דרעהען די וויידלען און וואַרטען — קט!!! — גיט ברוך מיט אַמאָל אַ געשריי אויף זיי אַזוי, אַז אַלע קעץ גיבען זיך צושראָקען אַ באַפּ צוריק און נעהמען פּריסקען, מיאַוקען. ער נעהמט זיי אָבער באַלד ווידער רופען און זיין שטימע, און זיינע בעוועגונגען זיינען אַזעלכע, אַז די קעץ לאָזען זיך צו איהם ווידער. אָט דערזעהט ער צווישען זיי איינע אַ שוואַרצע מיט ווייסע לאַפּקעס, גיט ער זי מיט אַמאָל אַ כאַפּ; זי נעהמט זיך דרעהען, שרייען, די אַנדערע צולויפען זיך און ער נעהמט די קאַץ צו זיך אויף די הענט, גלעט זי, בערוהיגט זי — אַ, דו נאַריש קינד! וואָס האָסטו זיך דערשראָקען? פאַר מיר דאַרף מען דען זיך שרעקען? נאַריש קינד וואָס דו ביסט; און וואָסערע שעהנע, ווייסע לאַפּקעס דו האָסט! און דיין בויך איז דאָך אַזאַ ווייסער, אַ ריינער און דיין ווייס נעזעל, און די ווייסע לאַנגע וואָנסען, און ס'אַרא שוואַרצע אויפגעשפּיצטע אויערען, און אַנו נאָר דיינע צייהן; אי, ס'אַרא ווייסע, שפּיציגע! און דאָס פליש אַרום זיי גלאַנצט ווייסליך־ראָז, און ס'אַרא גלאַנציג־גרויע אויגען! גיט נאָר אַ קוק — זאָגט ער צו דעם מאַן, וואָס נעהט איהם אַלץ נאָך און ערשט איצט דערזעהט ברוך, אַז דער מאַן איז — נחום...

נחום, אָבער, האָט אפּנים בלויז געוואַרט, אַז ברוך זאָל זיך צו איהם אַ ווענדט טהון, און ער האָט זיך אויף איהם גלייך אַרויפגעוואָרפען מיט גיפט און היץ:

— איהר זענט אַ בן סורר ומורה! איהר זענט נאָך פאַר אונז ערגער פון ערגסטען וואָרעם! ווייל פון די אַלע, וועמען איהר האָט היינט אָנגערופען ווערעם, קאָנען מיר נאָך ערוואַרטען, אַז ווען מיר וועלען זיי די אויגען עפענען, וועלען זיי ווערען מענשען, ריעזען — אויב איהר

ווילט. אַ פֿאָלק פֿון ריעזען וועלען מיר ווערען, ביי אונז אין דער היים, אויף אונזער אייגען לאַנד; און אייך וועלען מיר ארויסוואַרפען דורך דער הינטערשטער טהיר, ווייל אַ פערפוילטער גליעד זייט איהר אויף אונזער לייב. ווער דאַרף אייך האָבען? ווער דאַרף אייך מיט אייערע משוגע־נע „רעגען־מעשה׳לעך“, וועלכע קיינער פערשטעהט ניט? — אויסער אייך מיט נאָך אַ פּאָר משוגעים ווי איהר. פאַר וואָס שרייבט איהר ניט וועגען דעם, אין וואָס דאָס פֿאָלק נויטיגט זיך? פאַר וואָס אינטערעסירט איהר זיך ניט מיט׳ן פֿאָלק? איהר האָט דאָך אַ מאָל געברענט אַ וועלט פאַר אַ פרעמדען פֿאָלק. און איצטער, אַז יענע האָבען אייך ארויס־געשטעלט אַ פייג, האָט איהר זיך גאָר גענומען רעדען וועגען „אונזער אונטערגאַנג“ אָדער איהר נעהמט זיך פלאַמפלען וועגען אַזעלכע נאַריש־קייטען, ווי אייערע „פרייע דערפער“. פאַר וואָס ווילט זיך אייך שלעפען די אידען דוקא אין דער וועסט? פאַר וואָס געפעלט אייך ניט פּאַלעס־טינע? פאַר וואָס זיינט איהר אליין שוין אַזוי פיעל מאָל געפאָהרען אין דער וועסט און אפילו ניט איין מאָל אין פּאַלעסטינע?

— ווייל — ענטפערט ברוך — קיין פּאַלעסטינע רעכען איך פאָהרען ערשט דאַן, ווען מיר וועט זיך וועלען צושלאָגען דעם קאָפּ אָן אַ שטיין — — — ווארט, ווארט נאָך אַ ווײַלע, איך ענדיג באַלד. — און פון מיי־נע „פרייע דערפער“ דאַרפט איהר זיך ניט אָפּעסען די האַרץ, איך פער־זיכער אייך, אַז עס וועט זיך פון דעם גאָר ניט אויסלאָזען — — —

— ?!...

— כאַפּט זיך ניט, כאַפּט זיך ניט. איך בין נאָך ניט פאַרטיג.

— אָבער, רבונו של עולם! וואָס הייסט מען ארבייט אויף אַ זאַך, אין וועלכער — — —

— אָט דאָס, זעהט איהר, איז דער חלוק פון מיר ביז אייך. — איהר פערשטעהט? — איך האָב אמאָל בעלאַנגט צו אַ פרייוויליגער פייער קאַ־מאַנדע, און מיר פלעגען אָפּט אויפשטעלען אַ בנין, כדי איהם נאָכדעם אליין אונטערצינדען. האָט איהר אמאָל פערזוכט אַזאַ פערגניגען? אַ? — איהר קוקט מיך אָן, איהר פערשטעהט ניט, ווי דערצעהלט דאָס אַ מענש אויף זיך אליין אַזעלכע אונגלויבליכע זאַכען? — ביי אייך, ווען איהר קוקט זיך ארום, אַז די געביידע ברענט, צוּפּענט איהר מן הסתם די אויגען ווי אַ הילפלאָז קינד: — עס ברענט, מאַמע, עס ברענט! און איהר ווייסט

ניט דעם געפיהל פון אַן אונטערצינדער, ווען אַלץ אין איהם גיסט זיך צונויף אין איין אויסגעשריי: פייער, פייער!!

נחום קוקט איהם אַן מיט פאַנאַנדערגעעפענטע אויגען: — — — —

— אָבער, וואס פאַר א מאָדנער מענש איך בין! — רעדט ברוך ווייטער. — איך האָב היינט אפגעטהאָן א זאַך, פון וועלכער איך וויל ניט טראַכטען. און דערויף בין איך אַלע מאָל א בריה. איך נעהם טראַכטען פון אַלץ און פון גאר ניט און פון וואָס איהר ווילט אַליין, אָבער ניט פון דעם, וואָס איך וויל ניט טראַכטען, און דאָס טהוט זיך שוין ביי מיר אַליין, און וויל איך ניט זיין אַליין, איז מיר נאָר גענוג דער קלענסטער קנייטש מיט'ן שטערען און איך האָב נעבען זיך ווען נאָר איך וויל. — אָט למשל איצט אייך...

— — — ?!

— וואָס קוקט איהר מיך אַזוי אָן? — איהר פערשטעהט, נחום, איהר שלאָפט דאָך גאר איצט גאַנץ געשמאַק אין אייער בעטעל, און אַז מיר האָט זיך פערוואָלט, זיינט... וואָס, איהר ווילט שוין פון מיר אוועק־געהן? איהר ווילט שוין פון מיר אנטלויפען? דאָס אָבער ווערט זיך אייך ניט איינגעבען, ווייל איך וויל ניט. וואָס? איהר ווילט זיך איבערצייגען? איך ווילט זיך בלויז צוגעהן צו אייער בעטעל, זעהן צו ס'איז ריכטיג, צו ס'איז אמת, אז איהר שלאָפט? נו, נארעשקייטען! ווי נאָר איהר וועט זיך א ריהר טהאָן פון אָרט, וועט איהר זיך באַלד אויפכאַפּען — — — —

נו, און דאַן וועט איהר אָננעהמען, אַז איהר האָט גע'חלומ'ט וועגען מיר. איז, וואס וועט איהר דאָ געווינען? אָט, בעסער קומט מיט מיר נאָך אביסעל, איך קאָן אייך נאָך א סך משוגה'דיגע זאכען דערצעהלען.

און ווי מיר געפעלט דאָס, וואס איהר זאגט, אַז מיך וועט מען ארויס־ווארפען! — — — און נאָך אַזוי, דורך דער הינטערשטער טהיר! —

— — אָך, צו אַלדע טייוועל! איהר זייט דאָך נאָך אַלעמען אַן אינטע־רעסאנטער מענש, אויף מיין ווארט! אזוי נאָר פּשוט — ארויסווארפען!?

און מיינע מעשות, זאגט איהר, אַז דאָס פאַלק פערשטעהט ניט. און דאָס, זעהט איהר, איז דאָך טאקע זעהט ניט גוט. אמת, איך האָב גע־רעכענט, אַז איך גיב דאָ בלוז א צווייג, בלויז עטליכע בלעטער פון מיין וואַלד, בלויז עטליכע טראָפּען פון מיין ים, אָבער איך זאָג דאך זיך אַלע מאָל: אַז ווילסט עפּעס שרייבען, זאָלסטו ניט שרייבען, און ווילסטו עפּעס

זאָגען — זאָלסטו ניט זאָגען, סיידען דו פּיהלסט, אַז דו מוזט, סיידען דו גלויבסט, אַז מיט דיין זאָגען צו מיט דיין שרייבען, וועסטו כאָטש אַביסעל בעהעפּטען די צוהערער מיט דיין וועלט — — — אַך, צו אַלדע טייוועל! ווי אַלץ לאָזט זיך אויס קאַפּויר — — —

אָבער איהר קענט דאָך מיינען, אַז פון דעם טאָקע, בין איך דאָס איצט אַזוי צוטראָגען? ניין, איהר האָט א טעות. אָט הערט!

איהר קענט דאָך בינעמ'ען — אָט דעם בלאָסען בינעם מיט די רויטע ליפּען. ניין, איהר קאָנט איהם ניט. אָבער דאָס אַרט מיך ניט. נאָר שטעלט זיך פאָר, אַז דער בחור איז געווען פערליעבט אין אַ מיידעל, וועלכע ער האָט געדענקט — ער וועט שוין פּילייכט מעהר אין לעבען ניט זעהן, נאָר ער איז געווען פערליעבט און איז געווען צופריעדען, ווייל, פלעגט ער זאָגען, ווען איך וואָלט פאַר איהר חתונה געהאַט, קען דאָך זיין, אַז מיין ליעבע וואָלט שוין פּילייכט ביז איצט פער'אונרייניגט געוואָרען, אַזוי אָבער בין איך דאָך ביז איצט פערליעבט. — און ליעבע! ליעבע! — שרייט אויס בינעם — ווייסטו, וואָס איז ליעבע? ווייסטו דעם טעם פון ליעבע, וואָס איז שטענדיג, וואָס איז אייביג? — — — דאָס איז די ליעבע פון אַ מענשען וואָס איז צוויי... אַ מענש, וואָס איז ווילד פון ליידענשאַפט און וואָס קעמפּפט, ווי אַ ווילדער עקשן געגען זיין אייגענער ליידענשאַפט. ווייל ער וויל בלויז דאָס שעהנע, דאָס ריינע, ער וויל בלויז די ליעבע — — —

איצטער שטעלט זיך פאָר אַזא מעשה, אַז אין איין שעהנעם פריהמאָרגען פאַלט אהער אַראָפּ אונזער בינעם'ס געליעבטע. בינעם איז דאַן גראָדע ניט געווען, און דורך אַ צופאַל בעקאַנט זי זיך מיט אַ פּשוט'ן בחור, מיט נאָמען קאַפּלאַן. און דער קאַפּלאַן ווערט פאַר איהר פּשוט משוגע. ער וואָלט זי טראָגען אויף די הענט, ער וואָלט קושען איהר יעדען טראָט, און כאָטש ער ווייסט אפילו, אַז זי איז „אַ גאַנצע גימנאַזיסטקע" און אַז ווי קומט ער צו איהר! ? — — — נאָר עס העלפט ניט. ער פּיהלט, אַז ער ווערט משוגע. און טאָמער פאָרט — — — זי איז דאָך ניט אין „יוראָפּ" — — — דאָ איז דאָך אַמעריקאַ, דאָ זיינען דאָך אַלע גלייך. אמת, ער שעהמט זיך פאַר איהר און ווען זי הויבט אויף איהם אויף איהרע בלויע אויגען, מוז ער אַראָפּלאָזען זיינע — — — און אָפט ווערט ער אַזש רויט, נאָר וואָס זאָל ער טהאָן? — — — ער וועט זיך אפשר צוגע-

וואוינען. און זי איז דאָך אזא גוטע, זי איז דאָך אזא גוטע און א קלוגע — — — און זי, פערשטעהט זיך, ביינקט נאָך איהר בינעמ'ען, קוקט זיך די אויגען אויס, פיליייכט קומט ער היינט, פיליייכט קומט ער מאָרגען, פיליייכט איז ער שוין געקומען — — — אָבער דאָך — וועלכע פרוי וועט זיך דאָס אפּזאגען פון דעם פערגעניגען צו זעהן, ווי ארום איהר דרעהט זיך א מאַן, וואָס איז פאר איהר משוגע? — — — א מאַן, וואָס וואָלט מיט פערגניגען לאָזען, אז זי זאָל שינדען די הויט פון זיין לייב, זאָל זי איהם נאָר זאגען, וועט ער אליין ארויסשפּרינגען פון זיין הויט — — — —

און אז בינעם איז געקומען און זי האָט דערזעהן, אז ס'איז דער אייגענער פערפאנצערטער בינעם וואס אמאָל — — — נאָר אז בינעם וויל זעהר ניט ליידען פאר וואָס זי „שפּיעלט" מיט קאפּלאנען.... האָט זי זיך דוקא גענומען נאָך מעהרער צולאזען צו קאפּלאנען.... און אזוי איז אוועק אלץ ווייטער און ווייטער. איז בינעם פּלוצלינג אוועקגעפאהרען — — — און אז ער איז צוריקגעקומען איז שוין געוועזן צו שפּעט — — —

דאָ האָט זיך בינעמ'ען גענומען דאכטען, אז עמיצער האָט דאָס איהם אין מיסטען אונטערגעשטעלט אָט דעם קאפּלאן, אז קאפּלאן זאָל דאָס איהם ארויסשטעלען א צונג. און ער האָט מיר גענומען נאָכגעהן, ווי א שאָטען.

וואו נאָר איך דרעה זיך אויס, דערזעה איך פאר זיך א בלאס געזיכט, מיט רויטע ליפּען און פרעגענדע אויגען.

— בינעם — זאג איך, — עס זיינען נאָך דאָ אזוי פיעל שעהנע, ליעבע פרויען, עס זיינען נאָך דאָ אזוי פיעל שעהנע, ליעבע פרויען!

— ניין, ברוך — ענטפערט ער — עס איז דאָ בלויז איין פרוי און אלע אנדערע זיינען גאָר ניט. — זיי זיינען נאָר אן ארויסשטראהלונג פון איהר, זיי זיינען בלויז אויף צו דערמאהנען, אז זי איז דאָ; אז זי פערמאָגט דאָס אזוי פיעל פערשיעדענע געשטאלטען, אזוי פיעל פערשיעדענע פארבען, אז איהר שמייכעל קאָן דאָס אויף אזוי פיעל פערשיעדענע שמייכלען צוטהיילט ווערען, אז — — — אז זי איז די איינציגע, אז זי איז די איין־און־איינציגע; אז אויף דער וועלט איז בלויז דאָ איין פרוי, איינע, ברוך, איינע.

און ער געהט מיר ווייטער נאָך, ווי ער וואלט מיינער א שאָטען געווען.

דרעה איך זיך איינמאָל אוים צו איהם און זאָג:

— בינעם, דו ווייסט דאָך די אידעע פון א מענש, וואָס איז צוויי — — — — נו, איצט שטעל זיך פאָר, אז אי דו, אי קאפלאן זיינט איהרביידע — איך... ברוך — — — —

צועפענט בינעם אויף מיר א פאָר גרויסע, צושראָקענע אויגען און ווערט נאָך בלאסער און פרעגט:

— איז וואָס מוטשעסטו מיך אזוי ? ! — — — —

האָב איך אויף איהם א בייזען קוק געטהאָן, האָט ער אראָפּגעלאָזט די אויגען און איז ניט געבליעבען.

א לאנגע צייט נאָך דעם האָב איך מיט בינעמ'ען וועגען דעם קיינע בעזונדערע געשפּרעכען ניט געהאט, היינט אָבער קומט ער צו מיר ווידער א צוטראָגענער:

— ווייסט — זאָגט ער — איך האָב נאָר וואָס דער'הרג'ט איהר קינד.....

— ווי אזוי ? — פרעג איך צושראָקען — אונגערען ? !

— ניין — זאָגט ער — איך האָב דאָס פריהער געוואוסט.

— וואָס הייסט ? !

— וואָס וואונדערסטו זיך — זאָגט ער מיר — דו ווייסט דען ניט. עס טרעפט זעהר אָפט, אז מען קומט צו אונז ניט איינמאָל און מען זאָגט אונז אָן: ווייס פלוני בן פלוני, אז דו וועסט טאָהן דאָס און דאָס. — הערען מיר ניט און מיר פערשטעהען ניט, אָדער מיר מאכען זיך ניט הערענדיג און ניט פערשטעהענדיג, ביז עס קומט, וועז מיר טהוען שוין אָפּ, דערמאנען מיר זיך ערשט דאן, אז מיר האָבען דאָס שוין לאנג געהערט און געזעהן און געוואוסט. — אבער — שרייט ער אוים — ס'איז נארעשקייטען, נארעשקייטען.

— וואָס נארעשקייטען ? !

— ס'איז היינט אזא מאָדע — זאָגט ער מיר — ס'איז היינט אזא מאָדע. איך גלויב ניט, אז דו וועסט אפילו געפינען איין מויער אין ניו יאָרק, וואו מען זאָל ניט האלטען פון אָט דער מאָדע — — — —

און ער צולאַכט זיך מיר גלייך אין פּנים אַריין, און בלייבט ניט. — — — —

און איצט שטעלט זיך פאָר, מיין פריינד, אַז ווען איך געה דאָ מיט אייך איבער אָט דער לאַנגער שמוציגער גאַס, זעה איך שוין ניט נאָר גרויסע, שמוציגע שמאָלע, גרויסע אויסגעלאָסענע הייזער, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז איך זעה, ווי פון אָט די הונדערטער און הונדערטער פענ־סטער קוקען אַרויס אונשולדיג־דער'הרג'טע קינדערלעך; אַז אָט די קעץ, וואָס זוכען דאָ אין די קופּעס מיסט, זוכען פּיליכט שטיקלעך קינדער, און ווען ביי אַ קאַץ נעהמט עפּעס קנאַקען אונטער די צייהן, דאַכט זיך מיר, אַז דאָס קנאַקען קינדערשע ביינדלעך. און מיט שטיינער אין די הענט ווילט זיך מיר וואַרפען אויף אָט די פענסטער, זיך אַריינרייסען אין זייערע וואוינונגען, בעפאַלען די מיאוס'ע זינדער אויף זייערע געלעגערס, און שפאַלטען זייערע קעפּ: —

— פערלאַזט! פערלאַזט דעם זומפּ! ראַטעוועט זיך, איהר עקעלהאַפ־טע, פערשאָלטענע! איהר, וואָס מאַכט אייער בעט צו דעם געלעגער פון אַ זונה, זאָלט פערשניטען ווערען!

ערגעץ אַרויף שניידט אַ קאַר איבער די גאַס, אַ גרינע קאַר מיט ווייסע, זילבערנע ווערטער, מיט ליכטיג־שיינענדיגע פענסטער — די קאַר איז פול מיט עלעקטרישען שיין און מיט מענשען — — — דער עולם איז פער־פּוצט; מען פאָהרט, ווייזט אויס, פון טהעאַטער. פון אונטער די רעדער שפּרינגט פון מאָל צו מאָל אַרויס אַ בלויער עלעקטרישער פייער.

— דאַכט זיך אייך ניט אויס, מיין פריינד, אַז די רעדער פון אָט דער קאַר לאַכען?... אַז זיי לאַכען פון אייך מיט אייער ווייטען פּאַלעסטינאַ. פון מיר מיט מיינע נאָהענטע פרייע דערפער; אַז זיי לאַכען פון אונז מיט אַלע אונזערע חלומות, אַז זיי לאַכען, לאַכען — — —

אַ ווייל איז אונבעשטימט שטיל, און נאָכדעם פסק'ענט ברוך:

— וועלל — — — איך רעכען, אַז עס וועט שוין זיין גענוג פאַר היינט, אַ גוטע נאַכט, מיין פריינד. אַ גוטע נאַכט. און דו, קאַץ, מענסט זיך שוין אויך אַראָבקלייבען פון די הענט. אַ גוטע נאַכט. אַ גוטע נאַכט.

ווי נאָר ער האָט אַראָבגעלאָזט די קאַץ פון די הענט, איז זי גלייך אוועק. נחום אָבער איז נאָך געבליעבען נעבען איהם — — —

—וואָס איז מיט איך, מיין פריינד? — פרעגט איהם ברוך פער־וואונדערט. — איך ווילט זיך פיליכט מיר נאָך אמאָל זאגען, אז איך בין א פערפווילטער גליעד אויפ׳ן אידישען קערפער? און אז איהר וועט מיך ארויסוואַרפען דורך דער הינטערשטער טהיר? דאַן זאָגט דאָס אָפּ און ווערט פאַרטיג.

— ניין, — ענטפערט יענער מיט א פּלוצלינג געענדערטער שטימע, וועלכע האָט מיט אמאָל גענומען קלינגען און ברענען מיט פייער — איך וויל אייך זאגען, אז ווען מיר וועלען בעזעצען דאָס לאַנד, וועלען מיר אויסבויען א גרויסען טריאומפאַלען טויער, און א יום טוב וועלען מיר דאַן מאַכען א נייעם, דער יום טוב פון אונזער נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט! און אין דער נאַכט פון דעם יום טוב וועלען מיר ארום דעם טריאומפּאַלען טויער צולעגען גרויסע פייערן. אונזערע זיהן און טעכטער אויסגעפּוצט אין זייערע שעהנסטע קליידער, וועלען ארויסגעהן אנטקעגען דעם טויער מיט פּויקען און מיט טענץ, דאָס וועלען זיי געהן בעגעגענען די אלע אנטרינענע, פערשטויסענע און פערוואַגעלטע. די אלע, וואָס מיר האָבען פאַר דער לאַנגער צייט פון אונזער שווערען גלות, צוזעעט און צושפּרייט צווישען פעלדער און פעלקער, צו די אלע וועלען מיר דאַן רופען: קומט אריין, איהר זייט אונזערע! קומט אריין און זייט בעגריסט, און זייט געבענשט אין דעם נאָמען פון דעם איינציגען גאָט, אין נאָמען פון זיין ענערגישען, אַלט־יונגען פאָלק! מיר וועלען אייך אויפנעהמען, ווי עס נעהמט אויף א טאַטע זיינע קינדער אין דעם טאָג פון זיין פרייד, און אין יענעם טאָג וועט איהר זיך אומקעהרען צוריק צו אייער פאָלק. איהר וועט זיך אומקעהרען און איהר וועט געטרייסט ווערען; איהר אלע איינזאַמע מגדע, פערמאַטערטע. אונזערע צולעגטע פייערן וועלען ברענען אין דער נאַכט און זיי וועלען אייך צייגען דעם וועג, און איהר וועט קומען צו אונז מחנות־ווייז דורך דעם טריאומפאַלען טויער, ווייל איהר זייט אונזערע. ווייל „ווי פלאַמען פייער בעלאַנגען צו דעם ברען־מאַטע־ריאַל, פון וועלכען זיי קומען ארויס אפילו דאַן, ווען זיי רייסען זיך פון איהם אָפּ", אזוי בעלאַנגט איהר צו אונז. איהר זייט אונזערע! — פלאַמען פון אונזער הארצען! פלאַמען, וואָס האָבען זיך אָפּגעריסען און קאָנען ניט פערלאָשען ווערען און טראַגען זיך ארום ווי בלאָנדזשענדע שטערן. בלאָנדזשען וועט איהר אָבער בלויז ביז דאַן, ווייל אין יענעם טאָג וועלען

מיר זיך צוריק צונויפגיסען אין איין פייער. דאָס וועט זיין דער גרעסטער, דער שעהנסטער פייער, וואס הימעל און ערד האָבען ווען געזעהן. טויזענד־דער און טויזענדער דורות וועלען דאן אויפשטעהן און צוקוקען, מיט וואס פאַר א פרייד דאָס אידישע פאָלק נעהמט צוריק אויף אין זיין שוים זיינע אנטרינענע קינדער. — — — — — — — — — — — —

— איהר זייט דאָך נאר א וואוילער בחור — רופט זיך אָפּ ברוך און וויל דערביי ארויפלעגען זיין האנד אויף נחום׳ס אַקסעל, אָבער די האנד טרעפט קיינעם ניט. — — — — — — — — — — — —

— בינעם, בינעם! — — —

און א צואוועהטאָגטער שמייכעל בעווייזט זיך אויף ברוך׳ס ליפּען.

— בינעם! — — —

## קאַפּיטעל 24.

שפּעט אין דער נאַכט, ווען ברוך איז געווען ביי זיך אין צימער, ווען ברוך איז אומגעגאַנגען פון איין וואַנט צו דער צווייטער, ניט ווי־סענדיג אפילו צו ער געהט, האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין טהיר און ביילקע איז אריין.

— האַלאָ!

— האַלאָ!

ביילקע איז געבליעבען שטעהן אין טהיר און האָט איהם אויסגעמאָס־טען מיט אויגען פון א פריינד, פון א גוטען, איבערגעבענעם פריינד.

— איהר דאַרפט מיך אפשר האָבען? — האָט זי געפרעגט און איהר שטימע, איהרע אויגען און אין גאַנצען איהר האַלטונג זיינען פערענדער־טע.... נאָר אַן אנדער ביילקע — —

ברוך האָט זי אנגעקוקט פערוואונדערט, און א קנייטש געטהאָן מיט די אַקסעל:

— וואָס איז מיט אייך, ביילקע?! — — — —

ביילקע שווייגט. און קוקט איהם אָן ווי פריהער.

— איהר ווילט אפשר איך זאָל אייך וואָס דערצעהלען? — — — —

ביילקע אבער איז נאָך אַלץ פערבליבען ביי דער טהיר און געקוקט אויף איהם געטריי און איבערגעבען. און אָט האָט זי א פריינדליכען שמייכעל געטהאָן.

— זעצט זיך, — האָט ברוך געזאָגט, ניט וויסענדיג וואָס צו טהאָן מיט איהר.

זי האָט זיך אוועקגעזעצט, ניט אראָבנעמעהנדיג פון זיך דעם אויבער־רעקעל.

ברוך האָט דאָס פון אָנפאַנג ניט בעמערקט און זיך ווידער געלאָזט שפּאַנען איבער'ן צימער. נאָר אָט האָט ער זיך אפּגעשטעלט פאַר איהר:

— וואָס איז דאָס היינט מיט איך? פאַר וואָס האָט איהר ניט אויס־געטהאָן דאָס רעקעל?

— נישקשה, ס'איז א לייכט רעקעל. נאָר — פערכאַפּט זי זיך באלד — אויף וואָס טאָקע זיץ איך אין דעם, ווייס איך אליין ניט. און זי הויבט זיך אויף און נעהמט זיך דאָס אויסטהאָן.

פון רעקעל איז זי ארויס אין א העל־בלויען קלייד, מיט א ווייסען אָפּגעלעגטען קאָלנער. — — —

— איהר קומט איצט פון חנה'ן? — פאַלט איהם פּלוצלינג איין זי צו פרעגען. — — —

— יאָ, — ענטפערט זי קורץ.

— וואס הערט זיך דארט?

— מ'האָט זי צוגענומען אין האספּיטאַל.

— און וואָס?

— מען וועט איהר מוזען מאכען אַן אָפּעראַציע.

— אַן אָפּעראַציע?! — — —

— יאָ.

ברוך האָט זיך ווידער גענומען שפּאַנען הין און צוריק. נאָכ'דעם איז ער צוגעגאַנגען צוביילקען, זי בעטראַכט. איהרע הענד, איהרע קליי־נע אקסעל פּרעסען זיך אַזוי רונד ארויס פון אונטער דעם בלויען קלייד — — — און דער אויסדרוק פון איהר פּנים און פון איהרע אויגען איז פּונקט, ווי זי וואָלט איהם קומען אָנזאָגען, אַז חנה איז געשטאָרבען...

ער האָט זיך אוועקגעזעצט נעבען איהר, און גענומען קוקען פאַר זיך. אָט האָט ער דערזעהן דעם לאָמפּ און האָט זיך אָנגעשטעלט אויף איהם מיט די אויגען. פונ'ם לאָמפּ שפּאַרען זיך דורכזיכטיגע, גאָלדענע וועל־לען — — — גאָלדענע וועלען פילען אָן דאָס צימער — — — זיי זיצען פערטרונקענע אין דורכזיכטיגע, גאָלדענע וועלען — — —

— איינמאָל, ביילקע, בין איך געזעסען אין א ליכטיגען זומער־טאָג, ביים ברעג פון האָדסאָן און געזעהן ווי ער קנייטשט זיך פערשיע־דען, ווי ער וואָלט געוועזן אנגעפילט מיט פערשיעדענע שטיקער וואסער, וואָס ווילען זיך ניט אויסמישען, און יעדע שטיק שפּיגעלט זיך מיט דער זון אויף איהר אייגענעם שטייגער: עס שווימען אום שטיקער וואַ־סער מיט צושטראַהלטע האַלבע זונען, שטיקער מיט רונדע זוניגע פּאַסען,

די פאַסען וואַרפען זיך אום איבער׳ן וואַסער אין אַלע זייטען, ווי צו־רייצטע גאַלדענע שלאַנגען. און עס שווימען אויך אום שטיקער וואַסער, אין וועלכע עס נעסטען זיך צו דריי פיער זונען אויף איין מאָל. און שטיקער, וואָס קנייטשען זיך אין צוהאַקטע קליינע וועלען און די קליינע וועלען ברעקלען די זון אויף שטיקלעך.

און אַזוי האָט מיר אַריינגעשווינדעלט אין די אויגען אַ זוניגע וואַ־סער־נעץ, וואָס האָט זיך געצויגען ברייט און ווייט אויף לינקס און נאָך ברייטער און נאָך ווייטער אויף רעכטס, און עס האָט זיך גערואַכט, אַז דער צושטראָהלטער טייך גיסט זיך אַרויס ערגעץ דאָרט פונ׳ם בלויען רוים און לאָזט זיך אַוועק אַהין ווייט, ווייט אינ׳ם בלויען רוים אַריין.

און אָט האָב איך איבער עפּעס אַ סבה אַ פינטעל געטהאָן מיט די אויגען און דערזעהן, אַז דער גאַנצער האָדסאָן איז פול מיט גאָלדענע קינדער — — — אַזוי פיעל גאָלדענע קינדער אויף איין מאָל! — חידוש איך זיך און קוק, ווי זיי טוקען זיך און שפּיעלען זיך. אָט כאַפּען זיי זיך אַלע אָן פאַר די הענטלעך פּאָרוויז און גיבען זיך אַלע אַ הויב אַרויס אויף אַריבער האַלב, מיט אַ פערשייטען קינדערשען לאַכען. און זיי שטעהן אַזוי אַ ווייל — — — און אָט טיקען זיי זיך אַלע אונטער און נימאַ זיי — — — און דער האָדסאָן נעהמט זיך ווידער קנייטשען אויף פערשיעדענע אופנים, ווי ער וואָלט געווען אָנגעפילט מיט פערשיע־דענע שטיקער וואַסער.

די היץ איז געוועזען אונערטרעגליך. די לופט — כאָטש בייס זי מיט די צייהן. דער הימעל אַ פערשמאַכטער, אַ בלאַס־בלויער, און אויפ׳ן סאַמע מיטען פון הימעל איז דורכגעשלאָגען אַ רונדער לאָך, ערגעץ אין אַ זונען וועלט אַריין פון וואַנען עס שטראָמט אַהן אויפהער מיט היץ און מיט זון.

איך האָב זיך פערקוקט איבער׳ן האָדסאָן. אויפ׳ן אנטקעגענדיגען באַרג. דו ווייסט דאָך די „פּאַליסייטס“, נעבען וועלכע מען דעפיהלט זיך אַזוי מילביג קליין, נעבען, וועלכע מען עפענט אַזוי משוגע׳נדיג ברייט די אויגען, ווי מען וואָלט פּלוצלינג אויפגעוועקט אין מיטען אַ פער־ז.לום׳טען שלאָף און מיט אַמאָל מגלה געווען עפּעס אַזעלכעס, וואָס דו ווייסט ניט ווי דאָס אנצורופען. און איך קוק. און דער באַרג שטעהט מיר פאַר די צועפענטע אויגען אין זיין גאַנצער דריקענדער גרוים און קוקט אויף מיר אַזוי געוואַלדיג פון אונטער זיין גרויסען שטיינערנעם

שטערען, וואָס ציהט זיך אַרויף מיילען — דער שטערען פון פעלזען, וואָס מאַכען אַ מחיצה צווישען די וועלדער פון אונטען און די וועלדער, וואָס וואַקסען אויבען, אויף׳ן באַרג׳ס קאָפּ. און דעם באַרג׳ס קאָפּ, מיט זיינע וועלדער, רייסט זיך אין דער וועלט׳ס הימעל אריין. אָבער פּלוצלינג דערהער איך נעבען מיר:

— אַלץ קליינינקייטען, אַלץ נאַרישקייטען! דאָס איז אַלץ אין מיסטען געמאַכט, כדי איך זאָל ניט איינפאַלען צו קוקען אין רוים, אין דער ווייטקייט, כדי איהר זאָלט ניט זעהן דאָס גרויסע, דאָס גרעסטע, כדי איהר זאָלט ניט זעהן דעם רוים, דעם רוים! — — —

און איך דערזעה נעבען זיך אַ הויכען, ברייט־פּלייציגען מאַן. זיין פּנים איז ברוין־פערברענט. ענערגישע געזיכט־ציגען, אַ צוויי דריי שאַרפע קאַרבען אויף׳ן שטערען און צוויי ווייטע פרעמדע אויגען. — — —

מיך — דאַכט זיך — בעמערקט ער גאַרניט.

אין זיין רעכטער האַלט ער אַ שטאַרקען שטיין, ווי ער וואָלט זיך געקליעבען מיט איהם וועמען דעם קאָפּ פּלעטען. — — —

און ער קוקט, אַזוי ווי אַרויסרופענדיג ערגעץ איבער׳ן האָדסאָן, מורמעלט וואָס מיט די ליפּען און אָט הויבט ער אויף זיין רעכטע האַנד און גיט האַסטיג אַ שליידער דעם שטיין.

דער שטיין פאַלט אינ׳ם גאָלדענעם וואַסער און עס דערהערט זיך פון דאָרט ווי אַ הינטישער ביל. — — — וואַרפט ער אַהינצו נאָך אַ זידעל־וואָרט און ווענדט זיך צו מיר, מיט אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט מיט מיר פאַרטגעזעצט אַן אַלטען געשפּרעך:

— איהר פערשטעהט, אָט אַ די אַלע קליינינקייטען ציהען דאָס אָפּ אונזער אויפמערקזאַמקייט פון דעם רוים! עס קאָן דאָך זיין, אַז מיר וואָלטען זיך שוין ביז איצט צוגעוואוינט צו קוקען גלייך אינ׳ם רוים, ווען ניט אָט די אַלע קליינינקייטען.

קוק איך אויף איהם אַזוי... און קנייטש מיט די אַקסלען, ער הויבט אויף מיר אויף זיינע גרויסע, פרעמדע אויגען — — — זיי קוקען עפּעס אַזוי ווילד און מאָדנע ווייט.

— וואָס — פרעגט ער— איהר פערשטעהט מיך ניט? ! — האָט איהר ווען געפּרואווט צו קוקען אינ׳ם בלויען רוים?

איך האָב ווידער א ציה געטהאָן מיט די אקסלען.

— איך ווייס, אז ניט — זאָגט ער.

איהר האָט געווים זיך ניט איינמאָל פערקוקט אויף דעם אדער יענעם וואָלקען, אויף דעם אָדער יענעם מענשען, אויף דער אדער יענער נאַטור־ערשיינונג אויף אזא צו אנאַדער זאַך, וואס פערנעהמט פּלאַץ אינ׳ם רוים, פּיליכט אויף דער זון אליין זיך ניט איינמאָל פערקוקט, נאָר אין דעם רוים איז אייך, ווי אלע איבריגע ניט אויסגענומען אריינצוקוקען. און דער־פאַר טאַקע איז, אז ווען עפּעס זאָל איצט קומען צו אייך און אייך פעסט אָנכאַפּען פאר׳ן קאַלנער, אָדער פאר דער קוטשמע פון אונטען און זאָל אייך צווינגען צו קוקען אינ׳ם בלויען רוים אריין, דאָס הייסט: בלויז אין דער בלויער בלויקייט אריין, וואָלט איהר דאָך געווים פערבלענדט און צומישט געוואָרען, איהר וואלט זיך דאָך מן הסתם גענומען בריה׳ען מיט אלע אייערע כחות צו געפינען כאָטש עפּעס א פּינטעל, אבי זיך אויסצודרעהען פון צו קוקען אינ׳ם רוים, וו״יל צו שטאַרק, צו גרוים איז פאר אייך די טיעף, די ברייט, די גרוים פונ׳ם רוים. און איהר זייט דאָך א קינד פון א פאָלק, וואָס איז ביי זיין געבורט ארומגעפיהרט גע־וואָרען אין דער מדבר פערציג יאָהר. פערציג יאָהר האָט זיי זייער פיהרער געלערענט צו קוקען בלויז אין רוים און אין ווייטקייט, פערציג יאָהר....

צועפּען איך די אויגען און נעהם קוקען פאר זיך, אין דער בלויקייט און ווער א פערציטערטער: דער רוים איז דאָך עפּעס א מין פייער, א מין געדיכטע, פלאַמיגע בלויקייט, וועלכע עסט ממש די אויגען אוים! — — —

ער בעמעקרט דאָס און צולאַכט זיך משוגע׳נערוויז: — כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! קליינינקייטען, קליינינקייטען דאַרפט איהר. איהר מוזט האָבען א קליינינקייט, וואָס זאָל פון אייך פערשטעלען דאָס גרויסע, דאָס גרעסטע, כאַ־כאַ־כאַ! ווי בלינד איהר זייט דאָס, פאר׳ן גרויסען, פאר דעם ווייטען.

און ער האָט זיך אזוי צורעדט גאַנץ ברייט, און אלץ ברייטער און ווייטער און אלץ וועגען רוים און וועגען ווייטקייט.

איך האָב אָפּטמאָל געשמייכעלט און אָפּט געקנייטשט מיט די אקסלען, אָבער ער האָט מיך שוין גאָר ניט בעמערקט. זיינע אויגען האָבען גע־קוקט קלאָהר און ווייט פאר זיך, אינ׳ם רוים, אין דער בלויקייט, ווי ניט איך, נאָר דער רוים וואלט דאָס גע׳דאַרפט פערנעהמען, וואס ער זאָגט.

אז ער איז שטיל געבליעבען — איז די לופט שוין געווען א נעענדערטע.

און פון איבער דעם בארג האָט געגומען וואקסען א גרויסער פערדרויכערטער הימעל. בייז און פארביסען האָט זיך אָט דער נייער פון ערגיץ אפּגעשפּאלטענער הימעל, גענומען שפּארען אויף דעם דורכזיכטיגען מאט־בלויען הימעל און אז ער האָט דערגרייכט די זון האָט די לופט אויפגעציטערט, די פערשכור'טע לופט האָט זיך מיט אמאָל אויסגעניכטערט און אראָפּגעווארפען פון זיך איהר פערשטראהלטען שלייער. דער טייך האָט בעקומען א געוועהנליכען וואסער־קאליר, האָט זיך צונויפגעגאסען אין איין שטיק און איבער זיין גאנצען לענג און ברייט האָט א ווינטעל גענומען בינדען און קייטלען אלץ־איינע, קליינע, האלב־רונדע וועלען.

דער בארג איז צוגעקומען נעהענטער און האָט זיך גאנץ פּשוט ארויסגעפּרעסט מיט זיינע וועלדער און מיט זיינע גרויע פעלזען. און האָט גענומען עפּעס אזוי וואקסען גלייך אין פּנים אריין: די בוימער האָבען זיך גענומען וויעגען און עס האָט אויסגעזעהן, אז זיי בעוועגען זיך אין גרויסע טשערעדעס, וואס לאזען זיך אראָפּ פון הימעל איבער'ן בארג און איילען זיך צום וואסער. און דער שווארץ־גרויער הימעל האָט זיך גענומען טראָגען אלץ העכער און העכער. די זון האָט פערשטראהלט מיט גאלד זיין פעררויכערטען ברעג. אָבער ער איז צוגעקומען פעסט צו דער זון און האָט זיך מיט בייזקייט אריבערגעטראגען איבער איהר גאלדענעם רייף. דאן איז מיט אמאָל די גאנצע לופט געוואָרען ערנסט־גרוי און פול מיט ווינט. די בוימער נעבען אונז האָבען זיך אויפגעטרייסעלט און זיך גענומען וויעגענדיג, בויגען אלע אויף איין זייט. די צווייגען האָבען גענומען פּאטשען מיט די בלעטער, ווי זיי וואלטען זיך וועלען אפּרייסען און אוועקפליהען פון די בוימער. און דער ווינט האָט אין זיי געפּרעסט און אויסגעבויגען די בלעטער מיט די לינקע, כמעט ווייסע, זייטען ארויף. מאָדנע האָט גענומען אויסזעהן דער וואלד נעבען אונז: — א וואלד מיט ווייס־גרינע בלעטער, וואס וויעגט זיך און רייסט זיך. און אויפ'ן טייך האָבען גענומען אומלויפען גרעסערע, פערשווימטע וועלען, ווי אין דעם האדסאן וואלטען מיט אמאָל פון ערגעץ אנגעשווימען ווילדע, ווייסע פערד, מיט גרויסע, ווייסע גריוועס און דער ווינד רייסט

די גריוועס אין דער לופטען און ווארפט זיי און פלאנטערט זיי איבער'ן טייך.

אנטקעגען דעם נייעם שווארץ־גרויען הימעל, וועלכער איז נאָך אלץ געוואקסען פון אריבער דעם בארג, האָבען זיך בעוויזען נאָך וואלקענס און וואלקענס, מחנות־וויז, אייניגע האָבען זיך געטראָגען העכער, אייניגע נידריגער. די זון איז שוין לאנג ניט געווען, אָבער איהרע שטראַלען האָבען זיך נאָך ארויסגעשפארט פון אונטער דעם נייעם שווארצען הימעל אין ברייטע פאסען און האָבען געפארבט די אָנגעקומענע וואָלקענס; די וואס זיינען געהאנגען העכער זיינען דורך די שטראהליגע פאסען געווארען דורכזיכטיג־ווייס, די אנדערע זיינען געווארען וויסראָז, נאָר די וואלקענס, וואס זיינען געהאנגען נידריגער, זיינען געבליבען ערענסט און פערביסען גרוי.

ניט ווייט פון אונז האָט דער ווינד אויפגעכאפט א בויגען צייטונגספאפיער, און זיך דערמיט א לאז געטהאָן אריבער די בוימער. איבער'ן בארג איז מיט אמאָל געווארען שטארק פינסטער. די אויבערשטע וועלדער זיינען אין גאנצען פערשוואונדען. דער בארג האָט זיך צונויפגעגאסען מיט די וואָלקען און עס האָבען זיך פון דארטען גענומען טראָגען דונערדיגע קולות, ווי געשרייען פון ריזען, צווישען וועלכע עס האָט אויסגעבראכען א געשלעג, א שלאכט, אויף טויט און אויף לעבען. אויפ'ן שווארצען הימעל האָבען זיך באלד בעוויזען צוריסענע, אין שטיקער צובראָכענע, פייער־פאסען. עס האָט זיך גענומען הערען, ווי מען שליידערט פעלזען, פעלזען שלאָגען זיך אין דער לופטען אָן מיט פעלזען, מען ברעכט וועלדער, מען רייסט דעם בארג אין שטיקער. און אָט איז א ריזז אריינגעפאלען אין פלען. עס איז געווארען א ווילדער טומעל: עס האָבען גענומען אויפפלאקערען לאנגע בליצען איינס נאָכ'ן אנדערען. די לופט האָט זיך אנגעצונדען אויף מינוטען און גענומען ברענען א פערציטערטע, און דער געפאנגענער ריעז רייסט און ראנגעלט זיך דאָרט, ביז צולעצט לאָזט ער ארויס אזא ווילדען געשריי, פון וועלכען די שטארקסטע בוימער, וואס שטעהען אויפ'ן וועג פון זיין קול נעהמען זיך ברעכען ווי שפענער.

די כוואליעס האָבען זיך גענומען שפּרינגען אין דער לופטען. אויף יענער זייט ווייזט מיר אוים גיסט שוין א שלאקס רעגען; און איך דערמאָהן זיך אין מיין שטרויענעם הוט, איך האָב איהם נאָר וואס געקויפט און

איך האָב זעהר ניט קיין חשק געהאַט, אַז ער זאָל צוּאָווייקט ווערען, כאָפּ איך דעם הוט און לאָז מיך לויפען. אויפ'ן וועג האָבען מיך אנגעיאָגט עטליכע שווערע רעגען־טראָפּען, האָב איך אראָבגעכאַפּט דעם הוט אין האַנד און זיך געלאָזט לויפען נאָך שטאַרקער. און אַזוי בין איך נאָך אין צייט אַנגעלאָפען צו מיין וואוינונג. נאָר ווען איך האָב אַ נעהם געטהאָן דאָס הענטיל פון מיין טהיר, האָב איך זיך צולאַכט אליין, ניט וויסענדיג פון וואָס. — — — און באַלד דערויף האָב איך זיך רויט פערשעהמט — — — — ווען איך בין אריין אין צימער, האָב איך זיך געפּרואווט דערשטיקען אַט דעם מאָדנעם געפיהל. אַ גרויסער, שווערער רעגען האָט באַלד גענומען קלאַפּען אין די פענסטער. איך בין צוגעגאַנגען און האָב צועפענט די פענסטער. דער רעגען האָט גענומען שפּרינגען אין מיין צי־מער, מאַכענדיג נאַס אַלץ, וואָס איהם איז געקומען אין וועג. איך האָב גענומען קוקען דורך די פענסטער, פיליכט זעה איך איהם, דעם מאַן פונ'ם רוים, אָבער ניין, מיינע אויגען בעגעגענען בלויז — רעגען, ווינט און בוימער — גרינע בלעטער און נאַסע צווייגען, וואָס רייסען זיך און שלאָגען זיך מיט'ן ווינט. איך דרעה זיך אויס, און נעהם זיך געהן איבער'ן צימער היו און צוריק, און באַלד נעהם איך נאַריש שמייכלען פון זיך אליין: זיך בעגעגענט מיט'ן מאַן פון רוים און אַנטלאָפען צוליעב אַ שטרויענעם הוט!

און עס שפּרינגט אין מיר מיט אַמאָל אויף אַ צורייצטער כעס, און, ווי איך וואָלט זיך פון קייטען אבגעריסען, בין איך צוגעשפּרונגען, אַ כאָפּ געטהאָן מיין הוט און איהם גענומען ברעכען, גענומען בייסען און רייסען מיט די צייהן; איהם אַ שליידער געטהאָן אין דער ערד און איהם נאָך גע־נומען טרעטען מיט די פיס. און אין מיטען מיין כעס האָב איך ווידער גענומען שמייכלען, שמייכלען פון דעם, וואָס איך פערנעהם זיך מיט אַט אַזאַ קליינינגקייט — — — איך האָב זיך פערשעהמט און ארויסגעוואָרפען דעם הוט דורכ'ן פענסטער. פאַר מיינע אויגען האָט דער טונקעלער הימעל מיט אַמאָל געפּלאַצט אין עטליכע שטיקער, מיט אַ געוואַלדיגען קראַך. בליצען האָבען גענומען שפּרינגען אויף רעכטס און אויף לינקס, בעווייזענ־דיג אויף רגע'ס דעם טייך, דעם ריעזיגען ווייטען באַרג מיט זיינע אויבער־שטע און הינטערשטע וועלדער. און נאָך דעם איז דער רעגען געוואָרען נאָך שווערער, אָבער מיר האָט דאָס אַלעס שוין אויסגעזעהן, ווי אַ כעס

צוזאַמען מיט אַ שמייכעל — — — דאָס איז אַלץ איבער אַ קליינינקייט!
— — — עס איז פאַראַן גרעסערעס, גרויסעס און גאָר גרויסעס.

און נאָך דעם, פאַרנאַכט, ווען עס האָט זיך געלייטערט, דער הימעל איז געווען צובראָכען אין טויזענדער שטיקער, און ניט נאָר איינער, נאָר עטליכע הימלען פון פערשיעדענע פאַרבען זיינען געהאַנגען צובראָכענע, צוריסענע איינער איבער׳ן צווייטען. איינער אונטער׳ן צווייטען. און שטיקער הימעל, גרויע, מילך־ווייסע, געלע, גאָלדענע, ראָזעווע, פיאָלעטעווע און נאָך אַנדערע זיינען אין טשערעדעס ווייט געשוואומען איבער דעם לאַנגען און ברייטען האָדסאָן. און דער האָדסאָן האָט זיך געגרויסט, זיך געטראָגען אַ צופריעדענער מיט זיינע פאַרביגע טשערעדעס און דערביי זיך אַזש געהויבען אַרויף. „ווי שעהן, ווי רייך דו ביסט דאָס איצט, מיין ליעבער, גוטער האָדסאָן — האָב איך אויסגעשריען — אָבער דו ביזט דאָס ערשט אַ קליינינקייט, עס איז פאַראַן נאָך גרעסערס, גרויסעס און גאָר גרויסעס. — איך הויב אויף מיינע אויגען און זעה — איבער מיין קאָפּ ציהט זיך אָט דער פאַנטאַסטישער הימעל אויף מיילען און מיילען, און צווישען די פערשיעדען־פאַרביגע שטיקער שלאָגט זיך דורך פון ערגעץ גאָר הויך, אַן אונענדליכע, צאַרט־שפּיעלעוודיגע בלויקייט. און איך שפּרייט מיינע הענט צום הימעל. איך שיק איהם מיין ברכה, דערפאַר וואָס ער האָט מיר אַזוי ברייט און ווייט מיין האַרץ פערשפּיענעלט — — — גליקליך בין איך פון דעם געפיהל און נאָך גליקליכער בין איך דערמיט, וואָס איך וויים דערביי, אַז דאָס איז נאָך ערשט אַ קליינינקייט, אַז עס איז נאָך פאַראַנען עפּעס, וואָס איז גרעסער, עפּעס, וואָס איז גאָר גרויס. — — —

און פון דאַן אָן בין איך געוואָרען גאָר אַן אַנדער מענש, פון זייט איך האָב צוריסען די שטרויענע הוט, האָב איך זיך אויסגעלערענט צו צורייסען מיט אַ סך קליינינקייטען און נאָך דערביי שמייכלען.

אין ביילקעס אויגען בעווייזט זיך אַ ניט־היימלעך פייערעל. — ווי שלעכט ער איז! — זיין האַרצען עסען איצט ווערעם. און ער זעהט דאָס און פיהלט דאָס, און ער שמייכעלט נאָך דערויף, עס שמייכלען זיינע ליפּען, עס שמייכלען זיינע אויגען, עס שמייכעלט זיין פּנים, ער שמייכעלט אין גאַנצען — גאָט מיינער, ווי שלעכט ער איז!
און זי זאָגט:

וואָס־זשע, איהר ווילט איינרעדען, אז דאָס איז ביי אייך אַ קלייניג־קייט, אז איהר קאַנט נאָך דערביי שמייכלען. איהר שמייכעלט און מיינט, אז איהר פערשטעלט פון זיך דערמיט און זעהט ניט, ווי טיעף איהר ליידט דערביי. ווי שווער איהר נעהמט אַלץ אָן, און מיט וויפיעל ביטערקייט איהר פרעסט אַלץ צום הארצען. — ווי שלעכט איהר זייט דאָס צו זיך אליין! נאַט מיינער!

— נו, וואס מאכט איהר איהר זיך נאריש, ביילקע, — ענטפערט ער איהר מיט אַ געלעכטער. — וואָס נאָך פאר אַ פערגניגען איז דען דאָ?...

ביילקע האָט פון דעם ענטפער אַ ציטער געטהאָן און האָט אויפגעהויבען אויף ברוך'ן אַ פּאָר צושראָקענע אויגען — — —

און ברוך האָט זיך שמייכלענדיג אפּגערופען צו ביילקען:

— אָ, איך האָב דאָך אייך נאָך ניט דערצעהלט, אז ביי דער נאכט, ווען איך בין געזעסען ביים ברעג פון האָדסאָן אַ מיעדער פון גליק און פון רייכקייט, איז דער האָדסאָן ווידער געווען אָנגעפילט מיט פערשיעדענע שטיקער וואסער און אין יעדען שטיק האָט זיך די לבנה אריינגעשפּיגעלט אויף אַ בעזונדער אופן. און עס זיינען איבער'ן האָדסאָן אומגעשוואומען גרויסע לבנה־פעלדער. און בייטען און גערטנער מיט בליציגע לבנה־בלומען און וואסערען מיט טאנצענדיגע לבנה־פונקען און וואסערען מיט פערשיעדענע, ריהרעוודיגע לבנה־קנייטשען. און דער אנטקעגענדיגער בארג האָט זיך קלאָהר אויסגעשפּיגעלט אינ'ם וואסער מיט זיינע פעלזען און מיט זיינע וועלדער. ווייט און טיעף האָט זיך דער בארג אראָפּגעשפּיעגעלט און געוואקסען אינ'ם וואסער, נאָר זיינע אויבערשטע וועלדער האָבען ניט געקאנט דערלאנגען דעם הימעל, וואס האָט זיך נאָך ווייטער און טיעפער געשפּיעגלט אינ'ם וואסער. איך האָב דאָס אַלץ צו־געזעהן, כאטש איך האָב דערויף כמעט גאָר ניט געקוקט, ווייל מיינע אויגען האָבען געקוקט אין דער ווייט און אין דער ברייט, און אַלץ, וואס זיי האָבען דארט בעגעגענט האָב איך דערויף, דאכט זיך, גאָר ניט גע־קוקט, נאָר אַלץ האָט זיך אין מיר לייכט אריינגעשפּיגעלט, כמעט גאָר אָהן מיין וויסען. און איך האָב אַלץ ברייטער און ווייטער געקוקט אין דעם רוים, אין דער ווייטקייט. אזוי האָב איך געקוקט און איך בין אַלץ רייכער און רייכער געוואָרען מיט בילדער און מיט ווייטקייט און איך בין אזוי געזעסען ביז איך האָב אַ ציטער געטהאָן. — איך האָב פאר זיך

מיט אמאָל דערזעהן דעם מאַן פון רוים; ער איז געגאנגען צו מיר, און ער איז צוגעקומען, און ער האָט זיך אנגעריהרט אָן מיר, און ווען איך האָב זיך אויפגעהויבען, האָב איך דערפיהלט, אז איך בין שוין ניט אליין, אז דער מאַן פון רוים איז מיט מיר. אז ער איז אין מיר, אז ער קוקט ארוים פון מיר.



א לענגערע צייט איז שטיל. דאָס צימער איז אָנגעפילט מיט א היימליכען, גאלדענעם שיין. ברוך און ביילקע זיצעןביידע, איינס נעבען אנדערען און אויפ'ן וואנט אונטער זיי שלאָגען זיך אָפּ זייערע שאָטענס.

— פאַר וואס לאַכט איהר פון אלעס, אזוי בייז און אזוי ביטער? — פרעגט ביילקע נאָך א לענגערען שווייגען.

— נו, נארישקייטען, ביילקע — ענטפערט ער איהר אין א גאנץ מונטערען טאָן. — איהר זייט דאָס געקומען אויף מיר רחמנות האָבען? צו איהר זייט מיר געקומען עפּעס זאגען?....

— וואָס פאר א רחמנות? — רופט זיך אָפּ ביילקע צומישט — איך בין געווען ביי חנה'ן און דערזעהן, אז דאָס אונגליק איז אזוי גרויס און אז איהר זייט דאָרט ניטא, ווייל זי וויל ניט, אז איהר זאָל דאָרטען זיין, האָב איך גערעכענט, איך וועל צו אייך אַרױפפאָהרען. איך ווייס? — — איך האָב געטראַכט: איהר ווילט פיליכט נעבען זיך איצט האָבען א לעבעדיגען מענשען. און איך בין דאָך שוין דאָ היינטיגען אבענד דעם צווייטען מאָל — — —וועמען וועט דאָס גאָר איינפאלען, אז איהר וועט אין אזא צייט אין זינען האָבען מיטינגס? — — —

ברוך שמייכעלט אליין. און ביילקע דערקאַנט פון זיין שמייכעל, אז איהם רעגט דער טאָן פון איהרע רייד און זי געהט מיט אמאָל איבער פון דעם געשפרעך אויף אן אנדערען:

— שאַ, איך האָב זיך גאר פערגעסען. — איך האָב געהערט זאָגען, אז איהר זייט א בודהיסט. און איך האָב אייך דאָס אלץ אין זינען צו פרעגען. וואָס, ס'איז טאַקע אמת?

ברוך איז צופריעדען פון דער עצה, וואס זי האָט זיך געגעבען, נאָר פון דעסטוועגען פרעגט ער:

— וואס עפּעס אין מיטען דערינען?!

ביילקע ווערט רויט: —

— וואָס איז, דאָס טאָר מען אויך ניט פרעגען?...

— נו, נארישקייטען, ביילקע. איהר ווערט שוין אין כעס אויף מיר?

— ניין, מיין פריינד, איך בין ניט קיין בודהיסט, ווייל איך האָב א גאָט, און ווייל מיר איז איבערהויפּט דערווידער די אַלע רעליגיאָנען, ביי וועלכע בעטלען און ליידיג געהען איז א טוגענד. — און ווער האָט דאָס דיר געזאָגט? — פרעגט ברוך.

— בינעם — ענטפערט זי — ער ערקלעהרט דאָס מיט אייער ליעבע צו פייער און מיט דיין...

זי דערענדיגט ניט.

— ער האָט אייך, ווייזט אויס, שטארק ליעב. — זאגט ברוך.

— איך ווייס — — — ? —

עס דערהערט זיך א דראפּען אין טהיר.

ברוך שפּרינגט אויף און עס שפּרינגט מיט איהם אויך אויף זיין שאָטען. ברוך עפענט די טהיר און עס קומט אריין דעם בעל־הבית'עס וויסער הונט.

— האַלאָ, פריינד! האַלאָ! — שרייט אויס ברוך בעגריסענדיג דעם הונט.

דער ריין־געוואשענער הונט שפּרינגט ארויף מיט די פאדערשטע פיס צו ברוך'ן. ברוך נעהמט אָן דעם הונט'ס קאָפּ מיטביידע הענט. — וואס מאכסטו עפּעס, מיין פריינד? א דו גוטער לאָלא! ווי שעהן דו ביסט עס היינט. קום אהער! — לאָמיר זיך אוועקזעצען. אָט א דא אָ.... אָט אזוי! נא! נעהם מיך ארום. אָט אזוי גוט. גוט. ע! דו ווילסט מיך גאר איינבאָרען? ! נו, גוט, באָרע מיך איין. הא! כאָ־כאָ! — — — נו, אָט, אצינדער ליגען מיר ביידע. אָבער דו וועסט זיך שוין ביי מיר אזוי גיך ניט אויפהויבען. ניין. ניין. א דו פערשייטער בחור דו! א! — — — —

און דאָס צימער איז פול מיט דורכזיכטיגע, גאָלדענע וועלען. ביילקע זיצט נאָך אויף'ן סאָפקע. דעם עלענבויגען פון איין האנד אויף דער קניה און מיט דער האנד שפּארט זי אונטער דעם גוידער. איהר דינע פיגור איז אינ'ם בלויען קלייד עטוואָס שלאַנגיש אויסגעבויגען, און אזוי שאָטענט זי זיך אויס אויף'ן וואנט. אויף'ן שאָטען זעהט זיך אויך אָן דער אפּגעלייגטער קאָלנער פון איהר קלייד, און זי קוקט צו שמייכלענדיג,

ווי אויף דער ערד ליעגט ברוך א געזונטער, גרויסער, מיט א געזונטען, שטאַרקען קאָפּ האָר, און שפּיעלט זיך מיט'ן ווייסען הונט.

און וויפיעל וועהטאָגען ער פערשטעלט דערמיט!

און וויפיעל מיידלעך וואָלטען זיך געפיהלט גליקליך, ווען ער וואָלט זיך מיט זיי אזוי געשפּיעלט!

אין די אויגען גלאַנצען ביי איהר אויף טרעהרען, אבער זי פערליערט זיך נים. זיצט אין איהר פריהערדיגער פּאָזע, קוקט אויף ברוך'ן און אויפ'ן הונט און שמייכעלט. איהר נעהמט זיך דאכטען, אז אין ברוך'ן האָבען זיך איצט צושטראהלט זיינע טייבען, עס האָבען זיך צושפּיעלט זיינע הימלען. עס האָבען זיך צובליהט זיינע וועלדער, און אז אפילו זיינע בייזסטע ריעזען האָבען זיך אין איהם איצט איבערגעבעטען און זיך גענומען שפּיעלען ווי קינדער.

און אָט הויבט זיך ברוך אויף. דער הונט שפּרינגט אויך אויף און נעהמט זיך טאַנצען ארום איהם, און טאַנצענדיג לאָזט ער ארויס אזעלכע צופריעדענע האַלבע קלאַנגען. ברוך גיט א קאָמאַנדעווע, שפּרינגט דער הונט ארויף אויף א ביינקעל.

— אראָפּ לאָלא, אראָפּ! — שרייט ברוך אויס. דער הונט שפּרינגט גלייך אראָפּ.

— אויפ'ן טיש, לאָלא! אויפ'ן טיש! —

דער הונט בלייבט שטעהן א ווײַלע, קוקט זיך אום צו ברוך מיינט עס ערנסט, און באַלד דערויף זעצט ער זיך צו און שפּרינגט ארויף אויפ'ן טיש.

— גוט, גוט. — זאָגט צו איהם ברוך, און ער געהט צו צו איהם, נעהמט אָן זיינע צוויי פאָדערשטע פּיס, פערלייגט זיי צו זיך אויף די אקסעל און מיט איין האַנד גלעט ער א ווײַלע זיין ווייסע, גלאַטע פעל.

— ה מ מ ן, ה מ מ נ ן! — מינטשעט דער הונט אַן אויסגעצויגע־נער.

און אָט זעצט איהם ברוך נאָר ארויף צו זיך אויף דער האַנד. דער הונט זיצט אַן אויסגעצויגענער, איין לאַפּע האַלט ער אויף ברוך'ס אקסעל, די צווייטע נעהמט ברוך אין זיין פרייער האַנד, און אזוי לאָזט ער זיך געהן מיט איהם איבער'ן צימער און רעדט צו איהם:

— וועל, לאָלא, ווי איז דאָס דיר געגאַנגען היינטיגער טאָג? א? זאג!

און דער ווייסער הונט אויף זיינע הענט, זעהט אוים א ווייסער, א באַקעטער.....

ביילקען ווערט ניט היימליך. עס דוכט זיך איהר, אז איצט איז זי שוין גאר אין גאנצען איבעריג.... — די אויגען ווערען ביי איהר נאָך פולער מיט טרערען. זי הויבט זיך אויף, נעהמט דעם רעקעל און לאזט זיך צום טהיר. נעבען דער טהיר בלייבט זי שטעהן א וויילע, די אויגען זיינען פול מיט טרערען און אויף די ליפּען און אויפ'ן גוידער שטעהט א גוטער, געטרייער שמייכעל. — — —

ברוך געהט צו צו איהר, לאזט אראָפּ דעם הונט. דער הונט שטעלט זיך אוועק נעבען זיי און ווארט. — — — און אויף דער ערד ציהט זיך אוים אויף א ווייל, א גרופּע פון זייערע דריי שאָטענס — — — ברוך נעהמט קוקען מיט שטוינען אויף ביילקען, אויף איהר דינער, שלאנקער פיגור אויף דעם בלויען קלייד, אויף דעם קלאָהר־ווייסען אפּגעלייגטען קאָלנער, און אויף דעם ווייסען שניפּס, וואס הענגט פון קאָלנער אראָפּ אויפ'ן מיטען פון דער ברוסט, אויף דעם פרייען ווייס־ברונעם האלז און די טהיילען עטוואס נידריגער פון האלז — — — און ער דערפיהלט א ווארעמקייט אין הארצען. עפּעס ווארעמעס נעהט ארום דאָס הארץ, און די אויגען גלאנצען איהם אויף. ער אליין פיהלט, ווי די אויגען האָבען איהם אויפגעגלאנצט — — — און דאָך איז פון אלע פרויען בלויז פאַראנען איינע, וועלכע ער געדענקט אפילו דאן, ווען זי איז ניטא נעבען איהם!... פליהט איהם דורך אין קאָפּ, אבער עס וואלט זיך דאָך אזוי שטארק וועלען ביילקען כאָטש נאָר ארומנעהמען, זי א קוש טהאָן, זי קושען! — — — און ער נעהמט אריין אין זיין האנד אלע פינגער פון איהר האנד און נעהמט זיך לאנגזאם און מיט א גוטען שמייכעל טראגען די האנד צו זיין מויל. זי קוקט אויף איהם, ווערט זיך ניט, און אזוי טראָגט ער צו די האנד צו זיינע ווארעמע ליפּען, ריהרט מיט די ליפּען אָן די שפּיצען פון איהרע פינגער, וואס קוקען ארוים פון זיין האנד און האלט זיי אזוי א קורצע צייט — — — די טרערען פון איהרע אויגען גיבען זיך דאן א קאטשע אריבער די ברעמען. דער שמייכעל אויף די ליפּען און אויפ'ן גיידער ווערט נאָך איבערגעבענער, ליעבער.... ברוך לאזט לויז די האנד.... זי עפּענט אויף די טהיר און ווי נאָר זי פערמאכט זי אונטער זיך, גיבען זיך ביי איהר די טרערען א לאָז מיט אמאָל. ווארעמע, הייסע

טרערען נעהמען זיך שליינגלען אין צוויי שטראמלעך איבער איהרע באַ־קען. זי לויפט אראָפּ פון די טרעפּ. לויפענדיג נעהמען זיך די טרערען גיסען נאָך שטאַרקער און פון מויל נעהמען זיך רייסען פערשטיקטע, האַלבע קלאנגען, זי פערקריצט מיט ציינער, און די קלאנגען רייסען זיך נאָך צוצוויי־געגער: המן! המן! — אזוי ווי דער הונט — דערמאנט זי זיך....

ווען זי האָט אויפגעעפענט די טהיר פון קארידאר, האָט אויף איהר א יאָג געטהאָן א נאסער, קאלטער ווינט. זי האָט אויף זיך ארויפגע־שלעפּט איהר רעקעל און זיך געלאזט געהן. עס האָט, ווייזט אויס, נאָר וואָס גערעגענט — דער אספאלט איז נאָס און עס שפּיגעלט זיך אויף איהם אויס דער שיין פון די עלעקטרישע לאמפּען; דער פּארק, די בערג, די בוימער זעהען זיך קוים דורך דעם רעגענדיגען, גרויען נעבעל. דער וועג איז ברייט און זי געהט זיך איינע אליין און וויינט. און אָט שטעלט זי זיך אפּ, דרעהט זיך אויס אויף צוריק — — — ארום איז וויסט, לעהר, נאכט און צוויי שורה'ס עלעקטרישע לאמפּען, וועלכע צו־שפּיעגלען זיך אויפ'ן ברייטען, נאסען וועג — — — עס נעהמט ווידער רעגענען — — — דער רעגען האָט זיך איצט א לאז געטהאָן מיט אמאָל און פון עפּעס א גרויער, ברייטער ווייט, און האָט זיך צורעגענט אזוי מאָדנע, ברייט און ווייט. — — — עפּעס רעגענדיגעס האָט זי דורכגענו־מען. זי האָט דערפיהלט די האָר אויפ'ן קאָפּ, די הויט אויפ'ן לייב איז מיט א מאָל קאַלט געוואָרען — האָט זי אויפגעציטערט און די טרעהרען האָבען זיך מיט אמאָל גענומען גיסען נאָך וואַרעמער, האָט זי זיך אויס־געדרעהט און זיך געלאָזט געהן איהר וועג.

און מיט וויפיעל ליעבע ער האָט דאָס געהאלטען דעם הונט אויף די הענט! — דערמאנט זי זיך פּלוצלינג — — —

גוט און בייז איז דער געדאנק, און זי שטעלט זיך ווידער אפּ, און זי בלייבט שטעהן אליין אין מיטען פון אָט דעם גרויסען רעגען....

*

ווען ברוך איז געבליבען אליין, איז ער א לאנגע צייט געשטאנען ביים טהיר, ווי ביילקע האָט איהם איבערגעלאָזט, ניט ווימענדיג, פאַר וואָס, צוליעב וואס און איבער וואס, ביז ער האָט זיך גאָר אין גאנצען פערגעסען צו ער שטעהט. — — —

דער הונט, וואס האָט זיך גענומען נאָכדעם לייגען נעבען זיינע פיס, האָט איהם דערמאהנט, אז ער שטעהט. האָט ער זיך אפגעריסען פון פּלאַץ און זיך גענומען געהן איבער'ן צימער. דער הונט, וואס איז שוין געלעגען ביי דער טהיר צונויפגעדרעהט אין א ווייסען בייגעל, האָט אויפ־געהויבען זיין קאָפּ מיט די געל־ראָזע אויגען און האָט איהם גענומען נאָכ־קוקען. א לענגערע צייט האָט ער איהם אַזוי נאָכגעקוקט ביז ער האָט זיך אויפגעשטעלט און איז א לאַנגער, אַן אויסגעצויגענער, מיט אַן עטוואָס ארונטערגעבויגענעם קאָפּ צוגעגאַנגען צו ברוך'ן.

— וועל, לאַלא — ווענדט זיך ברוך צום הונט — דו מאכסט מיר איצט אביסעל צו ענג. און ער געהט צו צום טהיר, עפענט זי אויף און לאָזט ארויס דעם הונט, דערביי דערהערט ער, אז אין דרויסען רעגענט. אין קארידאר איז שטאַק פינסטער און אין דרויסען רעגענט — — — און וואס איז עפּעס מיט אמאָל פינסטער אין קארידאר?.... ער האָט פערמאכט די טהיר און איז צוגעגאנגען און זיך געזעצט אויף א ביינקעל נעבען פענסטער.

אין דרויסען רעגענט — — — עס רעגענט! — — — — אין א זייט פון איהם שטעהט דאָס ווייס־געבעטע בעט. אין צימער איז ליכטיג און דער שווערער דרויסען קלאפּט מיט זיינע נאסע טראפּענס אין פענסטער. — עס רעגענט!

פּלוצלינג ציטערט ברוך אויף, — עמיצער דראפּעט די טהיר!.... ער שפּרינגט אויף א פערציטערטער. — דער רעגען דראפּעט דעם דאך, די פענסטער און עמיצער דראפּעט די טהיר —— — !

— טפו! צום טייוועל! — שרייט דאָס פון איהם אוים — דאָס איז דאָך לאלא, לאָלא!

עס דראפּעט אָבער ווידער — — — ביי ברוך'ן צינדען זיך אזש די אויגען אָן פון שרעק — דאָס איז ניט לאָלא'ס דראפּען. — ס'איז א נאכגעמאכטער דראפּען.... — ביילקע! — דערמאהנט ער זיך און גיט פון דאָס ניי א ציטער....

— אָבער וואס פאלט מיר איין! כאפּט ער זיך צוריק — מיט א גע־מאכטען שמייכעל — דאָס איז לאלא, לאָלא! און פאר וואס איז ביי מיר נאָך ביזט איצט ליכטיג?!

ער געהט צו ראש צום לאָמפּ און פערלעשט איהם מיט אמאָל. דאָס צימער ווערט גלייך אנגעפילט מיט פינסטערניש. — — — דאָס דראפּען הערט אויף, אויף א ווײלע — — —

ברוך קוקט אין דער פינסטערניש און הערט זיך איין — עפּעס שטעהט, ניין, עפּעס ליגט ביי דער טהיר. דאָס איז לאלא, דאָס איז לאלא. עס דערהערט זיך ווידער דאָס פערדעכטיגע דראפּען...

— לאָז שלאָפען, לאָלא! לאָז שלאָפען! — שרייט ער אוים מיט כעס צום טהיר.

דאָס דראפּען הערט אויף. נאָכדעם געהט אוועק אלענגערע ווײלע. עפּעס נעהמט זיך דערווייטערען פון דער טהיר. עפּעס לאזט זיך אראָפּ פון די טרעפּ.

— א גוטע נאכט, מיין געטרייער פריינד! א גוטע נאכט!

*

נאַכט.

אין צימער איז שוין לאַנג פינסטער, ברוך ליגט אין בעט און אין דרויסען רעגענט — — —

— ווייסט — זאָגט ער צו חנה'ן — מיר דאַכט, אַז די גאַנצע וועלט זינקט איצט אין אַזאַ עקעלהאַפטען, ברודיגען זומפּ. און שלענג, עקדי־שען און אַנדערע זומפּיגע בעשעפּענישען, בעפאַלען איצט אונזערע דעכער, גריזשען אונזערע ווענט, קלאַפּען אין אונזערע פענסטער — — — הערסט, ווי זיי פּאַטשען אין פענסטער ? ! — — —

גיט חנה אַ ציטער און פּרעסט זיך אויס נעבען איהם אין איהר גאַנ־צען לענג, נעהמט פעסט אַרום זיין האַלז מיט איהרע צוואַווארעמטע הענט און בייסט זיך איין אין זיינע ליפּען ביז בלוט. ציטערט ברוך אויף, צוע־פּענט די אויגען — — — און עס ווילט זיך איהם ניט גלויבען, אַז ס'איז אַ חלום — — —

ברוך זעצט זיך אויף אויף'ן געלעגער. און אין דרויסען רעגענט. אַ רעגען גרויל גיט זיך אַ לאָז איבער זיין לייב, אַראָפּ און אַרויף, אָבער ער שמייכעלט. — — — און באַלד דערהערט ער חנה'ס קלינגענדען לאַכען.

— ער קוקט זיך אום און דערזעהט זי פאַר איין מאָל אין אַלע פיער ווינק־לען פונ'ם פינסטערן צימער, אַ ווייסע, אַ שיינענדע, איהרע קלאָרע, גרויסע אויגען, איהר שעהנער קאָפּ האָר — — — — — און אָט לאָזט זי זיך צו איהם, מיט אַמאָל פון אַלע פיער ווינקלען — — — נעהט און לאַכט — — — און אָט זיצט זי שוין נעבען איהם, און לאַכט, זי לאַכט דאָס פון איהם, פאַר וואָס ער האָט געמיינט, אַז ער חלום'ט דאָס בלויז וועגען איהר — — —

— ווייסט, חנה — זאָגט ער צו איהר — איך בין אַזוי רייך. איך בין אַזוי רייך. איך בין אַזוי געוואַלדיג רייך ! — — — און ער צועפּענט פאַר איהר זיין האַרץ און ווייזט איהר, אַז ער פערמאָגט אַגאַנצען אוצר

מיט ציטערדיג־פינקלענדע דימענטען. און איך וויל — זאָגט ער איהר — איבערוועגען דיין געלעכטער — — —

צולאַכט זיך חנה נאָך הילכיגער. און ער נעהמט ארויס פון אונטער'ן קישען אפּאר וואַג־שאָל; אויף איין שאָל לעגט ער הויפענס מיט דימאַנ־טען און אויף דער צווייטער פאַלט איהר קלינגענדיג לאַכען. און פוןביידע שאָלען נעהמען שפּרינגען פערשיעדען־פאַרביגע פייער־פלעמלעך, און עס צושפּיעלען זיך אַזעלכע ווייכע שטראַהלען. און זי שיט אַלע מאָל אוים מיט אַ פרישען געלעכטער און ער שלעפּט פון זיין צופּענטען האַרץ אַלץ נייע און נייע דימאַנטען. אָבער די שאָלען גיבען זיך בלויז אַ וויעג אהין, אהער און די פלעמלאַך און די שטראַהלען ציהען זיך דערביי און ציטערען און שפּיעגלען זיך ציטערדיג אריין אין דער געדיכטער שווארצער פינסטערניש מיט זייערע פיעלע קאָלירען. — — —

ברוך פּרואווט לייגען אַלץ נייע, אַלץ גרעסערע הויפענס, נאָר עס העלפט ניט. פערדריסט דאָס איהם, און ער נעהמט הילפלאָז שמייכלען:

—אבי איך האָב געמיינט, אז איך בין רייך! — — —

צולאַכט זיך חנה ערשט פון דאָס ניי:

— דאָס לאַך איך דאָך פון דיר — זאָגט זי — פאַרוואָס דו האָסט פערגעסען, אז מיין געלעכטער איז דאָך אויך דיינער, דיינער; פאַר וואָס דו קאָנסט קיינמאָל ניט געדיינקען, פאַר וואָס דו קאָנסט קיינמאָל ניט בענעהמען, אז איך בין דיינע. און אז אַלעס, וואָס אין מיר איז דיינס. דיינס — — —

און ס'איז נאַכט און עס רעגענט. און זייערע הערצער זיינען פול און פאַר זייערע אויגען וויעגען זיך צוויי פולע וואַג־שאָלען, — צוויי ליכ־טיגע זונען, — צוויי ליכטיגע זונען פון טויזענדער, פלאַטערדיגע קאָלירען, פון טויזענדער פאַרביגע פייערלאַך, און זיי קוקען אויף די זונען און ווערען פון זיי פערשטראַהלט און פיהלען ווי צוויי גליקליכע קינ־דער — — —

ברוך צופּענט די אויגען. אין צימער איז פינסטער און אין דרויסען רעגענט. עס רעגענט.

עס עפענט זיך די טהיר און עס קומט אריין חנה אין איהר ליכטיג־בלויען קלייד מיט די גרויסע פּערלמוטערנע קנעפּ, וואָס ציהען זיך אויף דער לינקער זייט פון קלייד, פון אויבען ביז אראָפּ. און וויפיעל שלאַנקער

זי זעהט דאָס אויס אין דעם בלויען קלייד מיט דער שורה ליכטיגע קנעפּ מיט די האַלב־רונדע, וויס־בעזוימטע פּעטליעס, וואָס בויגען זיך איבער איהר לינקער רונדער ברוסט, איבער דער לענגליכער טאַליע ביז אַראָפּ איבער דער שלאַנקער, לינקער פוס. און ווי גוט עס איז פון דיר, וואָס דו ביזט איצט געקומען! ... חנה, מיר דאַכט, דיין קינד וויינט. חנה, דו הערסט ניט? פאַר וואָס לאָזטו דאָס וויינען? וואו וויינט דאָס? וואו האָסטו דאָס געלאָזט? דאָס געוויין וואשט זיך דאָך אין מיין בלוט, חנה. חנה! — — — — — און עס זיינען דאָך פאַראַן אַזוי פיעל אונ־שולדיגע וואָס זינדיגען — — — — — — — און וויפיעל עס זיינען נאָך דאָ אונשולדיגע, וואָס וועלען זינדיגען, בלויז דערפאַר, ווייל זיי ווייסען ניט פון גאָט, דעם גאָט פון אמת און ריינקייט. חנה! די ווייטע וועסט, און ערד ארבייט, ערד ארבייט, חנה! דאָס קאָן אונז נאָך ראַטע־ווען. דאָס קאָן אונז נאָך צוריק אומקעהרען צו גאָט, און מיין גאַנצער פּלאַן וועט דאָך באַלד פאַלען מיט אַ גוואַלדיגען קראַך און איך ארבייט נאָך, אַז דער קראַך זאָל זיין וואָס שטאַרקער, וואָס הילכיגער — — — און דו האָסט אפנים געמיינט, אַז מע קאָן חתונה האָבען מיט מאַקסען און דאָס קינד זאָל געבוירען ווערען פון ברוך'ן. איאָ אַזוי האָסטו געמיינט?.. דו האָסט געמיינט, אַז דאָס קען געשעהן אַזוי, דורך אַ נס.

חנה געהט פון טהיר צו זיין בעט, כמעט שוועבענדיג, אָבער דאָס צימער צו־ציהט זיך פאַר איהר, ווערט אַלץ לענגער און לענגער — — — און אין דער פינסטערניש פון דעם לאַנג־צוצויגענעם צימער, לויכט זיך די בלויקייט פון איהר קלייד, די קלאָרקייט פון איהר פנים און די לוי־טערקייט פון איהרע גרויסע, ווייטע אויגען — — — און ווי שלאַנק און בויגיג זי איז. און ווי שעהן איהרע הענט זיינען! אָט די ווייסע הענט וואָס בליהען מיט פריש־ראָזע רעדעלאָך. — דיינע הענט שמעקען דאָך מיט אַזאַ צאַרטער ליעבער וואַרימקייט! און פאַר וואָס פאַרגעס איך אין אַלע אַנדערע פרויען, ווי נאָר זיי געהען אַוועק פון מיר? און פאַר וואָס געדיינק איך דיך אַפילו דאַן, ווען דו ביזט ניט נעבען מיר? און פאַר וואָס איז מיר איצט אַזוי שווער מיין קאָפּ? איך וואָלט דאָך איהם איצט אַזוי גערן געוואָלט צושלאָגען אָן אַ שטיין — — —

און דאָס צימער ציהט זיך נאָך אַלץ לאַנג און לענגער און חנה געהט און געהט. — — —

חנה! דו געדיינקסט. — איך און דו — צוויי קליינע קינדער זיצען אויף דער ערד און שפּיעלען זיך מיט פאַרביגע, הילצערנע אייער? צוויי קליינע קינדער און אַזוי פיעל פאַרביגע אייער! כאַ־כאַ־כאַ! ווי שעהן און ווי קלוג דו פלעגסט דאָס נאָך לאַבען אלס קינד!.. חנה. וואָס איז מיט דיר, דו וויינסט. — — — ער פערמאַכט די אויגען און נעהמט זיך אַ מיעדער וויעגען, זיצענדיג אויף׳ן בעט. אין דרויסען רעגענט. חנה קומט צו. זעצט זיך שטיל אַנידער אויף׳ן בעט נעבען איהם. נעהמט אַרום מיט איהרע גוטע הענט זיין מיעדען קאָפּ בויגט איהם צו איהר ברוסט. פון איהרע אויגען גיסען זיך טרערען, דאָס זיינען טרערען פון אַ שטילער שוועסטער, פון איין גוטער מאַמע. זיין קאָפּ וואַרעמט זיך איין אין איהרע הענט אויף איהר ברוסט. נאָך דעם לאָזט זי איהם שטיל אַראָפּ אויף איהר שויס. זיינע אויגען־דעקלעך זיינען שווער און ווילען זיך מעהר ניט עפענען. שלאָפט ער איין... ער שלאָפט איין. און אָט דערפיהלט ער אויף זיין פּנים צולאָזענע האָר... ער דערפיהלט אַ גרויל איבער׳ן לייב. און באַלד דאַרויף צוטראָגט זיך אריבער זיין קאָפּ אַ משגע׳נער געלעכטער. דאָס לאַכט זיין משוגע׳נע מאַמע! — — — ער ליגט דאָס גאָר אין שויס פון זיין מאַמע — — —

ער שפּרינגט מיט אַמאָל אויף ווי אַן אָנגעצונדענער. — פון דעם וויל ער ניט טראַכטען. ניין, ניין!

ער געהט אַראָפּ פון בעט. ער וועט אָנצינדען דעם לאָמפּ, פייער, פייער! ער וועט אריינרופען לאָלא׳ן — — —

ער בלייבט אָבער שטעהן אין מיטען פון דעם פינסטער׳ן צימער, ער דערמאָנט זיך: — עמיצער האָט געדראַפּעט די טהיר — — — עמיצער האָט געדראַפּעט די טהיר!... דאָס איז ניט געווען לאָלא׳ס דראַפּען. ניין, ניין.




# עפילאָג

## I. דאָס פערבלוטיגטע אינגעלע.

פארנאכט

אויפ'ן הימעל, אויף מערב, איבער א פעלד פון טורעמס און דעכער, איבער טיעפע, לאנגע גאסען, דורך וועלכע דער גרויסער, אין שטאָהל און אייזען געפאנצערטער ריעז, פיהרט זיינע מחנות פון דער ארבייט — צורברענען זיך פייערען, ברענען און שפרייטען זיך איבער וואָלקען און וואָלקען. וואָלקען נאָך וואָלקען קומען אָן גרויע, מיעדע און ווערען פערנאפט פון דער פייערדיגער רויטקייט, ווערען יונגער, פרישער, בלוטיגער.

קאָן ברוך ניט איינזיצען אויף זיין אָרט און ער נעהמט זיך שפאנען איבער'ן צימער. ס'איז אָבער ניט דאָס. — ——

נעהט ער ארויס.

וואוהין?

גלאט אזוי.

אין מיטען זעהט ער זיך ארום, אז ער איז אויף'ן וועג צו חנה'ן — — — מאָדנע...

אין קאָפּ נעהמען זיך בלעטערען געדאנקען, וועגען דעם ווי חנה איז דאָן קראנק געוואָרען. ווי מע האָט געמאכט די אָפּעראציע. איין מאָל און נאָך אמאָל און ווי געצויגען האָט זיך לאנג־לאנג ביז זי איז אריינגעפאלען אין א געפעהרליכער, היציגער קריינק. און האָט א לאנגע צייט געשוועבט צווישען לעבען און טויט און נאָך דעם האָט זיך די שעהנע חנה אויפגע־

הויבען פון בעט, מיט אַן אויסגעצויגען־פערמאַטערטען געל־שאַוורצען פּנים. די באַקען זיינען שוין אויף שטענדיג געבליבען איינגעפאַלען און מיט געלע פלעקען; און אַז זי האַלט זיך נאָך ביז איצט אין איין דאָקטאָרען. אָפּט הינקט זי אונטער און פאַראַן אַ סברה, אַז זי איז אין געפאַהר געליימט צו ווערען. און אַז קיין קינדער, זאָגען די דאָקטוירים, וועט זי שוין מיין ניט קאָנען האָבען. און ווי שרעקליך זי זעהט איצט אויס! — ווי א מכשפה... ווי שרעקליך עס שלאָגען זיך איצט אַרויס איהרע האָאר און עס סטאַרטשעט אַרויס איהר נאָז, אָט דער געוועזענער שעהנער נאָז! און ווער איז אין דעם שולדיג? אפשר דער שוואַרצער אָדלער, אויף וועלכען איך בין מיט איהר אַלס קינד אַרומגעפלויגען דורך די בלויע נעכט, צווישען הימעל און שטערען? אָבער, צו בין איך דען שולדיג פאַר דעם, וואָס דער אָדלער איז שוואַרץ געווען? צו האָב איך איהם דען אויף שוואַרץ געפאַרבט? — — — אַ קינדערשע נאַרעשקייט, אַ מעשה מיט אַ בת מלכה, אַ שלאָס, אַריעז און חנה... אָט אַזוי ווערט דאָס אַ מענש געבוירען אויף דער וועלט, קומט אָן פון ערגעץ אַ ווייטקייט, שפּאַציערט זיך דורך אויף דער וועלט, טרוימט, פלאַנט, בויט — — — און אַזוי לעבט ער און לעבט, ביז ער טראָגט זיך אָפּ ערגעץ אַהין אין רוים, אין דער ווייטקייט אַריין. — — — — — — און צו וואָלט דען געווען בעסער חתונה האָבען און געבוירען קינדער, — קינדער וואָס זאָלען וואַקסען פאַר אָט דעם ריעז פון שטאָהל און אייזען? און זיי וואָלטען געווען ניט קיין אידען און ניט קיין גוים. זייער אייגענע שפּראַך וואָלט ביי זיי דער ריעז צוגענומען און וואָלט זיי דערפאַר געגעבען מיטלען געגען קינדער האָבען — — — און אָט דער רעדאַקטאָר בערגער, וואָס האָט איהם ערשט נעכטען אָנגעבאָפּט מיט טענות: —„וואָס ווילט איהר נאָך אַלעמען האָבען מיט אייער מאָראַל פּרעדיגען?" „אָט דאָ ניט לאַנג צוריק איז צו מיר אין רעדאַקציע געקומען אַ יונג ווייבעל און איבער אייך געוויינט מיט ביטערע טרערען". „נאָכדעם ווי זי האָט אייך געהערט דרשנען... האָט זי, נאָך איהר מיינונג, גענומען פערשטעהן, אַז זי האָט די גאַנצע צייט געזינדיגט מיט איהר אייגענעם מאַן. איצט אָבער פיהלט זי, אַז זי קאַן ניט ווייטער.... געהן האָבען קינדער קאַן זי אָבער ניט „אַפאָרדען", ווייל דער מאַן איז אַן אָרימער אַרבייטער" און ס'האָט מיר גענומען אַ היבש ביסעל צייט ביז איך האָב זי געבראַכט צוריק צום

שכל — — — אָבער ס'איז נאָך אַלעמען זעהר ניט פיין פון אייך, געהן צו פערפינסטערן יענעם דעם לעבען. וואָס מאַכט אייך אויס, אז מענשען האָבען הנאה...״ און איבער דעם רעדאַקטאָר'ס לעצטער צינישער בע־מערקונג קומען ברוך'ן באַלד אַרויף אויף'ן זינען לאה און נחום, וואָס האָבען שוין לאַנג חתונה געהאַט, וואוינען צוזאַמען און האָבען קיין קינדער ניט. און ווי אומנאַטירליך לאה איז געוואָרען!.. איהר גאַנצער אויסזעהן און איהר שטענדיגער אונטערשמייכלען — — — אַזוי ווי זי איז עפּעס אַלעמען שולדיג — — — וואָסער אַ מאָדנע שטראָף עס איז אָט דער שמייכעל, וואָס בעוויזט זיך ביי פרויען נאָכדעם ווי זיי הערען זיך אויף צו פּיהלען ריין, נאָכדעם ווי זיי זיינען מיט זייערע מענער צוליעב גאָרניט! — — — כאָטש קיינער דאַכט זיך האָט צו זיי קיין טענות ניט, און זיי אַליין מיינען, דאַכט זיך, אויך, אַז זיי זיינען אין גאָר ניט שולדיג, נאָר זייערע אויגען פערליערען די מעגליכקייט צו קוקען נאַטירליך פאַר זיך — עס פעהלט זיי אויס רוים — שמייכלען זיי — — — עפּעס אַ פּוסטקייט בעוויזט זיך פאַר זייערע אויגען — שמייכלען זיי — — — עפּעס וואַרגט זיי — און זיי שמייכלען — — און ווי לאַנג לאה האָט איהם שוין ניט געבראַכט קיין בלומען! — — אָבער — טראַכט ברוך ווייטער — אויב זי וועט דורך אַ צופאַל אָנהויבען שוואַנגערען, וועט זי געווים צוריק ווערען נאַטירליכער, הארציגער, פאַר איהרע אויגען וועט זיך ווידער בעווייזען אַ רוים, אַ ווייטקייט און דאַן וועט זיך איהר אפשר ווידער פערוועלען בריינגען ברוך'ן בלומען — — — אוןביילקע איז אוועק. וואו? ווער ווייס? — — — חנה האָט ניט געקאַנט פערטראַגען ביילקעס ריינקייט, ביילקעס שעהנקייט, און ביילקע האָט ניט געקאָנט און ניט געוואָלט פאַרטראָגען חנה'ס אייפערזוכט — — — זי איז ערגעץ אוועק און דער בלאָסער בינעם איז פון דאַן פערפאַלען געוואָרען! אַך, קינד! ווי לויטער געלויטערט דו ביזט. און דו, חנה? דו שמייכעלסט נאָך אַלץ?.. מיין חנה, מיין גוטע, שלעכטע חנה.

און אָט איז שוין זייער הויז. ער הויבט זיך אויף אויף די טרעפּ, קלאַפּט אָן אין טהיר. חנה קומט איהם אנטקעגען:

— אָ, ברוך! אַזאַ גאַסט! אַזאַ לאַנגע צייט! וואָס איז דאָס מיט אייך געוועזן?!

עפּעס האָט ער דערויף געענטפערט — — — האָט אויפגעהויבען

די אויגען, — און דערזעהן פאר זיך איהר אויסגעצויגען־פערפלעקט פנים מיט די צוגליהטע, גרויסע אויגען... און אז דער קנויל פון איהרע האָר איז אזוי נאכלעסיג פערדרעהט אויף א זייט... מן הסתם דיענט ניט איי־נע פון איהרע הענט — יאָ, די רעכטע האנט, דאכט זיך, הענגט טאקע ווי א געליימטע — — —

— חנה!..

האָט זי מיט אמאָל אָראָפּגעלאָזט די ברעמען און זיך דערמאָהנט:

— מאקס איז אין דרויסען, אויף'ן דאך — — —

— חנה! — — —

האָט זי אויפגעהויבען די ברעמען און א שמייכעל געטהון. — — —

—חנה!

איז איהר שמייכעל נאָך שארפער געוואָרען, דאכט זיך, ניפּטיגער. און אזוי שמייכלענדיג האָט זי זיך אויסגעדרעהט, איהם איבערגעלאָזען אין מיטען צימער און איז הינקענדיג אוועק צום פענסטער. — — —

— חנה, חנה! — האָט אין איהם אויסגעשריען — — און פאר וואָס זיינען דיינע האָר אזוי שרעקליך צושויבערט? חנה! און פאר וואָס שמייכעלסטו אזוי? פאר וואָס טהוט עס דיר אזוי פיעל הנאה, דיין שרעקליכער אויסזעהן? און פארוואָס הינקסטו? חנה! צו איז דאָס טאַ־קע אמת, אז דו ביזט אין געפאהר געליימט צו ווערען? און פארוואָס שמייכעלסטו דערביי פונקט ווי די וואלסט צובראָכען ניט זיך, נאָר עפּעס מיינע א זאך? — — —

און ער איז ארויס און ארויף צו מאקסען.

— וואָס איך זעה! — ברוך! ברוך! ווי קומט דאָס? אזא לאנגע צייט?! זעץ זיך. אָט איך טראָג פאר דיר ארויס א ביינקעל. אי־אי־אי אזא־א גאַסט.

ווען זיי האָבען זיך געזעצט, האָט זיך מאקס גענומען קלאָגען:

— אַן אונגליק! אויף מיין וואָרט. מען זעהט קיין לעבעדיגען מענ־שען אין די אויגען ניט אַן! און פרעג וואָס? — האָב איך דען ווען שלעכטס געטהון? אויף'ן שטייגער, דאכט זיך, אלע מאָל געוועזן א גוטער ברודער, יעדען דער בעסטער פריינד און איך וויים? אדרבא, זאג דו אליין — פאר וואָס זאָל מען צו מיר ניט אריינקומען, פארוואָס מיידען אונז אלע אוים אזוי ווי א — איך וויים וואָס? — — — אָט למשל דו אַליין,

איך ווייס — — — דאכט זיך, די בעסטע, גוטע פריינד. נון. — — — — נאָר גאָרניט. אזוי איז דאָס. ס'איז נאָר א פערדראָסיגע זאך. דו פער־שטעהסט? צוליעב וואס לעבט א מענש — ניט קיין פריינד, ניט קיין בעקאַנטע, ניט גאָר ניט — — — גלאט אזוי אין דער וועלט אריין? —

די ווערטער נעהמען פאלען אויף ברוך'ן ווי שווערע שטיינער, ער פּרואווט זיך פערענטפערען, גיט איהם צו פארשטעהן, אז עס דאכט זיך איהם נאָר אזוי, אז ער קוקט זיך איבערהויפּט צו פיעל צו, צו אזעלכע נארישקייטען. ס'איז דאך אמעריקא. מענשען האָבען קיין צייט ניט. — — — און וואָס איז גלאט דער קומען? עפּעס רעדט ער דאך גלאט ווי אקינד. — — —

און עס ציהט זיך אזוי אוועק זייער געשפּרעך. און מיט יעדען וואָרט און מיט יעדען פינטעל פון אויג ווערט אלץ נאכטיגער, פינסטע־רער און די שטימען נעהמען קלינגען אלץ פער'חלום'טער, הארציגער, און ווי מיט אן אָנגעשפּאָלטענעם אָפּקלאַנג — — — און די לופט ווערט אלץ פולער און פולער מיט פארנאכטיגע קינדער־ליעדער. דאָס האָט דער גרויסער ניו יאָרק אויסגעשאָטען זיינע יונגע קינדער אין זיינע טיעפע, שטיינערנע גאסען, צושטעלט די מיידלאך אין קלענערע און גרעסערע רע־דער און זיי זינגען איהם אמעריקאנער פאָלקס־ליעדער. טראָגען זיך די ליעדער פון פיעלע יונגע העלזער. און וואָס דונקעלער עס ווערט דער דרוי־סען, אלץ ערנסטער, פערבענקטער ווערען די געזאַנגען. אלץ פולער ווערט מיט זיי די לופט. די לופט שפּינט זיך איבער מיט א נעץ פון אונשולדיגע פאָלקס־ליעדער, און ברוך'ן דאכט זיך, אז, אָט־אָט, רייסט זיך אָפּ די נעץ — — — און עס נעהמט רעגענען מיט ליעדער.

„חברה שקצים" פער'גנב'ענען זיך פון מאָל צו מאָל, רייסען זיך פלוצלונג אריין אין א ראָד, די מיידלאך ווערען כלומר'שט צושראָקען, צו־לויפען זיך מיט א קוויטשעריי. עס דערהערט זיך א קריגען פון קינדער מיט קינדער. אין מאקסען ציטערט דערביי אויף עפּעס א געפּיהל: — קינדער!... אָט... ווי די קינדער וואָלטען, זיך קריגענדיג, צו איהם ארויפ־געשריען: — אָט זעה, מיר זיינען קינדער. אזוי פיעל קינדער — — — — און באלד ווערט די ראָד אויפ'ס ניי געשלאָסען און עס ציהען זיך ווידער די קינדערשע געזאַנגען. און די לופט ווערט פון זיי, ווי מיט גאָלד גע־שפּינען.

אָט װערט שױן גאָר טונקעל. און נאָר אַנדערש צוזינגען זיך די מײד־לאַך, די פֿערשײטע אינגלאַך פֿערלירען דעם חשק זײ צו שטערען — — —
א טײל נעהמען מיטזינגען, אַנדערע — האָבען פּלוצלונג פֿון ערגעץ גע־בראַכט צו שלעפּען, מיט גרױס פּאַראַד, אַן אַלטע מאַטראַץ, איהם צולײגנט אין מיטען גאַס, בעגאָסען מיט קעראָסין און אונטערגעצונדען עם פּראַלט אַרױף אַ רױטער פֿײער, עם שפּריצען פֿונקען. און באַלד האָבען חברה נאָך ערגעץ אַ הילצערנעם קאַסטען בעקומען, איהם אין שטיקער צובראָכען און נאָך אָפּײער צולײגט. די פֿײערען שפּרינגען אױף און שפּיעגלען זיך אױס אין די פֿענסטער פֿון די נידעריגע עטאַזשען. קינדער זינגען און שפּרינגען אַרום די פֿײערען. — קינדער! אַזױ פֿיעל קינדער — — —
ברוך און מאַקס זײנען װי פֿער׳כשופֿ׳ט, פֿערװױענט געװאָרען. דאַכט זיך, דער דאָך, די הױז, האָט זיך אָפּגעריסען, שװימט, שװימט מיט זײ איבער דער נאַכט, װי איבער אַ ים, אַ שװאַרצען — — — און רעיונות שװערע, פֿערבײנקטע קריכען אין קאָפּ, פֿרעסען דאָס הארץ.
מאַקס טענה׳ט נאָר עפּעס אַזױ... אױטאָמאַטיש. ער טענה׳ט װעגען דעם, װי קלוג ברוך האָט דאָס דורכגעפֿיהרט דעם סטרײק: — — — דאָס איז דאָך געװען אַזױ קלוג, אַז די „באָסעס" קאָנען זיך ביז נאָך איצט ניט אָפּחידושען. און איך װײס.:. עפּעס גאָר אַ קלײניגקײט אױסצורעדען! — בעטראַכט נאָר אַלײן — אַזױ פֿיעל אַרבײטער און זײ האָבען דאָך שױן די לעצטע צײט גענומען אונטערעדען, אַז דו ביזט אַן אונטערגע־קױפֿטער פֿון די „באָסעס" אױף מײן װאָרט. און איך װײס — — — ס׳האָט דאָך געהאַלטען בײ איך װײ װאָס? — — — און הײנט װאָס פֿאַר אַ יוניאָן מיר האָבען דאָס איצט! ס׳איז פּשוט אַ פֿערגעניגען, אױף מײן װאָרט. און איך װײס? — מען זאָגט, אַז דו װילסט גאָר איצט אַװעקפֿאָהרען, דאָס איז דאָך טאַקע פּשוט אַ פֿערדראַסיגע זאַך. איך מײן אדרבה, בערעכען נאָר אַלײן — — — און װאָס איז גלאַט דער „פֿאָה־רען"? אדרבה, בעטראַכט זיך אַלײן. און ביז װאַנעט איז דער שיעור ניט קאָנען אײנזיצען אױף אײן פּלאַץ? און װאָס איז דער תּכלית? הערסט, ברוך, אױף מײן װאָרט — — — נאָר װאָס איז שײך? — — — איך װײס. איך מײן, נאָר גאָר ניט, אַ? — — —
מאַקס שטימע װערט דאַכט זיך װי פֿערשטיקט.
ברוך הערט און הערט ניט. — און טראַכט — — — און אָט דער־

מאַהנט זיך בריף, אז ווען ער האָט נאָכגעקוקט חנה׳ן, ווען זי איז מיט איהר שמייכעל אוועק צום פענסטער, האָט ער דערזעהן זיין געשטאַלט אין שפּיעגעל. — זיין געשטאַלט שטעהט נאָך דאָרט און וואַרט.... — זיין געשטאַלט איז נאָך דאָרט פערבליעבען, אין צימער מיט איהר — — — און ברוך גיט א שמייכעל צום געשטאַלט. דאָס געשטאַלט פערשטעהט איהם און ענטפערט אָפּ מיט א שמייכעל און פערלאָזט גלייך דעם שפּיעגעל און געהט שמייכלענדיג צו צו חנה׳ן, ווי זי שטעהט אזוי פערטראַכט ביים פענסטער און קוקט ארוים צו דער גאַס, צו די קינדער... און דאָס געשטאַלט נעהמט ארום איהר קאָפּ, בויגט איהם צו צו זיך און קושט איהם.

— חנה! חנה׳קע! וואָס טראַכטסטו אזוי פיעל? וואָס מאַכסט זיך נאַריש? ביזטו דען א שלעכטע? דו ביזט דאָך א גוטע. דו ביזט דאָך מיין גוטע חנה׳קע.

חנה! אלע מאָרגען, ווען איך שטעה אויף, אלע נאַכט, ווען איך לייג זיך, זאָג איך צו זיך: „דאָס, וואָס דו האָסט געוואָלט האָבען, פון וואָס דו האָסט זיך אָפּגעזאָגט, וואָס מען האָט ביי דיר צוגענומען, בלייבט אימער און אייביג דיינס. עס לעבט, וואַקסט און צובליהט זיך אלץ ליעבער און שעהנער פאַר דיר.

ליעבע? — איז דער גרעסטער ליגען, וואָס די וועלט פערמאָגט.

ליעבע? — איז דער שעהנסטער ליגען, וואָס די וועלט פערמאָגט.

ליעבע? — איז א נאַשעריי אין א פּאַסטקע.

און דער וואָס וויל די נאַשעריי, זאָל צו איהר ניט צוגעהן נאָהענט. זאָל ער בעסער פאַר וועהטאָג מיט די אייגענע ציין דאָס אייגענע האַרץ בייסען.

דער, וועמעס מאַרך איז גרעסער ווי ביי א מויז, זאָל ניט צוגעהן צו דער נאַשעריי גאָר נאָהענט.

מען דאַרף קאָנען זיין ווייט. מען דאַרף קאָנען זיין גלייכגילטיג.

חנה׳ס אויגען נעהמען דערביי שפּריצען מיט שמייכעל און גיפט. און זי שרייט אויס:

מען דאַרף קאָנען ניט מורא האָבען פאַר׳ן לעבען. מען דאַרף קאָנען ניט זיין קיין פייגלינג! מען דאַרף קאָנען ניט זיין קיין פייגלינג!

— יאָ, חנ׳קע! ביזט גערעכט, מען דאַרף קאָנען ניט זיין קיין פּייגלינג. מען דאַרף קאָנען זיין אליין — — — מען דאַרף נאָר קאָנען, אָהן מורא קוקען דער אייביגקייט גלייך אין פּנים אריין. דאַן הערט מען אויף צו זיין איהר קנעכט, דאַן ווערט מען איהר גלייכען.

עס קלינגען אין פענסטער אריין קינדער־ליעדער; — וואָלסטו כאַטש איין ליעד געהערט, וועלכע דיין מאַמע האָט געהערט פון איהר מאַ־מען — — — חנה!.. און די קינדער זיינען דאָך דערפאַר ניט אנגע־קניפּט אין די מאַמעס. און עפּעס וועט דאָך ד׳ערפאַר אין זייערע הער־צער בלייבען ניט צוואַווארעמט... און וואָסערע מאַמעס וועלען אָט פון די קינדער אויסוואַקסען? — מאַמעס, וואָס קייען „טשואינג־גאָם“, ווען זיי זויגען דאָס קינד, מאַמעס, וואָס קייען „טשואינג־גאָם“... און וויפיעל פון אָט די קינדער זיינען דאָס געבוירען געוואָרען דורך א צופאַל? — טאַ־טע־מאַמע האָבען ניט געוואָלט, נור עס האָט געטראָפען אַן אונגליק...

חנה׳ס אויגען גלאַנצען פּלוצלינג אויף: — זי וועט איהם טרעפען אזוי, אז ער וועט אזש פערציטערט ווערען פון וועהטאָג! — זי וועט איהם פרעגען:

— פאַר וואָס ווילסטו ניט געדענקען דיין מאַמען?.. דיין... וואָס?

— דו ביזט א העלד? — האָסט א שטיינערנע האַרץ און אַן אייזערנעם ווילען ניט צו טראַכטען וועגען זאַכען, פון וועלכע דו ווילסט ניט! דו קאָנסט געהן א ר ו ם דער פּאָסטקע? קאָנסט מיט די אייגענע ציין דיין אייגען האַרץ בייסען? כאַ־כאַ־כאַ! — מיט די אייגענע ציין דאָס אייגען האַרץ בייסען, כאַ־כאַ־כאַ! — — —

אָבער זי הויבט בלויז אויף אויף איהם איהרע גרויסע, צוגליהטע אוי־קען, קוקט איהם אָן א ווייַלע און ניט א שמייכעל.

דאָס געשטאַלט בעמערקט דאָס, פערשטעהט וואָס דאָ האָט געזאָלט קומען, אבער... — דאָס קוקט זי דאָך אזוי אויף זיינע גרויע האָר אין קאָפּ, — דאָס איז נאָר ניט. זי געדיינקט דאָך נאָך דאַן אין דער היים, ווען ער איז פּלוצלונג אין איין נאַכט גרוי געוואָרען— — — יענע נאַכט... ביי איהר אין צימער, נאָך האַלב נאַכט. דאָס לעמפּעל האָט געברענט אזוי טונקעל — — — און ער האָט אָהן אויפהער געשפּאַנט איבער׳ן צימער א שטומער, א שטומער. זי האָט מיעד איינגעדרימעלט אין די קליידער, זיצענדיג אין שטוהל. אז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי פּלוצים דער־

זעהן, עמיצער אַ הויכער, אַ גרויער שפּאַנט אום איבער׳ן צימער!... ברוך! — שרייט זי אויס. געהט צו איהר צו אָט דער הויכער, אָט דער גרויער — — — זי דערקאַנט איהם — — שפּרינגט אויף פערצווייפעלט און פאַלט איהם אויפ׳ן האַלז. — ברוך! ברוך! ברוך! — און ברוך שווייגט, ער מיינט: מן הסתם האָט זי ערשט אין חלום דאָס שרעקליכע אומגליק געזעהן... נאָר אָט דערזעהט ער זיך אין שפּיעגעל און ציטערט אויף, ווי די הויט וואָלט איהם גענומען שטיינערען... און אין אַ ווײַלע ארום זאגט ער פערביסען: ניש־קשה, אַ אידען פּאַסט אזוי — אידען דאַרפען געבוירען ווערען גרויע, גרויע — — —

אויסגעקראַכען זיינען אין אַ צייט ארום זיינע האָר און ווידער איז דער קאָפּ שוואַרץ געוואָרען. איצטער אָבער קלייבען זיך די גרויע האָר נאָר אויף אַן אַנדער אופן — איינציגווייז — — — אָט זי קאַן אריינ־לייגען די האַנד אין קאָפּ און זיי איבערצעהלען. און ער קלייבט זיך אויפ׳ס ניי פאָהרען אין דער וועסט. צו ווייס זי דאָס? איהם פלעגען דאָרטען ליעב האָבען די פערד, די עזלען. טאָמער פלעגט אַן אַנדער ארבייטער פערמולירען אַ פערד, אַן עזעל, פלעגט איהם דער בעל הבית אוועקנעהמען פון יענעם ארבייטער און איהם איבערגעבען צו ברוך׳ן אין אַקער. ביי ברוך׳ן פלעגט ער זיך היילען — — —

— וואָס, דו שמייכעלסט נאָך אַלץ? — — חנה׳קע! דאָס איז דאָך שלעכט פון דיר. דו מיינסט: איך אַנטלויף... גלויבסט — איך בין בעזיעגט, חנה. איך בין דאָך אַן עביגקייט. פון מיר געהט דאָך קיין זאַך ניט פערלאָרען — — — נו, זאָל שוין זיין גענוג. זעץ זיך אוועק. אָט אזוי. איך צולאָז דיר דיינע לאַנגע האָר. איך וועל זיי דיר פערקעמען אזוי, אז דער קנויל זאָל ליגען אויפ׳ן ריכטיגען פּלאַטץ. עס זאָל זיין אזוי ווי דו האָסט ליעב. דו מיינסט, אז דו ביזט שוין מעהר ניט שעהן?... פאַר וואָס מיינסטו אזוי שלעכט? — דו געדיינקסט דאָך נאָך דאָס פאַרביגע איי, מיט וועלכען מיר האָבען זיך אַמאָל געשפּיעלט? — צועפענט מען דאָס גרויסע, רויטע איי, ליגט אין דעם אַ קליין איי פון אַן אַנדער פאַרב, צועפענט מען דאָס אַנדערע איי, ליגט אין דעם אַ קליין איי פון נאָך אַן אַנדער פאַרב, און אויך דאָס איי צועפענט זיך! און אזוי אַלץ ווייטער און ווייטער — — — און ווען עס האָט זיך אביסעל אָפּגעריבען דאָס פאַרב פונ׳ם ערשטען, גרויסען איי, איז וואָס? — — — מיר האָ־

בען דאָך אבערביידע געוואוסט, אז אין דעם ליגט א גאנצער אוצר פון שעהנע, ריינע אייער — — — אייער, אייער און אייערלאך.

און ווען כ'האָב אַמאָל פלוצלינג גענומען און פאר דיר אין די אויגען אריינגעווארפען דאָס איי אין פייער — — — ווי דו האסט דאָס אויף מיר אנגעשטעלט א פּאָר ווילדע אויגען! האסט זיך באלד צואוויינט און אין מיטען געוויין אוועקגעלאָפען מיך קלאָגען צו דער מאמען. אָבער איך? — פון מיר געהט דאָך קיין זאך ניט פערלוירען — איך האָב דאָך נאָך ביז איצט יענע איי און יענע חנה'קען. איך פערמאָג דאָך א גאנצע משע־רעדע מיט חנה'ס, חנה'ס און חנה'קעס — — —

---

די הויכע גאסען לויפען אהער און אהין, מענשען געהען אויף און אפּ. יאָגען זיך, כאַפּען פרישע לופט און הויך איבער זיי צינדען זיך די עלעק־טרישע לאָמפּען. צינדען זיך ציטערדיג ווייסע, בלאַסע, און לויפען אוועק אין גלייכע שורות אין דער נאכט, איבער די טיעפע, לאנגע גאסען. און — פלאַטערען ציטערדיג איבער די קעפּ, איבער די פּנים'ער... און איבער מויערען און דעכער צינדען זיך אָן פערשיעדענע עלעקטרישע אויפשריפ־טען און בילדער — אַט פלאַטערט אויף א גאָלדענער אָדלער, מיט ווייט צושפּרייטע פליגלען. און אַט א שטערען, וועמעס שטראהלען עס צינדען זיך און פערלעשען זיך, פערלעשען זיך און צינדען זיך ווידער אָן. און די אויפשריפטען, און די בילדער, ענדערען אָפט זייערע קאָלירען — אַט ברענט שוין דער הויכער טורעם, וואס קוקט אריבער אלע דעכער. — דער גאנצער טהורם איז ווי פון פייער געבויט, איז ווי א זעהונג. אויף זיין העכסטען שפּיץ פלאַטערט א ווייסער פלאַג: דער שיין פון א רעפלעקטאָר נעהמט דורך דאָס ווייסע געוועב און עס שטראהלט גאנץ הויך אויף דעם טונקעלען, אויף דעם שווארצען הימעל, ווינקט און רופט — — — און פלאַטערט, פלאַטערט — — — דאָ און דאָרטען אויפ'ן מיטען די גאסען ברענען קינדערשע פייערען, די קינדער מארשירען ארום זיי, פּויקען אין אַן אלטער, בלעכערנער שיסעל און זינגען — — — ערגעץ האָט איין קופּע פייער אויפגעהערט צו געבען פונקען — — — פאלט א אינגעלע אויף א פּלאַן: זוכט ערגעץ אויף א שטיין, קומט צו נאָהענט צום פייער, הויבט אויף דעם שווערען שטיין מיט זיינע ביידע הענטלאך איבער'ן קאָפּ. ציהט זיך אויס און שטעהט א רגע פערשפּיעגעלט מיט רויטען שיין, און ווערט

לענגער און דינער. און אָט טהוט ער האסטיג א שלײדער דעם שטײן אויפ'ן פײער, און עס שפרינגט אויף א גאנצע זײל מיט גאָלדענע פונקען! אלע איבריגע קינדער זײנען פון דעם שטארק צופריעדען, און אלע װערען זײ מיט אמאָל אָפּגעגאָסען מיט א רויטליכען, גאָלדענעם שײן, און אלע נעהמען זײ דאן אויסזעהן װי קלײנינקע רויטע מענשעלאך און זײ קלאַפּען: — הוריי! — — — און נעהמען זיך נאָכטהון דעם אינגעלע...

און חנה שטעהט אלײן בײם פענסטער. קוקט צו די קינדער און זעהט — — זעהט און זעהט, אָהן אן אנהויב, אָהן א סוף — — — קינדער, קינדערלעך — — — און אָט בעװײזט זיך פאר איהר א קלײן קינדעלע, א שטילענקעס — א פערבלוטיגס — — — מיט נאָך פערמאכטע אויגעלעך — — — קוקט זי אויף דעם — — — קוקט און שמײכעלט — — —



## II. אין דער פורפורנער שיף.

דאָרטען לאָזען זיך די גאסען אראָפּ צום וואסער. פון מאָל צו מאָל שווימט דורך א פעררי־שיף און איהרע גאלדענע שורות פענסטער, שפיגלען זיך אויס צושווימען איבער׳ן וואסער — — — דער גאַנצער אַנטקעגענדיגער ברעג איז פערשאָטען מיט עלעקטרישע פייערען — פייערען — לבנות. פייערען — זונען. עס ציהען זיך פון זיי ציטערדיגע, זילבערנע און גאלדענע פאסען, וואס שטראַהלען אריין אין וואסער און שטראַהלען ארויס פונ׳ם וואסער — פאהרט פערביי א פעררי־שיף מיט איהרע גאָלדענע שורות פענסטער, שלאָגט זיך נאָך איהר אויף אַ רוישיגער שוים, דער שוים יאָגט זיך נאָך דער שיף מיט כעס. עס כעס׳ט זיך דאָס וואַסער, פאַר וואס די שיף צושטערט איהר די שטראַהלען, די לבנות, די זונען —

פון מאָל צו מאָל פראַלט דאָרט אויף א רויטער גאַז־פלאם, דער פלאַם שטראַלט ארום זיך אויס אַ גרויסען ראַנד. דער רויטער ראנד צושפּיעלט זיך איבער א פעלד פון דעכער און מויערען, וואס זיינען פון דער נאכט פערשלונגען — — — די שטראַהליגע רויטקייט בעגעגענט זיך מיט רויכען פון הימעל־הויכע קוימענס. די רויכען בויגען זיך, קנייטשען זיך חן׳עוודיג, שפרינגט די רויטקייט צו צו זיי, נעהמט זיי אלע ארום, רוימט זיי עפּעס איין, צושמייכלען זיי זיך אלע, ווערען רויט... און נעהמען זיך קנייטשען נאָך חן׳עוודיגער — — — די רויטקייט גיט זיך מיט אמאָל אַ שפּיעגעל אינ׳ם וואסער — בעוויזט זיך א פורפורנע שיף, פורפורנע זעגעל, א פערפלאָמטער רויך — — — די פורפורנע שיף כאַפּט אויף ברוך׳ן

און פיהרט איהם אוועק גלייך אין דער וועסט. דארטען האָט ער זיך זיין פּארעם שוין לאַנג, שוין יאהרען לאַנג.

אלע מאָל — פריהמאָרגען אדער פארנאכט, ווען עס צושפּיעלען זיך די זונען אויף דעם ווייטען הימעל ראַנד און די גאַנצע סטעפּ — ווייט און רונד — זעהט אויס ווי א גאָלדען לאַנד, ווי א וואונדער לאַנד, פאָהרט ברוך דאַן אויף זיין גראָב־מאַשין צו אויף זיין שנייד־מאַשין, קלאַפּען זיך שטיקער אייזען אן אייזען און רעדען צווישען זיך האלב־ווילד, אלע אויף איין מאָל — — — און אויפ׳ן גאָלדענעם פעלד שפּיעלען זיך חנה׳ס חנה׳קעס — גאַנצע טשירעדעס — — — אז חנה איז נאָך גאָר יונג געווען זיינען דאָך איהרע האָר געזען כמעט בלאָנד, זיינען אויפ׳ן פעלד אויך דאָ עטליכע בלאָנדע חנה׳קעס — — — ווי גוט עס איז אפּצואַרבייטען דעם טאָג אויפ׳ן פעלד שווער, פיהלען דעם טעם פון געזונטע, שטאַרקע בעוועגונג! ס׳אַרא ברייטער, ס׳אַרא אונבעגרענצטער גליק, צו געניסען צופריעדען פון אָט דער שווערער מיעדקייט! און דערצו נאָך צו זעהן פּאַר זיך אזוי פיעל חנה׳ס און חנה׳קעס, וואס שפּיעלען זיך איבער דער ווילדער ווייט, צווישען די זונען, מיט די זונען — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס קומט אן א הערבסט.

ער איז שוין אַלט, אויסגעמאַטערט.

די פייכקייט עסט זיך איין אין די ביינער. און פון אלע חנה׳ס בלייבט בלויז איינע — די לעצטע מיט׳ן פערשווארצטען פּנים, מיט די אויסגעטריקענטע באַקען, מיט די צוגליהטע אויגען, מיט איהר שמייכעל... און אין חלום זעהט ער אָפּט זיין אייגען געשטאַלט — — — דאס געשטאַלט איז נאָך יונג — — — שווארצע האָר, פערקאַמט אויף א זייט הענגען אריבער דעם הויכען, ענערגישען שטערען — — — און דורכדריגענדע שאַרפע אויגען, זיי קוקען שאַרף פאַר זיך און טיעף אין זיך — — — די האלב־רונדע, שווארצע ברעמען געהען זיך פער׳עקשנ׳ט צונויף איינער צו איינע — — — הויכע ברייט־צוואוואקסענע אקסעל, דיקע ליפּען מיט א ליידענשאַפטליכען, קלוגען שמייכעל, קוים וואס עס שפּראַצען וואָנסען — — —

און ווען דאס געשטאַלט קוקט אויף איהם, ליגט ער — ברוך — אין

בעט אן אויסגעצויגענער, מיט ברייט צעפּענטע אויגען, און האָט זיך מורא א ריהר טהאָן.....

עס בעווייזט זיך באַלד חנה׳קע, אין איהר ברוינעם גימנאַזיום־קלייד, די געשטאַלט צעפּענט פאַר איהר ברייט די הענט, נעהמט זי ארום, בע־האַלט זי אין זיך —

„זיי" שפּיעלען זיך, קושען זיך. זייערע ביידענס אויגען פּערציהען זיך מיט א פייכטקייט, צושטראַהלען זיך פון גליק. אָט פלעכט זי איין איהר קלאָהר ווייס הענטעל אין זיינע שווארצע האָר. אָט כאַפּט ער זי אויף די הענד, גיט זי א הויב העכער פון זיין קאָפּ, דערזעהט זי אין בעט דעם „אַלטען" מיט די ברייט־צעפּענטע אויגען, דערשרעקט זי זיך, לאָזט ארויס א געשריי, שפּרינגט אראָפּ, רייסט זיך ארויס און אנטלויפט — —

בלייבט די געשטאַלט אליין און זי דרעהט זיך צוריק אוים מיט׳ן פּנים צום בעט און נעהמט זיך קוקען אויפ׳ן אַלטען ברוך מיט אזא שאַרפ־קייט, אז עס גיט איהם א טרייסעל, און ער כאַפּט זיך אויף.

אין שטוב איז פינסטער. אין דרויסען רעגענט. מחנות ווינטען טראָגען זיך איבער דער וויסטער סטעפּ און שליידערען מיט כוואַליעס רע־גען. און צופוסענס זיצט חנה, ווי א בייזע מכשפה, קוקט אויף איהם מיט איהרע צוגליהטע אויגען און שמייכעלט — — —

— — — — — —

ווינטער.

א לויטערע נאַכט.

ברוך וואַרפט זיך דורך.

אין די פענסטער קוקט אריין א זילבערנע ווייסקייט, עס שטראַהלט אריין די שנייאיגע ווייט.

נאָר ניט ווייט פון די פענסטער שטעהט דער הימעל, א דורכזיכטיג־בלויער, א פערשטערענטער — — —

עס דערהערען זיך קרעפטיגע, יונג־קלינגענדע שטימען, א געלעכ־טער — — —

באַלד עפענט זיך אויף די טיהר, עס קומען אריין זיין געשטאַלט און חנה. ביידע פאַלען אריין אין די שניי־שיך, פרישע, אָנגעפּראַסטיגטע, מיט פלאַמיגע באַקען, שטראַהלענדע אויגען:

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

— כאַ־כאַ־כאַ!

— ווער איז א נאר? — פרעגט די געשטאַלט, אראָפּנעהמענדיג פון זיך די שניי־שיך.

— דו — ענטפערט זי.

— פאר וואָס בין איך אַ נאר?

— דערפאר וואס דו האסט זיך געיאָגט נאָך די שטרערען....

— הערסט! אז דער הימעל לאָזט זיך פאר אונז אראָפּ אזוי נאָ־הענט, אז עס דאַכט זיך: נאָר נאָך אביסעל, נאָר נאָך עטליכע שפּאַן און דו ביזט שוין מיט דיין חנה׳קען צווישען הימעל און שטערען, צווישען הי־מעל און שטערען.

— און דו נעהמסט און שפּאַנסט.

— און חנה׳קע מיט מיר.

— און דער הימעל מיט די שטערען?

— טראגט זיך פון אונז אָפּ אלץ ווייטער און ווייטער.

— כאַ־כאַ־כאַ!

— כאַ־כאַ־כאַ!

— ווער איז קלוג? — פרעגט די געשטאַלט, אראָפּנעהמענדיג פון איהר די שניי־שיך.

— איך, — ענטפערט זי צופריעדען, קינדעריש.

— פאר וואס עפּעס דו גאָר?!

— דערפאר וואס איך האָב געזאָגט: קום צוריק, וועסטו זעהן ווי דער הימעל מיט די שטערען וועט אונז נאָכשפּאַנען.

— פאר וואס־זשע קומען זיי איצטער ניט צו צו אונז?

— ווייל, — ענטפערט זי, — ווייל זיי האָבען מורא, אז ווען זיי וועלען נעהמען געהן, וועלען מיר ווידער אנטלויפען.

— כאַ־כאַ־כאַ!

— כאַ־כאַ־כאַ!

און איבערן פאַל נעהמען זיך קאטשען אייער פון פערשיעדענע פארב און גרויס. עס שלאָגען זיך צונויף עטליכע אייער, שלאָגען זיך אַלע מיט אמאָל אָן, איינע אָן די אנדערע, און עס דערהערט זיך אַ לאַך, און זיי קאַט־שען זיך אזוי אוועק צוזאמען, ווי זיי וואָלטען וועלען נאָכמאכען איהר גע־לעכטער — — —

און אַט כאַפּען זיי זיך אָן פאַר די הענד און נעהמען זיך דרעהען אין טאַנץ:

— טיראַראַ, טיראַראַ, טראַטאַראַ!

— טראַמטי, טראַמטי, טראַמטאַם טאַם!

באַלד פאַלט זי צו דעם געשטאַלט, וואַרפט ארום איהרע לאַנגע וואַרעמע הענט ארום זיין האַלז און הענגט זיך אויף איהם, טוליעט זיך צו איהם, ציהט זיך און ווערט אַלץ וואַרעמער, צוגליהטער, איהרע גרויסע אויגען זיינען פער'שכור'ט, האַלב אָפען, פערנעבעלט. קוקען זיי ארויף צום געשטאַלט, צו זיינע דיקע ליפען, צו זיינע שאַרפע אויגען, צו זיין שטערען, צו די שוואַרץ־ברענענדע האָר.

די געשטאַלט צערטעלט זי, גלעט זי, קושט זי, און זעהט דערביי, מיט זיינע ברייטע אקסעל צו פערשטעלען פון איהר דעם „אַלטען".

ברוך ציטערט אויף, ער הויבט זיך אויף אויף זיין געלעגער, צופּר־סענס זיצט חנה און שמייכעלט — — —

ער טהוט זיך אָן שטילערהייט, גנב'עט זיך ארוים פון הויז, אַזוי אַז „זיי" זאָלען איהם ניט דערזעהן — זיי זאָלען זיך ניט דערשרעקען. ער נעהמט מיט זיך קעראָסין, געהט מיט איהם איבער'ן ווייסען שניי צום שייער. נעהמט ארוים א לייטער, קריכט ארויף, בעגיסט דעם שייער פון אַלע פיער זייטען, בעזונדער זעהט ער, אז די ראָם פון ארייננאַנג זאָל זיין גוט בעגאָסען. ער וויל זיך שוין נעהמען אונטערצינדען, דערמאָהנט ער זיך אבער, אז די עזלען און דער פערד האָבען ניט גענוג שפּייז אויף מאָרגע־דינען טאָג. לויפט ער שנעל אוועק צום שטאַל, פערזאָרגט זיי מיט עסען. דער הונט פלאָנטערט זיך איהם צווישען די פיס, בינדט ער איהם דאָרט אָן. ער קומט באַלד צוריק צום שייער, צינדט איהם אָן פון אַלע פיער זייטען:

אויפ'ן טיהר פון הויז בעוויזט זיך חנה. קוקט אויף איהם און שמייכעלט:

— וואס ביסטו ארוים? — פרעגט ער זי.

— וואָס איז?

— איצט קאָנסטו דאָך שוין ניט אריין צוריק.

— פאַרוואָס?

— „זיי" האָבען פערנומען די בעט — — —

— און דו? — פרעגט זי און שמייכעלט.
— איך געה אין פייער.
— אין פייער?
— יא.
— נעהם מיך אויך מיט.
— דיך אויך?
— יאָ.
— קום.
ווי נאָר זיי קומען צו דער טיהר, צינדט זיך די ראָם פאַר זיי אָן.
— ס'אָראַ פייער! ס'אָראַ פייער, פייער, פייער! — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

ניו יאָרק, 12—1907.



## ערקלעהרונגען:

אבא אַסטראָווסקי — דער יונגער מאַלער, וועמעס דריי בילדער ווערען אין דעם בוך איבערגעגעבען אין ליכט דרוק האָט נאָך, אַלס שילער פון די קלענערע קלאַסען אין אדעסער קונסט שוהל, געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון מבינים. אויף אַ בילדער־אויסשטעלונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרען פאַר שילער פון די העכערע קלאַסען פון יענער שוהל, האָט מען אויך זיינע אַרבייטען אָנגענומען. די פרעסע האָט דאַן דעם יונגען אָסטראָווסקי בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט געשענקט.

אין יאָהר 1906 איז אבא אָסטראָווסקי אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס געהילפס דירעקטאָר פון דער וואַנדערענדער קונסט־אויסשטעלונג, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון דעם מאַלער רעזוואָדאווסקי, מיט דער אונטערשטיצונג פון דער פעטערבורגער קעניגליכער קונסט־אַקאַדעמיע. ער האָט אויך געשריעבען וועגען דער אויסשטעלונג אין איניגע רוסישע ציַיטונגען.

נאָך די אדעסער געשעהענישען האָט ער מיט זיינע עלטערען אויסגעוואַנדערט קיין ניו יאָרק.

---

דאָס איצטיגע צווייטע בוך „שריפטען“ איז פערגרעסערט אויף 4 דרוק־בויגען. אויסער דעם איז יעדע זייט פערגרעסערט אויף 2 שורות און דאָך איז, אויס מאַנגעל אין פלאַץ, אויסען געבליבען ר. אייזלאַנד'ס אַרטיקעל — „די בעלעטריסטען“ און נאָך אַ פאָר אַנדערע זאַכען.

---

די צייט האָט ניט ערלויבט צוצוגרייטען אַ פאָלשטענדיגען אינהאַלט פון דעם דריטען בוך.

אין דעם דריטען זאַמעלבוך ווּעלען, צווישען אַנדערעס, אַריינגעהן: אַ פאָעמאַ פון יוסף ראָלניק; סאַפאָ'ס ליעדער און פראַגמענטען — איבערזעצונגען פון מ. באַסין; שעקספּיער'ס סאָנעטען — איבערזעצונגען פון י. י. שוואַרץ; ר. אייזלאַנד'ס אַן ערצעהלונג פון נויאָרקער לעבען; אַן ערצעהלונג פון ה. געלבוים — אויך פון היגען לעבען. א. ראַבאָי האַלט איצט אין ענדיגען אַ ראָמאַן פון נויאָרקער לעבען. דער ראָמאַן (אויב ער וועט פאַרטיג ווערען אין צייט) וועט אַריינגעהן אין דריטען זאַמעלבוך „שריפטען“.

---

### אינהאַלט פון ערשטען זאַמעלבוך „שריפטען“ —

דוד איגנאַטאָוו — דער גבור; וואָלט וויטמאַן'ס „אַ גרוס דער וועלט“ — איבערזעצט פון י. י. שוואַרץ; ר. אייזלאַנד — די יונגע; זישאָ לאַנדוי — „דערנער“ און „מיידעלשע געזאַנגען“; מאַני לייב — פון די ליעדער „אבענד און נאַכט“; י. אָפּאַטאָשו — אַ ראָמאַן פון אַ פערד גנב; נאָטיצען: „אונזער קריטיק“, די „אַלטע“ און די „יונגע“, „דר. חיים זשיטלאָווסקי“, „ערקלערונג“.

אַדרעס פון דער רעדאַקציע „שריפטען“ איז:

DOVID IGNATOFF, 1647 Washington Ave., Bronx, N. Y.